אַרויסגעגעבן פון דעם

# הירשביין יובל קאָמיטעט (אויפבוי־גרופּע)

לאָס־אַנגעלעס, קאַליפאָרניע

אונטער דער רעדאַקציע פון:

ש. ניגער, רעדאַקטאָר

מ. עלקין, סעקרעטאַר

ניו־יאָרק, סעפּטעמבער, 1941



גערדוקט אין אַסטאָריאַ פּרעס, ניו־יאָרק

# פֿון דעם יובל קאָמיטעט

מיט טיפֿער פֿאַרערונג און ליבשאַפֿט צו אונדזער יובילאַר פּרץ הירשביין עפֿענען מיר מיט אָט דער קורצער הקדמה דאָס זאַמלבוך, געווידמעט זײַן זעכציקסטן געבוירנטאָג.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז מיר האַלטן פֿאַר אַ כּבֿוד צו זײַן די אָרגאַניזאַציע, אויף וועמעס גורל עס איז אויסגעפֿאַלן אונטערצוטראָגן די דאָזיקע מתּנה דעם יובילאַר ווי אַ צייכן פֿון אָנערקענונג פֿאַר זײַנע קנאַפּע פֿיר צענדליק יאָר אומדערמידלעכער דינסט לטובֿת דער יידישער ליטעראַטור.

אויפֿרעכענען אין אַ קורצער הקדמה אַלע אויפֿטוּונגען פּרץ הירשביינס פֿאַר דעם מאָדערנעם יידישן טעאַטער און פֿאַר דער יידישער ליטעראַטור, איז אונדז פֿאַרשפּאָרט. דאָס ווערט געטאָן אין דעם יובילײ־בוך גופֿא פֿון אָנגעזעענע פֿאָרשטייער פֿון דער יידישער ליטעראַטור און טעאַטער־וועלט.

מיר נעמען זיך בלויז די פּריווילעגיע צו באַגריסן דעם חשובֿן יובילאַר און זאָגן עטלעכע ווערטער פֿאַרוואָס די גרופּע „אויפֿבוי" האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו פֿײַערן דעם הירשביין יובילײ.

„אויפֿבוי" איז פֿאַר זיך אַליין ניט נאָר סתּם אַ נאָמען, נאָר אַ פּראָגראַם. מיר דערלויבן צו באַטראַכטן זיך אַליין, אין אונדזער באַשיידנקייט, ווי אַ טייל פֿון די, וואָס העלפֿן בויען דאָס יידישע קולטור און געזעלשאַפֿטלעך לעבן סײַ אין ארץ־ישׂראל און סײַ דאָ, וואָס מיר זײַנען עס געוווינט צו רופֿן — גלות.

פּרץ הירשביין איז פֿאַר אונדז דער פֿולער אויסדרוק פֿון אַ שעפֿערישן כּוח אין ביידע אונדזערע שפּראַכן — יידיש און העברעיִש.

די „אויפֿבוי" גרופּע בענטשט די שעה, ווען פּרץ הירשביין איז געקומען קיין לאָס־אַנדזשעלעס, ווו ער האָט געמאַכט זײַן היים אויף אַן אומבאַשטימטער צײַט, און אויף אַזאַ אופֿן געגעבן אונדז די מעגלעכקייט צו פֿײַערן דאָ בײַ אונדז זײַן זעכציקסטן געבוירנטאָג. דאָס איז אָבער ניט קיין לאָקאַלע

פֿײַערונג. דאָס איז דער יום־טובֿ פֿון אַלע ייִדן, ווו זיי זאָלן זיך ניט געפֿינען. פּרץ הירשביין דער דראַמאַטורג, נאָוועליסט, עסעיִסט און קולטור־שאַפֿער איז אַ נאַציאָנאַלע פֿיגור און געהערט צום גאַנצן ייִדישן פֿאָלק.

אמת, אין אַ שווערער צײַט פֿאַלט אויס צו פּראַווען דעם דאָזיקן יום־טובֿ. לענדער ווערן פֿאַרוויסט, פֿעלקער ווערן פֿאַרוואַנדלט אין קנעכט אונטער דער בלוטיקער האַנט פֿון ווילדסטן באַרבאַר, וואָס די געשיכטע האָט ווען געוווּסט. דאָך, און אפֿשר מחמת דער וויסטער צײַט, פֿרייען מיר זיך דאָפּלט מיט דעם יום־טובֿ, וואָס מיר פֿײַערן לכּבֿוד איינעם פֿון אונדזערע פֿײַנסטע קינסטלער. דאָס אַליין דאַרף אונדז דינען ווי אַ צייכן, אַז מיר שטייען גרייט אויפֿצוהאַלטן אונדזער ייִדישע קולטור, אונדזער קיום ווי אַ פֿאָלק; אַז מיר בויען אָן אָפּשטעל אונדזער ייִדישע צוקונפֿט, טרעטן ניט אָפּ פֿון אונדזערע פּאָזיציעס.

ווילן מיר, די מיטגלידער פֿון דער „אויפֿבוי" גרופּע, ווי אויך די יחידים, וועלכע האָבן זיך ערנסט באַטייליקט אין דער אַרבעט פֿון אַרויסגעבן די יובֿיליי־שריפֿט און אויך אין אײַנאָרדענען די פֿײַערונג, ווינטשן הירשביינען נאָך פֿילע יאָרן פֿון פֿרוכטבאַרן שאַפֿן; גליקלעכע יאָרן אינאיינעם מיט זײַנע נאָענטסטע:—דער פֿײַנער דיכטערין אסתּר שומיאַטשער (פֿרוי הירשביין) און זייער גראָטענעם זון עמוס. מיט אים און מיט זיי צוזאַמען האָפֿן מיר צו דערלעבן דעם טאָג פֿון אַ נײַער, פֿרײַער וועלט בכלל און אַ פֿרײַ לעבן פֿאַר אונדזער פֿאָלק בפֿרט.

מיר ווילן בײַ דער געלעגנהײַט אויסדריקן אונדזער האַרציקן דאַנק דער רעדאַקציע פֿון בוך, אַלע שריפֿטשטעלער וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין בוך מיט זייערע אַרבעטן ווי אויך אַלע קאָלעגן און נאָענטע פֿרײַנט פֿון בעל־היובֿל, וואָס האָבן מיט זייער הילף מעגלעך געמאַכט אַרויסצוגעבן דעם דאָזיקן בוך.

„אויפֿבוי" גרופּע, ליג פֿאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישׂראל.
לאָס־אַנדזשעלעס, קאַליפֿאָרניע. סעפּטעמבער, 1941.

## ישראל אָסמאַן

# פּרץ הירשביין

(ביאָגראַפיע)

שוין איבער פיר צענדליק יאָר גייט זיך פּרץ הירשביין זײַן אייגענעם וועג אין אונדזער ליטעראַטור. איינער אַליין האָט ער זיך דורכגעבראָכן זײַן שטעג און אויסגעטראָטן זײַן וועג. אין זײַן גאָר־פריער יוגנט האָט ער פאַרלאָזט זײַן געבורטס־דאָרף, און אָנגעהויבן ציען צו נאָענטע און ווײַטע שטעט און לענדער. ער האָט ימים איבערגעקרייצט, געוואַנדערט איבער ווײַטע מדינות, אַ פאַרבענקטער, אַן אומרויִקער, געזוכט דעם עפּעס, וואָס ער האָט אַליין נישט געוווּסט וואָס און ווו ער איז, נישט פאַרגעסנדיק דערבײַ זײַן דערפל, טײַכל און מיל, און אין דער שטיל, אויף זײַן אייגענעם שטייגער, עס אונדז איבערגעגעבן. ער איז אפשר דער ערשטער שרײַבער בײַ אונדז, וואָס איז געקומען פון פראָסטן פאָלק, פון מיל און דאָרף, און האָט מיטגעבראַכט געפלעטשער פון וואַסער, פרישקייט פון וואַלד, ריח פון פעלד, קאָליר פון בלום און געזאַנג פון פייגל. פון גוטמוטיק־אויסגעלאַכטן און ליבלעך־פאַרוויצלטן ישובֿניק, פונעם געזונטן, נישט־איבערגעשפּיצטן פאָלקס־מענטש, מיט זײַן מוראדיקן דרך־ארץ און אָפּשיי פאַר דער שטאָט און דעם קול פון תּורה וואָס פאַרקלינגט אירע גאַסן, איז ער געקומען און האָט מיטגעבראַכט זײַן וועלט און איר פאַרמעגן.

פּרץ הירשביין איז געבוירן געוואָרן ד׳ כסליו, תּרמ״א, 1880, 8—11, אין דער וואַסער־מיל, אַרום צוויי ענגלישע מײַל הינטער קלעשטשעל, אַ קליין שטעטעלע אין גראָדנער גובערניע. ליפּע דער מילנער האָט מען גערופן זײַן פאָטער. ער איז געווען אַ פּשוטער ייִד, אַ באַיאָרטער, שוין אין די טיפע פופציקער, „אַ וואָרצלדיקער, מיטלוווּקסיקער, מיט אַ קופּער־קאָלירטער, געדיכ־

טער און שווערער באָרד, אַ ייִד מיט מורא פֿאַר גאָט און גרויס דרך־ארץ פֿאַר זײַן תּורה, און אַ שווײַגער דערצו. שיינע, זײַן מוטער, ליפּעס צווייטע ווײַב, „איז געווען ווי אַ בויגיק ריטעלע; שמאָל־פּנימדיק, מיט גוטע, טונקעלע אויגן און טונקעלע האָר". אַ ייִדישע טאָכטער פֿון אַ שטעטל פֿון תּורה און אַ טאָכטער פֿון אַ תּלמיד־חכם. הגם אַליין נישט פֿון די ווױלקענעוודיקע, איז זי אָבער געווען באַשאַנקען מיט אויג און אויער און געזונטן חוש; זי האָט געטראָגן דעם שווערן לאַסט און שטום געבענקט נאָך דער אָפֿענער און ברייטער וועלט.

„די שטוב איז געווען אינאיינעם מיט דער מיל. אַרײַנגייין אין שטוב איז מען געגאַנגען דורכן מיל. אַ וואַסער־מיל. דעריבער איז אונדזער שטוב געשטאַנען אויף סלופּעס איבערן וואַסער. אַלע ווענט האָבן געציטערט ווען די מיל האָט פֿריילעך געקלאַפּט. וואַסער־גערויש, וואַסער־געמורמל איז שטענדיק געווען אונטער דער שטוב, וואָס איז באַשטאַנען פֿון צוויי חדרים: אַ שטוב מיט אַ קאַמער." דאָרט אין דער מיל־שטוב זײַנען אויך געווען צוויי עלטערע ברידער, אַ „לעבעדיקע, ספּריטנע שוועסטער, בעבל", ווי אויך דער זיידע יהושע, וואָס „כאָטש יעמאָלט שוין קרוב צו הונדערט יאָר — איז ער געווען גלײַך, רירעוודיק, און מיט אַ בלאָנד בערדל. שטענדיק איז ער אומגעגאַנגען מיט אַ ניגעלע". און ניגונים האָט ער געהאַט מאָדנע, קאָלירטע ניגונים, קלאַנג און פֿאַרב זײַנען געגאַנגען צוזאַמען: אַ רויטער ניגון, אַ בלויער ניגון, אַ גרינער ניגון און אַ ראָבער ניגון. די אַלע קאָלירטע ניגונים האָט ער זיך געמיט איבערצוגעבן דעם מוזיניקל פֿון די אייניקלעך, דעם קליינעם פּרצלען.

אין די אומעטיקע ווינטער־טעג, ווען די מיל איז געשטאַנען ליידיק, האָט מען זיך דערציילט מעשׂיות פֿון נישט־גוטע. אין פֿינצטערע ווינטער־נעכט האָט מען מורא געהאַט פֿאַרן אייגענעם שאָטן, און גרויס ווי קליין האָבן זיך נישט אײַנגעשטעלט אַליין אַרויסצוגיין דרויסן. וואַסער, ווינט און ביים האָבן אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק. ווען די מיל האָט גענומען גיין איז די מורא פֿאַרשוווּנדן. פֿון שטעטל האָט מען דאָרט נישט געהאַלטן זייער פֿיל. די

שטעטלדיקע ייִדן — גרויסהאַלטער. חיונה האָט מען געצויגן פֿון פּויערים און בעלי־גופֿים; אַ מאָל האָט מען אויך פֿאַרדינט אַ קערבל פֿון אַ ייִדישן מעל־שיינקער. אין שטעטל אַרײַן איז מען געגאַנגען דאַוונען, אין חדר אַרײַן און אײַנקויפֿן. פֿאַר פּסח פֿלעגט דאָס שטעטל אָנטאָן ליפּע דעם מילנער דעם גרויסן כּבֿוד און אַראָפּשיקן די שיינע בעלי־בתּים צו אים אין מיל אַרײַן, אויסצו־קלײַבן ווייץ, און דערנאָך דעם רב צו כּשרן די מיל.

ערשט אויפֿן זעקסטן יאָר האָט די מאַמע צוגעשטימט אַוועק־צושיקן דעם הויט־און־ביינערדיקן פּרץ אין חדר אַרײַן. ביזן עלפֿטן יאָר האָט ער געלערנט תּורה בײַ די קלעשטשעלער מלמדים, געוואקסן זייער אַ געראָטן ייִנגל, מיט אַ גוט קעפּל און שטאַרקן באַגער צום לערנען. די תּורה פֿון די קלעשטשעלער מלמדים האָט זיך אויסגעלאָזט און ער האָט מער נישט געהאַט דאָרט בײַ וועמען צו לערנען. האָט מען אים אַוועקגעשיקט קיין בריסק צו אַ שוועסטער, אָנצודינגען בײַ אַ בריסקער מלמד, ער זאָל אויסוואַקסן אַ גרויסער למדן, און אפֿשר נאָך, מיטן אויבערשטנס הילף, גאָר אַ רב בײַ ייִדן.

בריסק האָט נישט אויסגענומען בײַם עלף יעריקן פּרץ, וואָס האָט געוווּסט, אַז זײַן „טאַטן רופֿט מען ליפּע דער מילנער. מײַן היים איז ליפּעס מיל, וווּ איך וואַקס ווי אַביימעלע צווישן ביימער. איך זע מײַן געשטאַלט אין וואַסער — גלײַך מיט די ווערבעס פֿאַרן שטוב.״ ער האָט שטאַרק געבענקט אַהיים און נאָך אַ שטיק פֿאַר ראש־השנה איז ער שוין צוריק געווען אין מיל.

אַ ייִד אַ למדן אין קלעשטשעל איז געוואָרן אַ יורד און אַ גוטער מלמד איז צוגעקומען אין שטעטל. ער האָט דערציילט די קינדער מעשׂיות פֿון מדרש און אגדה, פֿאָלקס־מעשׂיות, און אַרײַנגעבראַכט אין זיי אַ ריח תּורה. בײַ אים האָט פּרץ געלערנט ביז צו דער בר־מצווה.

ערשט נאָך דער בר־מצווה האָט מען גענומען זוכן אַ תּכלית פֿאַר אים אין דער פֿרעמד. עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ סדרה פֿון טעג־עסן, שלאָפֿן אויף דער האַרטער באַנק אין בית־מדרש, אונטערהונגערן, צו־פֿרירן, און לערנען מיט גרויס התמדה.

לערנען האָט ער געוואָלט דווקא ביחידות, נישט אין קיין ישיבֿה; געזוכט אָנצוהאַלטן די שטילקייט, וואָס האָט אים באַגלייט פֿון דערהיים אין חדר אַרײַן.

אַ שטאָלצער און שעמעוודיקער איז ער געווען, און דאָס טעג־עסן איז אים נישט געווען צום האַרצן; די האַרטע באַנק אין בית־מדרש האָט אים אויך נישט צו־שטאַרק געלאָקט, און צווישן שטעטל און שטעטל האָט ער זיך אַראָפּגעכאַפּט אויף אַ זומער אין זײַן געבורטס־מיל, געלערנט צו ביסלעך אין קלעשטשעלער בית־מדרש, צוגעהאָלפֿן אין מיל און געלעבט אין זײַן סבֿיבֿה.

לערנענדיק אין וויסאָקאָ־ליטאָווסק, האָט ער זיך אַראָפּגעכאַפּט צו זײַן פֿעטער, אַ פּאַכטער אין אַ דערבײַיִק דאָרף. דאָרט האָט ער זיך געטראָפֿן מיט אַ שוואַרצאויגיקער, געראָטענער קוזינע, שיינע, אַ מיידל אין זײַנע יאָרן, און צווישן זיי האָט זיך צעשפּילט אַ שטילע ליבע. זי האָט אים געזאָגט, אַז זי וואָלט נישט וועלן, אַז ער זאָל אויסוואַקסן אַן אויסגעווייקטער רבֿ, נײַערט ער זאָל זײַן אַ למדן און זאָל אויך קענען רײַטן אויף אַ פֿערד. אַנדערע ספֿקות האָבן זיך אָנגעהויבן אַרײַנצוגנבֿענען אין זײַן האַרצן. ער איז ווידער אַוועק אַהיים און געוואָלט פֿאַראייניקן תּורה און מלאכה.

אויפֿן ווינטער איז פּרץ ווידער אַ מאָל אַוועק אין דער פֿרעמד, קיין ארלע. דאָרט האָט ער געטראָפֿן אַ חבֿר, אַ מתמיד ווי ער, מיט אַ האַרציקן גמרא־ניגון. דער ניגון האָט זיי צוזאַמענגעפֿירט, און יצחק דעם רבס האָט אים געבעטן, ער זאָל שלאָפֿן אין בית־הרבֿ, ווו ער און זײַן מוטער די אלמנה זײַנען אַליין. אין שטעטל האָט מען אַפֿילו אַ ביסל אונטערגעמורמלט אויף יצחקן, חושד געווען אין אַפּיקורסות, נאָר זכות־אָבֿות און התמדה זײַנען אים בײַגעשטאַנען. יצחק פּריבולסקי האָט זיך גענומען צו פּרצן אַראָפּ־צופֿירן אים פֿון וועג. ער האָט אים געגעבן צו לייענען דעם „האסיף“, יהודה לייב גאָרדאָנס שירים, בראַנדשטאַטערס דערציי־לונגען, און אַלע אַנדערע השכלה ספֿרים, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט. אַ נײַע וועלט האָט זיך געעפֿנט פֿאַר פּרצן און מיט זײַן התמדה האָט ער זיך גענומען צו די נײַע ספֿרים: ער האָט איבערגעשריבן די שירים, אויסגעלערנט זיי אויף אויסנווייניק און געזונגען מיט

די פלאַמיקע גמרא־ניגונים. אין אַ קורצער צײַט האָט דער פּופּצנ־יאַריקער תּלמיד דעריאָגט דעם צוואַנציקיעריקן רבין, און זיי זײַנען געוואָרן די נאָענטסטע חברים. זיי האָבן זיך גענומען צו חקירה־ספרים, צו דערקלערן די ספקות, וואָס האָבן געעקבערט אין זייערע מוחות און גענאָגט אין די הערצער, זיי נישט געלאָזט דאַווענען און לערנען. יצחק דעם רבס האָט געפּרוווט שלום מאַכן צווישן השכלה און רבנות, און מיט מער ברען זיך גענומען צום ש״ס און פּוסקים; פּרץ דעם מילנערס האָט אײַנגעזען, אַז עס איז נישט קיין גלײַכער שידוך, און ער האָט זיך גענומען צו תּנ״ך און דקדוק, האָט אויך אָנגעהויבן צו טינטלען און שרײַבן פּערזן.

אַרלע האָט גענומען ווערן אַ ביסל ענגלעך און פּרץ האָט גענומען טראַכטן וועגן אַ גרעסערער שטאָט, ווו מ׳קען מער דער־גרייכן. ער איז נאָך אַ מאָל געפאָרן קיין בריסק, זיך אויפגעזוכט אַ קליין בית־מדרשל, ווו ער האָט געפונען עטלעכע בחורים, וואָס האָבן בגנבֿה בײַנאַכט זיך צוגעפּאַסט צו ספרים חיצונים, גע־ווּסט ווו זיי צו קריגן און ווי זיי צו באַהאַלטן פאַר אַ בייז אויג. פּרץ האָט דאָרט אויך גענומען לעזן ביכלעך אין ייִדיש, און ער האָט זיך באַקאַנט מיט דינעזאָנען, מענדעלען און י. ל. פּרצן. די התמדה און דער האַרציקער ניגון פון תּורה־לערנען האָבן אים באַשיצט און אויסגעהיט פון אַלע גאָטס קאַזאַקן, וואָס האָבן נאָכגע־קוקט און נאָכגעשפּירט אַלע בחורים. עס האָט נישט גענומען לאַנג און יצחק דעם רבס איז געקומען צו אים קיין בריסק. פּרץ האָט אים באַזאָרגט, ער זאָל נישט דאַרפן עסן קיין טעג און זאָל האָבן ווו צו שלאָפן, און צוזאַמען האָבן זיי געלערנט הויך אויפן קול ש״ס און פּוסקים בײַטאָג, און אין דער שטילקייט פון דער נאַכט זיך באַהאַלטן און עוסק געווען אין השכלה־ספרים, געזוכט נײַע וועגן און תּכליתים. זיי האָבן געהערט, אַז אין גראָדנע קומען אין דער שטיל סטודענטן אין בתּי־מדרשים און זוכן צו פאַר־שפּרייטן ליכט, לערנען מיט בית־מדרשניקעס שפּראַכן און חכמות. ווען זיי האָבן זיך אַהין דערקליבן האָבן זיי גלײַך דערזען זייער טעות. זיי האָבן געוואָלט זיך לאָזן קיין ווילנע, אָבער עס איז נישט געווען מיט וואָס. מיט די לעצטע עטלעכע גראָשן האָבן זיי

זיך קוים דערשלעפּט ביז אַ קליין שטעטעלע, קוזניצע. דאָרט האָבן זיי גראָד געטראָפֿן דאָס, וואָס זיי האָבן געזוכט אין דער גרויסער שטאָט. יצחק פּריבולסקי איז שטאַרק קראַנק געוואָרן און ווען ער איז געקומען צו זיך האָט אים אַ שדכן אויסגעזוכט אַ מקום־מנוחה. פּרץ האָט געקראָגן גוטע טעג, אויף וועלכע ער האָט געפֿונען אויסער עסן בכּבֿוד, אויך וואָרימקייט, פֿריינטשאַפֿט און לערער. זײַן ניגון פֿון גמרא האָט געקראָגן אַ שם איבערן שטעטל בײַ די עלטערן; דער משורר מיטן שאַרפֿן אויג און אויער האָט אויסגענומען שטאַרק בײַ דער יוגנט. עס איז געווען דער אויפֿשטײַג פֿונעם ציוניזם און דאָס העברעיִשע וואָרט האָט זיך גענומען לאָזן הערן אויף דער ייִדישער גאַס.

צו אַכצן יאָר איז ער אַוועק קיין ווילנע. און ווײַטער האָט אים יצחק דעם רבס געפֿירט אַהין. יצחק איז שוין געווען אַ בעל־הביתל, אַ סוכאָוואָליער איידעם; זײַן ווײַב איז געווען אַן אשת חיל, זי האָט אים געהייסן פֿאָרן קיין ווילנע לערנען וועלט־לעכע לימודים און קומען צו אַ תּכלית. יצחק האָט אים מיטגע־נומען, געדונגען אַ דירה, געקויפֿט ביכער און זיך אַוועקגעזעצט לערנען. ער האָט אָבער ווײַטער נישט אויסגעהאַלטן, בענקשאַפֿט, נויט, שוואַכקייט, און ער האָט פֿאַרלאָזן ווילנע און איז צוריק אַוועק אַהיים. הירשביין האָט זיך ווײַטער אויפֿגעזוכט אַ בעלעגליש קאַלטע קלויז, מיט אַ גוטן שמש, און ער האָט זיך אַהין אַריבער־געטראָגן. דער שמש האָט אים ערגעץ געקראָגן אַ שטיצע פֿון צוואַנציק קאָפּיקעס אַ וואָך, וואָס איז געווען קוים גענוג אויף שוואַרץ ברויט מיט טיי און צוקער. ער איז אָבער געווען אַ פֿרײַער מענטש, געקאָנט גיין אין שטראַשונס ביבליאָטעק, לעזן וויפֿיל זײַן האַרץ האָט געגלוסט און שרײַבן לידער. ער איז נישט געווען אַליין אין דער קאַלטער קלויז. עס זײַנען דאָרט געווען נאָך עטלעכע ישיבֿה־בחורים, וואָס זײַנען אַרויס לתּרבות־רעה. געווען צווישן זיי אַ געוועזענער וואָלאָזשינער עלוי, עלטשיק. ער איז שטאַרק נתפּעל געוואָרן פֿון הירשביינס שירים, און האָט אים באַקאַנט מיט עטלעכע העברעיִשע שרײַבער, וועמען עס זײַנען די שירים זייער געפֿעלן געוואָרן. עלטשיק האָט אים צוגערעדט ער זאָל

שיקן אַ שיר צו פֿרישמאַנען פֿאַרן „הדור״, און ער איז אַזוי־אַרום געוואָרן הירשביינס ליטעראַרישער קוואַטער.

דאָס זינגען אויף אַ ליידיקן מאָגן האָט אונטערגעגראָבן הירשביינס געזונט, און אין אַ שטיקל צײַט שפּעטער האָט דער זעלביקער עלטשיק אים געפֿירט צו אַ דאָקטאָר, וואָס האָט אים אָנגעזאָגט שטרענג, אַז ער זאָל אַהיים פֿאָרן אין מיל אַרײַן און עסן און טרינקען, און טאָמער וועט ער בלײַבן אין קלויז, הונגערן און שרײַבן שירים, וועט ער גאָר אין גיכן שטאַרבן.

אַ קראַנקער און אַ צעבראָכענער איז דער אַכצן־יעריקער פּרץ צוריקגעקומען צו טאַטע־מאַמען אין מיל אַרײַן. עס האָט נישט לאַנג גענומען און דער מאַמעס קעסט האָבן אים צוריק געשטעלט אויף די פֿיס. ער איז דעם זומער אָפּגעווען דאָרט, געהאָלפֿן אין מיל, געשריבן שירים, געווען צוגאַסט בײַ אייגן וואַסער און וואַלד און געבענקט קיין ווילנע. אַזוי איז אַוועק דער זומער און מיט אים די קראַנקייט און שוואַכקייט. ווילנע ציט, די מאַמע גיט אויך צו מוט, אָבער פֿון וואַנען וועט קומען די הילף? בלײַבן אין מיל טאָר מען נישט און מ׳קען נישט; טאַטע און מאַמע וועלן אויך דאַרפֿן די מיל פֿאַרלאָזן.

און די הילף איז געקומען אומגעריכט: אַ שיינער ייִד, אַ געוועזענער גוט־באַזיצער, וואָס האָט זיך באַזעצט אין ווילנע צוליב זײַנע קינדער, די גימנאַזיסטן, האָט געוואָרפֿן אַן אויג אויף פּרצן און געוואָלט ער זאָל לערנען העברעיִש מיט זײַנע קינדער. ער האָט אים באַפֿוילן ער זאָל קומען. זעקס רובל אַ חודש זײַנען שוין געווען, נאָך עטלעכע שטונדן זײַנען צוגעקומען, און ער האָט שוין געקאָנט דורכקומען. שטראַשונס ביבליאָטעק, ברידער און שוועסטער פֿון די תּלמידים, סטודענטן, לערנען מיט אים און ווילן אים צוגרייטן צום עקזאַמען. דערצו קומט אַן אַ נומער „הדור״ מיט אַ שיר „געגועים״ פֿון פּרץ הירשביין . . .

ער האָט אָנגעהויבן צו שרײַבן דערציילונגען אין ייִדיש. באַ־שריבן די ווילנער אָרימקייט; געשריבן און דערווײַל נישט גע־דרוקט. געהאַלטן לעקציעס פֿאַר האַלבע אַפּיקורסים אין קלויז, פֿאַר אַרבעטער ערגעץ אין אַ קעלער.

נאָך איין מאָל איז ער געקומען אין ליפּעס מיל אַרײַן, װעגן פּריזיװו ענינים. ער איז כּמעט װי אַ חתן געװאָרן מיט זײַן יוגנט־געליבטע, זײַן קוזינע שיינע. אַ פּלוצלונגער אומגליק איז אָבער געקומען און האָט שיינען צוגענומען. ער איז אַװעק אַן אומגליק־לעכער און אַ צעבראָכענער צוריק קיין װילנע.

* * *

הירשביין האָט זיך אײַנגעלעבט אין װילנע אַלס העברעיִשער לערער. ער האָט זיך באַפרײַט פון פּריזיװו. ער האָט געשריבן און נישט געדרוקט. אַן אומאַנגענעמע באַגעגעניש אין איינער פון װילנער גאַסן אין אַ שנייִיקן אָונט האָט אַרויסגערופן זײַן ערשטע דראַמע: מרים. דעם זעלביקן װינטער האָט ער אָנגעשריבן אַ צװייטע דראַמע: שבבים (שפּענער). ביידע דראַמען זײַנען געשריבן געװאָרן אין העברעיִש. איינע אין דרײַ אַקטן און די אַנדערע אין פיר. װילנע איז נאָך געװען אַ מבֿין אויף לידער, דראַמען האָבן שוין דאָרט געהייסן צופיל געװאָגט. עס איז אים געװאָרן ענג אין װילנע און ער האָט אָנגעהייבן חלומען װעגן װאַרשע, דעם צענטער פון דער יִדישער ליטעראַטור; דאָרט װוינט פּרץ; ביאַליק רעדאַגירט דאָרט „השלח״; די יוגנט אַרום פּרצן.

שפּעט אין זומער 1904 איז ער אָנגעקומען קיין װאַרשע. פּרץ און ביאַליק זײַנען נאָך געװען אויף דאַטשע. בײַ זײַן באַקאַנטן גוטן פרײַנט, דעם העברעיִשן זשורנאַליסט שמואל טשערנאָװיטש (ספוג), האָט ער געטראָפן דעם העברעיִשן ראָמאַניסט י. בער־שאַדסקי. ער האָט געבעטן הירשביינען ער זאָל אויפצומאַרגנס קומען צו אים מיט זײַנע דראַמען. אַ באַגײַסטערטער האָט ער געזאָגט הירשביינען, ער זאָל קיינעם ניט געבן צו לייענען די דראַמען, נאָר ער זאָל װאַרטן אויף פּרצן, ערשט דערנאָך זאָל ער גיין צו ביאַליקן, װאָס װעט זיי געװיס נעמען פאַרן „השלח״. בערשאַדסקי האָט זיך באַצויגן זייער חבֿריש צו אים, פאַרטרויט אים דעם סוד, אַז װילנע װעט בקרובֿ אויפגעריכט װערן מיט אַ גרויסער העברעיִשער צײַטונג און אַ מאָנאַטלעכן זשורנאַל. דאָרטן װעט זײַן פּלאַץ צו דרוקן גרעסערע זאַכן.

י. ל. פּרצן איז די דראַמע „מרים״ זייער געפעלן. ער האָט

הירשביינען געהייסן אַרײַנגיין דעם נעקסטן טאָג צו ביאַליקן. אויפֿצומאַרגנס, ווען ער איז אַרײַנגעקומען צו ביאַליקן, איז דער דיכטער אים אַנטקעגן געקומען, אָנגערופֿן אים בײַם נאָמען, אים אײַנגעלאַדן אויף טיי. ער איז איבעראַשט געוואָרן צו זען דאָרט זײַן דראַמע: י. ל. פּרץ האָט זי געבראַכט ביאַליקן און זי איז אָנגענומען געוואָרן פֿאַרן „השלח".

י. ל. פּרץ האָט געוואָלט ער זאָל בלײַבן אין וואַרשע; ער וועט געפֿינען פֿאַר אים באַשעפֿטיקונג אַלס לערער. די קאַלטע אויפֿנאַם פֿון די יונגע בײַ פּרצן אין הויז, זייער אָן אומהעפֿלעכער אויפֿנאַם פֿון דר. קלויזנער, האָבן אָבער איבערגעוויגן, און ער איז צוריקגעפֿאָרן קיין ירושלים־דליטא.

וואַרשע איז טאַקע געווען צו־גרויס, אירע מענטשן — צו־פֿרעמד, צוריק קומענדיק איז אָבער ווילנע שוין געווען צו קליין און אירע גאַסן צו ענג. די ווילנער אָרימקייט האָט אַרויסגעוויינט פֿון די קעלערס. הירשביין האָט אויפֿגעכאַפּט איר קול און האָט אָנגעשריבן אַ פֿיר־אַקטיקע דראַמע — „הולכים ובכים".

ער האָט זיך פֿאַרטיפֿט אין דער ליטעראַטור. יִדיש ווי העבּ־רעיִש. פֿון מענדעלען ביז אַשן. אַלץ וואָס איז געווען יעמאָלט. שרײַבער האָבן געשריבן אין ביידע שפּראַכן; עס איז קיין מחיצה נאָך נישט געווען צווישן זיי.

דערווײַל איז ווילנע אויפֿגעריכט געוואָרן — דער „הזמן" איז דערשינען און קיין ווילנע זײַנען אַראָפּגעקומען בערשאַדסקי, הלל צייטלין, ספּוג, בן־ציון כץ, טאַוויאָוו. פֿון די יונגע: שניאור, קאַבאַק, בערקאָוויטש. הכּלל, ווילנע איז געוואָרן אַ ליטעראַרישער צענטער. חבֿרים זײַנען געווען גוטע, אינטערעסאַנטע, איבערהויפּט שניאור. הגם צוואַנציק יאָר אַלט, אָבער אַ דיכטער מיט פֿאַרנעם. ער האָט געקלעפּט אַרום הירשביינען. אויסער דעם שרײַבן, האָט ער באַוווּנדערט זײַן פֿיזישע גבֿורה אין בויגן אײַזן. בערקאָוויטש איז געווען דער בעלעטריסטישער רעדאַקטאָר פֿון מאַגאַטלעכן „הזמן". דאָרט זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן ביידע דראַמען: „מרים" און „הולכים ובכים".

גראָד יעמאָלט האָט ער זיך פֿאַרבענקט נאָך אַ ביסל התבֿודדות

און חשבון־הנפש צווישן טײַך, וואַלד און פעלד. די מוטער איז שוין געהאַט געשטאָרבן; דער פאָטער — געוואַלגערט זיך אין שטאָט ביי די קינדער; שוין נישט געווען מער קיין היים און קיין וואַסער־מיל. עס איז אָבער געווען אין שטעטל סוכאָוואָליע אַ העברעיִשער לערער, דער אַלטער חבר יצחק דעם רבס, און ער האָט אײַנגעלאַדן צו זיך, צו זומערן צווישן פעלדער, גערטנער און וועלדער. און ווידער אַן אינטימער, שטילער זומער און אַ רײַפע דראַמע — „נבלה". אַ נעענטערע באַציִונג צו ייִדיש, אַ דאַנק יצחק פּריבולסקי.

פרישמאַן איז שוין געווען דער רעדאַקטאָר פון מאָנאַטלעכן „הזמן", ער האָט אָפּגעדרוקט „נבלה", צוגעשיקט זייער אַ וואַרים בריוועלע.

דערווײַל איז געוואָרן מזל־ברכה פאַר ייִדיש: דער בונד האָט אַרויסגעגעבן די „פאָלקסצײַטונג" און געעפנט דעם פאַרלאַג „וועלט"; דער „הזמן" האָט אַרויסגעגעבן „די צײַט"; די ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע — „דאָס ייִדישע פאָלק"; פאַרלאַג „וועלט" האָט אַרויסגעגעבן הירשביינס צוויי דראַמען און זיי זײַנען זיך צעגאַנגען אין צען טויזנט עקזעמפּלאַרן. די גאַנצע פּרעסע איז געווען אָפן פאַר אים. ער האָט געדרוקט אַ סך זאַכן אין ייִדיש.

און אין לעבן — 1904 און 1905: דומע, רעוואָלוציע, דורכ־פאַל, רעאַקציע און פּאָגראָמען. פּאָגראָם־שרעק האָט געשוועבט אין דער לופט. זעלבסטשוץ איז אָרגאַניזירט געוואָרן. הירשביין איז געווען אַן עלצטער און האָט געדאַרפט זיצן אויף דער וואַך אין זײַן צימער — אַ משמר. מ'איז אָפּגעקומען מיט שרעק. דערווײַל האָט ער אָבער אָנגעשריבן אין יענער נאַכט זײַן לעצטע אָריגינעלע העברעיִשע זאַך — דעם אײנאַקטער „עולמות בודדים". דער ערשטער לעזער פון די „אײנזאַמע וועלטן" איז געווען ז. שניאור. ער האָט אויסגעשריען אַ באַגײַסטערטער:

— אַ קלאָג צו דיר, הירשביין, ווייסט דאָך אַליין נישט וואָס דו האָסט אָנגעשריבן!

ברײַנין האָט הירשביינען געקרוינט מיטן נאָמען משורר־המרתף, און ווילנע וויל אים פון קעלער נישט אַרויסלאָזן. און

שרייבט ער אַנדערע זאַכן, זוכט נײַע פֿאָרמען, וויל ווילנע נישט ליידן. ווערט ווילנע ענג, שטיקנדיק.

אין יענער צײַט איז י. ל. פּרץ אַראָפּגעקומען קיין ווילנע אויף אַ לעקציע. ער האָט אײַנגעלאַדן הירשביינען צו קומען קיין וואַרשע, צו אים, אַלס זײַן גאַסט. וואַרשע, האָט ער געזאָגט, איז נישט די זעלביקע וואָס מיט צוויי יאָר צוריק. עס רעדט זיך וועגן אַ גוטן טעאַטער, און מ׳דאַרף הירשביינען דאָרטן. האָט ער אָנגענומען די אײַנלאַדונג.

וואַרשע האָט ווײַטער קיין מזל נישט געהאַט צו אים. נישט קוקנדיק אויף דער זייער וואַרימער אויפֿנאַם בײַ פּרצן אין הויז, האָט ער זיך נישט געקענט אײַנלעבן דאָרטן. צוריק קיין ווילנע האָט שוין אָבער אויך נישט געצויגן. נאָך לאַנגע אינטימע גע־שפּרעכן מיט י. ל. פּרצן איז באַשטימט געוואָרן ער זאָל פֿאָרן קיין בערלין.

אַרום דרײַ חדשים האָט ער פֿאַרבראַכט אין בערלין. לענגער האָט פּאָליציי נישט געלאָזט דאָרט זײַן. מיט אַ נײַער דרײַ אַקטיקער דראַמע, „די ערד״ האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע. דאָרט איז ער אומשולדיקערהייט אַרײַנגעפֿאַלן אין תּפֿיסה, צוזאַמען מיט דער גאַנצער רעדאַקציע פֿון „נײַעם וועג״, ווו ער איז צופֿעליק געווען בשעת אַן איבערפֿאַל. ער האָט גענומען שרײַבן אַ סעריע לידער אין פּראָזע, „וואַנדערער טרוימען״. ווילנע האָט קאַלט אויפֿגענומען די לעצטע דראַמע, ווי די לידער אין פּראָזע.

אַ בריוו איז אים אָנגעקומען פֿון זײַן איבערזעצערין אין פּעטערבורג, אַז זי האָט געפֿונען אַ פֿאַרלעגער, וואָס וויל אַרויס־געבן זײַנעם אַ באַנד דראַמען אין רוסיש. בעט זי אים, ער זאָל קומען קיין פּעטערבורג און זײַן בײַם איבערזעצן. ער האָט זיך באַזאָרגט מיט אַ פֿאַרטרעטערשאַפֿט פֿון אַ באַקאַנטן היטל־פֿאַבריי־קאַנט — אַ סגולה צו צײַטווײַליקער ווױנרעכט, און איז געקומען קיין פּעטערבורג.

אַ באַנד פֿון די ערשטע דראַמען איז דערשינען אין רוסיש מיטן נאָמען „איינזאַמע וועלטן״. לעאָניד אַנדרייעוו האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם באַנד, געזוכט די באַקאַנטשאַפֿט פֿון דעם

שרײַבער און זיך באַפֿרײַנדעט מיט אים, געגעבן אים מוט און האָפֿענונג.

דאָרט, אין דער קאַלטער, גוייִשער פּעטערבורג, האָט ער זיך אַרײַנגעטראַכט אין דער רײַכער ייִדישער ירושה, וואָס ער האָט געטראָגן אין זיך, און ער האָט אָנגעשריבן די ערשטע פֿאָלקסטימלעכע דראַמע „תּקיעת כּף". אין פּעטערבורגער ליטעראַרישע קרײַזן האָט זי געמאַכט אַ שטאַרקן רושם און אַנדרייעוו האָט זי אָנגענומען פֿאַרן זאַמלבוך „שיפּאווניק".

צוריקקומענדיק קיין ווילנע האָבן שוין געפֿעלט די וויכטיקסטע פֿון דער חבֿריא. שניאור איז שוין געווען אין אויסלאַנד, בערשאַדסקי — אין וואַרשעווער האָספּיטאַל. אַנדערע האָבן געמאָנט בײַ אים אַקטיאָרן, וואָס זאָלן שפּילן זײַנע דראַמעס. איז ער ווידער אַ מאָל אַוועק קיין סוכאָוואָליע צו זײַן חבֿר יצחק פּריבולסקי. אַ שטיקל צײַט שפּעטער האָט ער געוואָלט גנבֿענען די גרעניץ און ווידער זיך אַריבערכאַפּן קיין בערלין. ער האָט זיך געלאָזן אין וועג אַרײַן, געקומען צו דער באַן־סטאַנציע און ער האָט פֿאַרשפּעטיקט דעם צוג, וואָס האָט באַדאַרפֿט אָפּגיין צו דער גרעניץ־שטאָט. צוועלף שעה האָט ער געדאַרפֿט וואַרטן אויף אַן אַנדער צוג. האָט ער זיך דערווײַל צוגעכאַפּט קיין ביאַליסטאָק. נאָך וואָס ביאַליסטאָק? וואָס וועט ער טאָן אין ביאַליסטאָק? דאָס זעלביקע וואָס אין בערלין. אַז אַ מענטש וויל אַנטלויפֿן פֿון זיך אַליין! אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק. עס שטייט אַ שנעלצוג גרייט אָפּצוגיין קיין אָדעס. נו, מילא, זאָל זײַן אָדעס! נאָך בעסער ווי בערלין. דאָרט איז פֿאַראַן מענדעלע, אחד־העם, ליליענבלום, ראַווניצקי, לעווינסקי, און דער עיקר — ביאַליק. אויסער דעם — דער ים, דער שוואַרצער ים! נישטאָ קיין צײַט צו טראַכטן — מ'פֿאָרט קיין אָדעס.

* * *

אין פֿריען פֿרילינג 1908 איז ער אָנגעקומען קיין אָדעס. ביאַליק האָט אים זייער וואַרים אויפֿגענומען, און האָט צו אים געזאָגט:

— פֿאַרוואָס זײַנט איר אַזוי שפּעט געקומען קיין אָדעס?

אַדעס איז יונג, אַדעס איז בײַם ברעג ים; אַדעס, אַז מ׳שטרעקט אויס די האַנט — איז ארץ־ישראל.

ביאַליק און דער ים — עס האָט זיך געלוינט צו קומען קיין אַדעס.

און דער זיידע מענדעלע — באַקענט מיך מיט אים.

— פֿריער באַקענט זיך מיט אַדעס, ווערט אירער אַ תושבֿ. מ׳דאַרף זוכן אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט מענדעלען; לאָזן ער זאָל ווערן אַ זיידע.

און ביאַליק האָט אים גענומען פֿירן איבער אַדעסער גאַסן, זיך צו באַקענען מיט איר. פֿאַרבײַגייענדיק דעם שטאָט־טעאַטער האָט ער געזאָגט:

— אָט שטייט אַ טעאַטער, אַ שטאָט־טעאַטער. פֿאַרוואָס זײַנען מיר אַזוי פֿאַרשאָלטן זיך אָפּצוגעבן מיט דרויב? ווען וועלן מיר האָבן אַזאַ טעאַטער? באַזעצט זיך אין אַדעס וועלן מיר האָבן אַ טעאַטער. איך וועל העלפֿן. מ׳דאַרף עפּעס טאָן: מ׳דאַרף אָנהויבן צו לעבן ווי מענטשן!

ער האָט זיך באַזעצט בײַם ים, צווישן פֿישער. אַלע וואַסערן ציען צום ים, דאָס קליינע געבורטס־טײַכל האָט געפֿונען איר תּיקון.

גאַנץ אַנדערש האָט מענדעלע אויפֿגענומען. בײַם גרויסן טיש, צווישן די שענסטע און בעסטע פֿון אַדעס. מענדעלע האָט גערעדט און אַלע האָבן זיך אײַנגעהערט און געשוויגן. אַ צײַט שפּעטער האָט ער מענדעלען געטראָפֿן אַליין און אַזוי האָט דער זיידע געזאָגט:

— איר שרײַבט דראַמעס, האָט מען מיר דערציילט. יאָ דראַמעס. וואָס איז אַזוינס אַ דראַמע? פֿאַר טעאַטער, פֿאַר די אַקטיאָרשטשיקעס שרײַבט איר! טעאַטער־טרעיאַטער. ס׳איז דאָך אַן אַנשיקעניש.

און אַ צײַט שפּעטער, ווען די הירשביין־טרופּע האָט שוין געהאַלטן בײַ געגרינדעט ווערן, ביאַליק האָט געהאָלפֿן, געזען אַנדערע זאָלן העלפֿן, הירשביין איז געקומען פֿרעגן דעם זיידן, האָט מענדעלע אים אָפּגעגאָסן מיט קאַלטע וואַסער:

— אַ שרײַבער דאַרף נישט זײַן קיין אַקטיאָרשטשיק! בײַ

ייִדן איז דאָ גענוג פּורים־שפּילער, דערצו דאַרף אַ שרײַבער זיך נישט רײַסן.

דערווײַל האָט שוין הירשביין געהאַט אַ ביסל דערפאַרונג מיט טעאַטער. דוד הערמאַן האָט אים אַראָפּגענומען קיין לאָדז, מיטצושפּילן אַלס אַ מין אליהו־הנבֿיא אין „תקיעת־כּף״, איין איינציקע אויפֿפֿירונג. דערנאָך אַרויסגעלאָזט צוזאַמען אַן אויפֿרוף וועגן אַ גוט טעאַטער מיט אַן אַדרעס אַרײַנצושיקן בײַשטײַערונגען. קיין גראָשן געלט איז נישט אַרײַנגעקומען, דערפאַר אַ שפּע פֿון דער ריכטיקער סחורה, „דראַמען וואָס מ׳קען זיך מיט זיי סמען״. דערווײַל האָט מען אים צוריקגערופֿן קיין אָדעס צו אַ רוסישער אויפֿפֿירונג פֿון זײַן דראַמע „אויף יענער זײַט טײַך״ אין אָדעסער שטאָט־טעאַטער. דער באַרימטער רעזשיסער מאַרדזשאַנאָוו, גוטע געשולטע אַקטיאָרן, אַ געפּאַקט טעאַטער, אַ וואַרעמער אָפּרוף אין דער אָדעסער פּרעסע — און דאָך באַקומט עס נישט ווויל. דער רעזשיסער פֿרעגט, צי זײַנע פּיעסן זײַנען שוין געשפּילט געוואָרן מיט דערפֿאָלג אויף ייִדיש — און וואָס קען מען אים ענטפֿערן דערויף? דערצו אַ צוזאַמענטרעף מיט רוסישע שרײַבער און אַ גראָבער אַרײַנזאָג פֿון איוואַן בונינען וועגן די „זשידעס וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט אויף דער רוסישער ליטעראַטור און פֿאַרפּאַטשקען דאָס רוסישע וואָרט, און קריכן מיט זייערע שמוציקע הענט אין רוסישן האַרצן אַרײַן״. ניין, דאָס איז נישט דער וועג פֿאַר אַ ייִדישן דראַמאַטורג!

ביאַליק און לעווינסקי האָבן געהייסן בויען און האָבן זיך אַליין אויך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט; אינטעליגענטע יונגעלײַט און מיידלעך, געענדיקטע פֿון רוסישע דראַמאַטישע שולן און אײַנגעבוירענע טאַלאַנטן, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פֿון אויסגעחלומטע קאַריערעס אין דער פֿרעמד, און געווען גרייט זיך מקריבֿ צו זײַן פֿאַר אַ ליטעראַרישן טעאַטער בײַ אייגענע, אויסצולייטערן דאָס ייִדישע וואָרט וואָס איז פֿאַראומרייניקט געוואָרן אין די מײַלער פֿון די בן־מלכּס און בת־מלכּהס פֿון ייִדישן טעאַטער — אַלע פֿאָדערן פֿון הירשביינען ער זאָל זיך שטעלן אָן דער שפּיץ און בויען; און מ׳קען זיך נישט אָפּזאָגן. אָט מיט די קרעפֿטן האָט ער

זיך גענומען אַרום ענדע 1908 גרינדן די הירשביין־טרופּע. זייער ווייניק געלט, דערפאַרונג און געשעפטספייקייט, דערפאַר יוגנט, אינטעליגענץ, טאַלאַנט, גלויבן, ערנסט און מסירת־נפש. אַרום צוויי יאָר האָט די טרופּע געשפּילט אין אָדעס און פיל אַנדערע שטעט אין אוקראַינע און ווײַס־רוסלאַנד. קיין האַניק נישט געלעקט און געשפּילט, געשאַפן. אַ נישט־פאַרדינטער דורכפאַל דווקא אין וואַרשע. ווו מ'האָט געהאַפט צו געפינען אַ היים. צו אָפט האָט מען געמוזט בײַטן פּיעסן; פּאָליצמייסטערס און אַנדערע שלעק; מסירות, נישט פאַרגינערײַ און טעאַטער־פּאָליטיק; דערצו דחקות און גרויסע נויט — צוויי יאָר כּמעט זיך געראַנגלט, מקריב געווען, און ענדלעך זיך געמוזט צעשפּרייטן איבער דער וועלט.

דאָס איז בקיצור די געשיכטע פון דער הירשביין־טרופּע, דער ערשטער פּרווו צו שאַפן אַ בעסער יידיש טעאַטער. מיר האָבן נאָך הײַנט צו דאַנקען יענעם פּרווו פאַר אַזעלכע שוישפּילער ווי בן־עמי, פריד, לאה נעמי און אַנדערע.

---

צוויי יאָר הירשביין טרופּע, צוויי יאָר קיין וואָרט נישט אָנגעשריבן. געערעכט איז געווען דער זיידע ר' מענדעלע: אַ שרײַבער דאַרף קיין אַקטיאָרשטשיק נישט זײַן. אין באָברויסק, בײַ מענדל עלקינען, אַ וואַרים הויז מיט האַרציקע מענטשן, אָבער עס שרײַבט זיך נישט. אפשר ווילנע — דאָרט האָט ער דאָך אָנגעהויבן צו שרײַבן. געקומען אַהין נישט געפונען די זעלביקע ווילנע. חרובֿ געוואָרן דער ליטעראַרישער צענטער, די פּאַרטייען אין באַהעלטעניש, און די רעאַקציע הערשט. פּוסט און וויסט איז די שטאָט, פּוסט און וויסט אין דער נשמה. יעמאָלט האָט ער אָנגעשריבן די דראַמע „דער לעצטער". ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט מיט האַלץ־טראָטוועס איבערן דניעפּער קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, און פון דאָרט קיין אָדעס.

שווער איז געווען צו בלײַבן אין רוסלאַנד און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין אַמעריקע, וואַרשע, ווין, לאָנדאָן און אין נאָוועמבער 1911 אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. די רײַזע ווי אויך דאָס

קאָכעדיקע ייִדישע לעבן אין דער פֿרײַער אַמעריקע האָבן אים אָפּ־געפֿרישט. ער האָט דערזען אַ גרויס שטיק צאַפּלדיק ייִדיש לעבן, וואָס האָט זיך אויסגעריסן מיט די וואָרצלען און איבערגעפֿלאַנצט ווײַט, ווײַט איבערן גרויסן ים, און עס צעוואַקסט זיך און צעבליט זיך. עס וואַקסט אויס אַ דור קרעפֿטיקע יונגע ייִדישע שרײַבער; עס נעמט זיך איבערטראָגן דער גרויסער ייִדישער צענטער. אין יאַנואַר 1912 האָט ער אָנגעשריבן די „פּוסטע קרעטשמע" און גלײַך דערנאָך דאָס „פֿאַרוואָרפֿענע ווינקל", פֿאָלקסטימלעכע דראַ־מעס. אין קיין צײַטונג האָט ער אָבער נישט געשריבן און זײַנע דראַמעס האָבן קיין טעאַטער נישט געפֿונען. זײַנע קעלער־דראַמעס זײַנען ערגיץ אין אַ קליינעם זאַל אויפֿגעפֿירט געוואָרן דורך דראַ־מאַטישע פֿאַראיינען. עלנט און נויט אין דער רײַכער אַמעריקע, און אָנהויב ווינטער 1913 האָט ער געכאַפּט און איז צוריקגעפֿאָרן קיין רוסלאַנד.

קומענדיק אַהין האָט ער אָבער גלײַך דערזען, אַז ער האָט גע־מאַכט אַ ביטערן טעות. האָט ער באַשטימט צו פֿאָרן קיין אַר־גענטינע. שרײַבן איז נישט קיין רידל צום גראָבן. מענדעלע, פּרץ, ביאַליק — קיינער פֿון זיי לעבט נישט פֿון שרײַבן — ער קומט פֿון מיל און פֿעלד. דאָרט אין אַרגענטינע וועט ער בעטן בײַ דער יק"א ערד און וועט ווערן אַ פּאַרמער, און שרײַבן פֿאַר נחת. איז אָבער דערווײַל אָנגעקומען די וועלט־מלחמה און האָט צעשטערט אַלע פּלענער. ער איז אַוועק אין אַן ענגלישער שיף צו־ריק קיין ניו־יאָרק. די קאַרלסרוע האָט אָבער אויפֿן וועג געזונקען זײַן שיף, און אויפֿן אַ קוילן־שיף האָט ער זיך געוואַלגערט, אַ גע־פֿאַנגענער, צען טעג. ער איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אין נאָ־וועמבער 1914. ער האָט אָנגעהויבן דרוקן אין דעם נאָרוואָס דער־שינענעם „טאָג" רײַזע־בילדער פֿון זיד־אַמעריקע, וואָס האָבן גע־מאַכט אַ שטאַרקן רושם. באַלד נאָכדעם זײַנען זיי אַרויס אין אַ בוך „אין ווײַטע לענדער", דאָס ערשטע וויכטיקע בוך פֿון דעם מין אין ייִדיש. ער האָט גענומען אַרויספֿאָרן פֿון ניו־יאָרק, אויפֿ־טרעטן אין לעקציעס און באַקענען זיך מיט אַמעריקע.

אין זומער 1915 האָט אים דער „טאָג" געשיקט צו דער סאָן־

פֿראַנציסקער אויסשטעלונג. יעמאָלט האָט ער געהאַט די ערשטע געלעגנהייט צו זען דאָס לאַנד. ער האָט פֿאַרבראַכט אין און אַרום לאָס־אַנגעלעס, בײַם פּאַציפֿישן ים, דרײַ חדשים, אַ פֿאַרשיכּורטער פֿון זון, ים, באַרג און פּלאַנץ. אין יענעם זומער האָט ער אָנגעשריבן „אַ לעבן פֿאַר אַ לעבן" און די צוויי געראָטענע אײנ־אַקטערס „אליהו הנביא" און „בעבעלע". ביז 1918 איז ער אַרומגעפֿאָרן איבער אַמעריקע, און אַ פֿאַרגאַפֿטער באַוווּנדערט איר שיינקייט און רײַכקייט. ער האָט געווינטערט אין טעקסאַס בײַם ים־ברעג, געזומערט אין קאַליפֿאָרניע, אויך צווישן די שטיינבערג פֿון קאָלאָראַדאָ, און אָנגעשריבן דאָס בוך „איבער אַמעריקע".

אין אַלגעמיין זײַנען יענע פֿיר יאָר געווען בײַ אים זײַער פּראָדוקטיוו. ער האָט פֿיל געדײַזט און געזען; ער האָט אָנגעשריבן אויסער די צוויי ביכער רײַזע־בילדער די דראַמעס: „אַ לעבן פֿאַר אַ לעבן", „גרינע פֿעלדער", „אין שאָטן פֿון דורות" און אַ גאַנצע רײַע איינאַקטערס; ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ בוך עסייען. עס זײַנען אויך אַרויס זײַנע פֿינף בענדער דראַמעס.

אין ענדע 1918, אויף אַ רײַזע איבער מערבֿ קאַנאַדע, אין דעם שטעטל קאַלגאַרי, האָט ער געפֿונען זײַן באַשערטע, די דיכטערין אסתּר שומיאַטשער.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַלד די גוטע יאָרן. ענדע 1918 האָט מאָריס שוואַרץ אויפֿגעפֿירט „אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל" און „דעם שמידס טעכטער" מיטן גרעסטן דערפֿאָלג. עס האָט זיך געעפֿנט דאָס קונסט־טעאַטער מיט יעקבֿ בן־עמי און לאַזאַר פֿריד, פֿון דער הירשביין טרופּע, און די בעסטע יונגע קרעפֿטן פֿון אונדזער בינע. זיי האָבן אויסגעפֿילט דעם סעזאָן 1919—1920 מיט דער „פּוסטער קרעטשמע" און „גרינע פֿעלדער". אין 1921 האָט רודאָלף שילדקרויט אויפֿגעפֿירט „אַ לעבן פֿאַר אַ לעבן" און אין 1922 האָט בערטאַ קאַליש געשפּילט „דאָס קינד פֿון דער וועלט". אין אייראָפּע האָט די ווילנער־טרופּע אויפֿגעפֿירט פֿיל פֿון הירשביינס דראַמעס מיטן גרעסטן דערפֿאָלג.

ענדע 1920 איז הירשביין צוזאַמען מיט זײַן פֿרוי אַרויסגעפֿאָרן אויף אַ לענגערע רײַזע איבער אויסטראַליע און זיד־אַפֿריקע. די

רײַזע האָט געדויערט אַרום צוויי יאָר און איז באַשריבן געוואָרן אין דעם בוך „איבער דער וועלט״.

פֿון 1922 ביז 1925 האָט ער ווידער געוווינט אין די שטאַטן און אין קאַנאַדע, ווידער געזומערט בײַם פּאַציפֿישן ים אַרום לאָס־אַנגעלעס. אין 1925 האָט ער צוזאַמען מיט ה. לייוויק, דוד פּינסקי און מענדל עלקין געגרינדעט „אונדזער טעאַטער״.

זומער 1925 איז ער ווידער אַרויסגעפֿאָרן מיט זײַן פֿרוי אויף אַ לאַנגן טור, וואָס האָט געדויערט אַרום פֿינף יאָר. געדרײַזט איבער זיד־אַמעריקע, יאַפּאַן, כינע, אינדיע, ארץ־ישׂראל, סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און אייראָפּע. ערשט אין ענדע 1929 איז ער צוריקגעקומען פֿון דער רײַזע.

הירשביין האָט זיך גענומען צו שרײַבן זכרונות און ראָמאַנען. ער האָט אָנגעשריבן „מײַנע קינדער יאָרן״ און שרײַבט איצט ווײַ־טערע זכרונות. ער האָט אָנגעשריבן די „רויטע פֿעלדער״ און די טרילאָגיע „בבל״.

אין 1934 איז אים געבוירן געוואָרן זײַן געראָטענער בן־יחיד עמוס.

אויף אַ צײַט האָט הירשביין זיך באַזעצט אויף איין אָרט, אין ניו־יאָרק, אָפּגעשטעלט דאָס וואַנדערן. ערשט אין 1940 האָט ער זיך ווידער אַרויסגעלאָזט איבער קאַנאַדע און די שטאַטן. אָנהויב נאָוועמבער 1940 האָט ער זיך באַזעצט אין לאָס־אַנגעלעס.



פּרץ הירשביין, זײַן פֿרוי און זייער זון עמוס. — ניו־יאָרק, 1938

## אהרן צייטלין

# פּרץ הירשביינען

צום יובליי.

קענסט יאָרן בעסערע, ווען ס׳האָבן נאָך געגרינט די סעדער,
ווען יידיש לעבן האָט געברויזט אין וואַרשע, ווילנע און אָדעס, –
ווען וואָר מיט חלום האָבן אויסגעפּילט אַ גליאיקן מעת־לעת
און ס׳האָבן זיך אין מילן האָפּערדיק געדרייט די רעדער.

ס׳האָט לעבן נאָך געלעבט. ס׳האָט יוגנט נאָך געפּלאַקערט,
ס׳האָט גאָט אַרויסגעבערענט פון גלותדיקן סנה.
פאַר זעונגען האָסטו געבויט אַן אייגענעם טעאַטער —
קום, זע מײַן זעונג, פאָלק! שטיי אויף און זע!

עס איז נאָך פאָלק געווען און ס׳האָט זײַן טרוים דער דיכטער
צום פאָלק געפירט. שטיי אויף — און טרוים מיט מיר!
איצט איז די קרעטשמע פּוסט. עס היט דער טויט איר טיר.
עס דריקט קאָשמאַר אויף אונדז מיט בלײַערנע געוויכטער.

קענסט צײַטן בעסערע. אין קאַליפאָרניע ווײַטער
פאַרנעמסטו נאָך דעם רויש פון וואַרשע, ווילנע און אָדעס.
וואָס איז אָן לעבן דיכטער־חלום? ווער אויף ערד באַנײַטער
נאָך אויפגיין יידיש לעבן ווי אַ יונגער נס?

יאָ, קומען וועלן יידן נײַע. ס׳וועלן אויפגיין
די זוימען. ווער קאָן וויסן, ווו און ווי אַזוי?
און וואָרט וועט ווערן וואָר. אין טרוים לאָמיר אַרויפגיין
און זען דער צוקונפטס לאַנד פון אונדזער באַרג נבו!

ניו־יאָרק, אויגוסט 1941.

ש. ניגער

# פרץ הירשביין

(זײַן דור, זײַן וועג, זײַנע וואַנדערונגען, זײַן רעאַליזם, זײַן ראָמאַנטישקייט, זיינע פאָלקסוואָרצלען, זיין אייגענע, פיין־פאַרביקע, אויפבלינונג.)

„. . . דאָס דערגרייכטע און פשוטע ווערט מיר באַלד פאַרפרעמדט, דאָס נישט־באַגריפענע און פאַר־הוילענע — דאָס בויערט אין מיר".
(פרץ הירשביין: „מײַנע קינדער־יאָרן").

1

דער שרײַבער — און זײַן דור, דער שרײַבער — און זײַנע ליטעראַרישע מיטגייערס. איז ניטאָ דען קײַן שײַכות צווישן זיי? איז דען ניטאָ קײַן וועג, וואָס זיי אַלע אין איינעם האָבן געהאָלפן אויסטרעטן? איז ניטאָ דען קיין נאַטירלעכע שותפותדיקייט אין זייער אַלעמענס — אומבאַוווסטזיניקע צילן? רעדט דען ניט פון זיי אַלעמען אַרויס — צי זיי ווייסן עס אָדער ניט, — איין גײַסט, — דער „גײַסט פון דער צײַט"? איז הינטער זייערע באַזונדערע כאַראַקטערן, טעמפעראַמענטן, אינדיווידועלע אייגנ־שאַפטן און ווי דאָס אַלץ הייסט, ניטאָ עפעס, וואָס קומט פון שותפות־קוואַלן, — די קוואַלן פון דער עפּאָכע? איז אין יעדן פון זייערע אייגנאַרטיקע פנימער ניטאָ דען עפעס פונעם באַרימטן „פני הדור"?

אַפילו אין פרץ הירשביינען, וואָס פון אָנהייב אָן האָט ער אויסגעזען אַנדערש און איז געווען אַנדערש, ווי אַלע אַרומיקע, וואָלט לײַכט געווען אויסצוגעפינען זאַכן, וואָס האָבן אים געמאַכט ענלעך צו אַט די אַרומיקע.

שוין אָט דאָס עצם פֿאַרגינען זיך צו זײַן אינדיווידועל און אַנדערשדיק געהערט צו די זאַכן, וואָס האָבן געמאַכט הירשביינען פֿאַר אַ קינד פֿון זײַן עפּאָכע. ער איז ניט געווען דאָן דער אייני־ציקער יונגער ייִדישער שרײַבער, וואָס האָט אומרויִק געזוכט זיך אַליין און וואָס האָט זיך אַליין, זײַן אייגענע אומרויִקייט, זײַנע אייגענע זוכענישן געפּרוווט אויסצודריקן אין זײַנע ווערק. אַנדערע האָבן עס אויך געטאָן. דאָס איז געווען אַ כאַראַקטער־שטריך פֿון יענעם גאַנצן דור, וואָס אין סוף 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט האָט ער אַרײַנגעבראַכט אַזאַ פֿרישן לעבנס אָטעם, אַזאַ רײַכע און אימפּעטיקע שעפֿערישקייט אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

דאָס איז געווען באמת דער אָנהייב פֿון אַ נײַער ליטעראַ־רישער עפּאָכע, אַן עפּאָכע פֿון אויפֿוואַכונג.

מיט אַ מאָל און אומגעריכט האָבן זיך אַלע געהיימע טירן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אויפֿגעעפֿנט — און איינציקוויַז אָדער גרופּעסווײַז האָבן זיך גענומען ווײַזן אויף די שוועלן יונגע פּנימער, יונגע כּוחות, און יעדנס הויפּט־ציל איז, דאַכט זיך, געווען — אָט דאָס ווײַזן זיך, דאָס נתגלה ווערן און זאָגן: אָט בין איך! און אפֿשר גאָר: אָט בין איך (מיטן טראָפּ אויפֿן איך)!

פֿריער ה. נ. ביאַליק, יהואש, א. ליעסין, דוד פּינסקי, אברהם וואלט און אברהם רייזען, דערנאָך שלום אַש, ה. ד. נאָמבערג, בעל מחשבֿות, ז. שניאור, י. ד. בערקאָוויטש, ל. שאַפּיראָ, א. מ. ווײַסנ־בערג, יונה ראָזענפֿעלד, דוד איינהאָרן און אַלע איבעריקע זײַנען געווען אַנדערש פֿון אַלע זייערע פֿאָרגייערס מיט דער אויסנאָם פֿון פּרצן, דערמיט, וואָס להיפּוך צו יענע האָבן זיי ניט געזוכט צו באַהאַלטן און צו פֿאַרשטעלן זייער אייגן איך, און אין אַ ליטע־ראַטור, וואָס אין משך פֿון הונדערטער יאָרן איז זי געווען אַ ליטעראַטור פֿון כּלל, האָבן זיי אַרײַנגעלאָזן דעם פּרט, דעם יחיד מיט אַלע זײַנע יחידישע געפֿילן, שטימונגען, אײַנדרוקן, קאַפּריזן.

צו אָט דעם דור, וואָס זײַן אָנזאָגער און פֿירער איז געווען י. ל. פּרץ, האָט געהערט אויך פּרץ הירשביין. אַזוי, אַז גראָד זײַן פֿאַרטיפֿן זיך אין זיך אַליין, זײַן אָפּגעבן זיך מיטן פּרט מער,

ווי מיטן כלל, איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים פֿאַרבונדן מיטן ליטעראַרישן כלל.

איז עס געווען אַן עפּאָכע פֿון אינדיווידואַליזם? ניין, פֿאַרקערט, סאָציאַלער קאַמף און נאַציאָנאַלע שטרעבונגען האָבן אַרויפֿגעלייגט אויף איר זייער רויטן אָדער בלוי־ווײַסן שטעמפּל. הירשביין אַליין האָט געחלומט דעם חלום פֿון ציון, ווי אויך דעם סאָציאַליסטישן חלום פֿון דער נײַער יוגנט. דאָך איז עס געווען אין דער ייִדישער ליטעראַטור אַ צײַט פֿון אינדיווידועלער פֿאַרטיפֿונג, אַ צײַט פֿון איך־שטימונגען, נישט נאָר פֿון סאָציאַלע אַספּיראַציעס און נאַציאָנאַלע האָפֿענונגען. דאָס ייִדיש־העברעיִשע וואָרט האָט — אַ דאַנק טאַקע אָט די נײַע געזעלשאַפֿטלעכע שטרעבונגען — אויפֿגעבליט, — און די טבֿע פֿון אַן אויפֿגעבליטער ליטעראַטור איז אַרײַנצוקוקן אין דער נשמה פֿונעם יחיד, — מיטן כּלל־לעבן און מיט דער פּסיכאָלאָגיע פֿונעם קאָלעקטיוו אַליין קאָן זי זיך נישט באַנוגענען; זי איז צו רײַך אין קינסטלערישע כּוחות זי זאָל זיך דערמיט אַליין באַנוגענען. איז אין דער קלאַסישער ליטעראַטור פֿון כּל־ישׂראל פֿרײַ געוואָרן אַן אָרט פֿאַר ר׳ ישׂראל, און אַזוי ווי אַנדערע ייִדישע שרײַבער פֿון אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט אויך הירשביין זיך אָפּגעגעבן מיט ר׳ ישׂראל — און ממילא אויך מיט זיך אַליין.

אָבער נישט נאָר אין דעם פּרט איז ער אַ רעפּרעזענטאַנט פֿון זײַן דור. עס ציען זיך צווישן זיי און עס פֿאַרבינדן זיי אויך אַנדערע פֿעדים.

הירשביינס ערשטע ייִדישע רביים, ווי ווײַט ער האָט געהאַט רביים, זײַנען געווען, י. ל. פּרץ און ח. נ. ביאַליק, — די ליטעראַרישע מנהיגי הדור.

און ווײַטער:

פּרץ הירשביינס ערשטע ווערק זײַנען געשריבן געוואָרן אויף העברעיִש; היפּשע עטלעכע יאָר איז ער געווען צוויי־שפּראַכיק און האָט אַלץ כּמעט, דערהויפּט דאָס, וואָס ער האָט געשאַפֿן אין דראַמאַטישער פֿאָרם, — געשריבן אויף העברעיִש און אַליין עס איבערגעזעצט אויף ייִדיש אָדער, פֿאַרקערט, געשריבן

אויף ייִדיש און אַליין עס פֿאַרהעברעיִשט — אַ זאַך, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַ גרויסן, אויב ניט דעם גרעסטן, טייל שרײַבערס פֿון יענער עפּאָכע.

כאַראַקטעריסטיש פֿאַר זיי אַלעמען, אײַנגעשלאָסן הירשביינען, איז געווען אויך דאָס, וואָס (אין די ערשטע צען יאָר פֿון אונדזער יאָרהונדערט) האָבן זיי געשריבן ניט קיין ראָמאַנען, נאָר אָדער קורצע דערציילונגען מיט אַ צוגאָב פֿון לידער (אין פֿערזן און אין פּראָזע, אָדער (ווי פּרץ הירשביין) דראַמעס מיט אַ צוגאָב פֿון לידער.

דראַמע און פּאָעזיע האָבן (אין איינעם מיט דער קורצער דערציילונג) באַהערשט דאָן די אייראָפּעיִשע, ספּעציעל די רוסישע און אויך די ייִדישע ליטעראַטור.

הירשביינס באַליבטע ליטעראַרישע געביטן — די ליריק און די דראַמע — זײַנען פּאָפּולער געווען בײַם גאַנצן דור. איז אויך אין דעם פּרט געווען אַ שײַכות צווישן זיי.

אָן אַן ערך וויכטיקער איז אַן אַנדער פּרט: דער געמיש אָדער סינטעז פֿון רעאַליזם און ראָמאַנטישקייט — י. ל. פּרצעס חן, וואָס מאַכט אַזוי באַחנט אויך הירשביינס שטייגער שרײַבן.

אָט דאָס רײַסן זיך פֿון אונטן אַרויף, צו די וואָלקנס, צו די שטערן, אָט דאָס ציטערן און פֿלאַטערן צווישן וואָר און חלום, אָט דאָס אויפֿהייבן זיך און אַוועקפֿליען אינמיטן אַ וואָכעדיקן שפּאַציר, אָט די פּאָעזיע אין רעכטן מיטן פּראָזע איז געווען אַנס, וואָס איז אין דער ליטעראַטור פֿון אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געשען גאַנץ אָפֿט. בײַ ביאַליקן און בײַ ליעסינען, בײַ אַשן און אַפֿילו בײַ גאָמבערגן, בײַ דוד אײַנהאָרנען און בײַ א. ווייטערן, בײַ בעל־מחשבֿותן און בײַ ד״ר חיים זשיטלאָווסקין, נישט נאָר בײַ פּרץ הירשביינען, האָט מען געקאָנט זען אָט די פּאָעטישע פּראָזע און אָט דעם ראָמאַנטישן רעאַליזם.

ניט קיין אויסנאַם איז הירשביין אויך דערמיט, וואָס ער איז אַרײַן אין דער ליטעראַטור דירעקט פֿון פֿאָלק — פֿון „ליפּעס מיל״, פֿון די ווילנער קעלערס. אין יענער צײַט זײַנען ניט געווען שוין בײַ אונדז מער קיין זעלטנהײַט שרײַבערס, וואָס האָבן

געבראַכט מיט זיך די לופֿט, דעם לשון און די לעבנסדערפֿאַרונג פֿון דער יידישער פֿאָלקסמאַסע.

דאָס אַלץ אילוסטרירט די שייכות וואָס פּרץ הירשביין האָט צו זיין דור. דאָך איז אין דעם פֿאַל, ווי אין אַלע אַנדערע פֿאַלן, וויכטיק נישט אַזוי דאָס, וואָס מאַכט אַ שרייבער ענלעך צו זיינע צייט־חבֿרים ווי, פֿאַרקערט, דאָס, וואָס מאַכט אים אַנדערש פֿון זיי.

אויב מיר פֿייערן איצט הירשביינס זעכציק יאָר לעבן און די קרובֿ צו פֿערציק יאָר, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן אונדזער ליטע־ראַטור איןביידע שפּראַכן, — איז עס צוליב דער אַנדערשדיקייט, וואָס איז דאָ אַפֿילו אין זיין ענלעך־זיין צו די שרייבערס פֿון זיין צייט.

אין וואָס דריקט זיך אויס אָט די אַנדערשדיקייט פֿון אונ־דזער ליבן און חשובֿן יובילאַר?

2

הירשביינס אַנדערשדיקייט דריקט זיך, פֿריער פֿון אַלץ, אויס אין דעם, וואָס אַפֿילו אין זיין אַריינברענגען דעם פּרט און זיין אייגן איך אין זיין שאַפֿן, — אַפֿילו אין אָט דעם וויכטיקסטן פֿון אַלע פּונקטן, אין וועלכע ער איז ענלעך צו זיינע צייט־חבֿרים, — איז ער ניט אין גאַנצן ענלעך צו זיי. ער איז שנעל איבערגעגאַנ־גען פֿון דער סוביעקטיווער ליריק צו דער דראַמע, — דער אָביעק־טיווסטער פֿון אַלע ליטעראַרישע פֿאָרמען, כאָטש אויך אין דער דראַמע איז ער, אין תּוך, געבליבן ליריש.

הירשביין האָט, ווי אַנדערע שרייבער פֿון יענער צייט, גע־פּרוווט שרייבן דערציילונגען. לויט זיין „קינדער־יאָרן" האָט ער אין איינעם מיט אַ העברעיִשן שיר געשיקט צו „אחיאָסף" אין 1902 אויך אַ דערציילונג — און זי איז געשריבן געווען אויף יידיש. דער שיר, וואָס איז באַשטימט געווען פֿאַרן „הדור", וועלכן פֿאַרלאַג אחיאָסף האָט אַרויסגעגעבן, איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, די „דערציילונג", וואָס איז געשיקט געוואָרן פֿאַר „דעם יוד" פֿון דעם זעלביקן פֿאַרלאַג, איז געבליבן ניט געדרוקט. און אויך אַנדערע דערציילונגען, וואָס הירשביין האָט געשריבן אין יענע

יאָרן, זײַנען געבליבן אין מאַנוסקריפּט. געדרוקט געוואָרן, אַחוץ די לידער, זײַנען די דראַמעס, — אָנגעהייבן מיט „מרים" אָדער „באַרג אַראָפּ" (1904). די דראַמע איז, אויף אַזאַ אופן, געווען די פאָרם פון אויסדרוק, וואָס האָט הירשביינען אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע העברעיִשע און ייִדישע שרײַבער ערבֿ דעם ערשטן וועלטקריג. די דראַמע איז אין דער ייִדישער ליטעראַטור דאַן געווען טאָקע שטאַרק אין דער מאָדע: שיר ניט יעדער, וואָס האָט געהאַלטן אַ פּען אין האַנט, האָט געהאַט חשק צו שרײַבן טעאַטער־שטיק. אָבער הירשביין האָט ניט סתּם אַזוי געשריבן דראַמעס, ער איז געווען דער דראַמאַטיקער פון דער ייִדישער און דער העברעיִשער ליטעראַטור. ער האָט אַ לאַנגע צײַט, אַחוץ לידער (אין פּערזן און שפּעטער אין פּראָזע), אין קיין שום אַנדער פאָרם, אַחוץ אין דער דראַמאַטישער ניט געשריבן. און אין אַט דער פאָרם האָט ער געשריבן אָפּט און אַ סך. פאַרוואָס איז עס געווען אַזוי? איז דאָס, וואָס ער האָט געהאַט צו דערציילן, גע־ווען דען אַזוי רײַך אין האַנדלונג, אין אינעווייניקסטע קאָנפליקטן? ניין, דער שטאָף פון הירשביינס דראַמעס איז זעלטן ווען דראַ־מאַטיש. פאַרוואָס־זשע איז אים אַזוי שטאַרק געפעלן געווען די פאָרם פון דראַמע? „די דראַמע", ווי ער אַליין האָט דאָ ניט לאַנג געפּרוווט דערקלערן אין אַ בלעטל זכרונות (אין „טאָג" פון 3טן אויגוסט, 1941) — „די דראַמע האָט מיר יעמאָלט אויסגעוויזן, שטייט אין פאָרמע אַ סך העכער פון ראָמאַן מיט זײַן אופן פאַנאַנ־דערצולייגן אויף טעלערלעך דאָס לעבן פון איינעם, אָדער פון אַ גרופּע מענטשן. דער פּראָצעס פון באַשרײַבן און דערציילן איז אומגעלומפּערט אין פאַרגלײַך מיט דער שאַרפקייט פון דיאַלאָג. אַ סך העכער זײַנען יעמאָלט געשטאַנען אין מײַנע אויגן די דראַמעס פון די אייראָפּעיִשע דראַמאַטורגן, העכער פון די פאַרשיידענע באַרימטע ראָמאַנען. אויב דאָס לעבן, אין פּראָצעס פון יערן און אויפבֿרויז, שלאָגט אין דער הויך און ניט אין דער ברייט — אַזאַ לעבן צו כאַראַקטעריזירן, איז די פאָרמע פון דיאַלאָג מער צוגעפּאַסט ווי די דערציילונג. איז אַ סך נאַטירלעכער צו הערן ווי דער העלד אַליין רעדט און דעקט אָפּ פאַר אונדז דאָס טראַגישע צי

דאָס קאָמישע פֿון זײַן לעבן — ווי די דערציילונגען, ווו דער שרײַבער באַמיִט זיך פֿאַר אונדז מיט נײַן מאָס רייד אויסצומאָלן דאָס לעבן. די דראַמאַטישע פֿאָרמע דערלויבט ניט קיין איבעריקע רייד. די דראַמאַטישע פֿאָרמע דערלויבט ניט איבערצודערציילן אַן איבעריק מאָל דאָס, וואָס איז שוין איין מאָל אַרויסגעזאָגט גע־וואָרן. די גרויסע ראָמאַנען פֿון באַרימטע שרײַבער, האָט מיר יעמאָלט אויסגעוויזן, זײַנען בלויז אַ ים פֿון איבעריקע ווערטער". די דראַמאַטישע פֿאָרם זאָל ער, הייסט עס, האָבן געהאַלטן פֿאַסיקער נישט בלויז פֿאַר דער כאַראַקטעריזירונג פֿון אַ לעבן, וואָס איז „אין פּראָצעס פֿון יערן און אויפֿברויז", נאָר פֿאַר יעדער לעבנס־כאַראַקטעריזירונג. און פֿאַסיקער איז זי אין זײַנע אויגן געווען, דוכט זיך מיר, ניט נאָר ווײַל זי „דערלויבט ניט קײַן איבעריקע רייד", נאָר אויך צוליב אַ טעם, אין וועלכן ער אַליין האָט זיך אפֿשר נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון. ער איז געווען מער ליריש, ווי דראַמאַטיש, און דווקא אָט די לירישקייט פֿון זײַן געמיט האָט אים סטימולירט צו שרײַבן דיאַלאָגן און מאָנאָלאָגן. ער האָט — אפֿשר אומבאַוווסטזיניק — געפֿילט, אַז דער שטראָם פֿון זײַן סוב־יעקטיוויזם, פֿון זײַן אינעווייניקסטן ליריזם האָט געמוזט אײַנגעצאַמט ווערן, פֿאַרהאַלטן ווערן, ער זאָל זיך ניט איבערגיסן איבער די ברעגן. די אינסצעניזירונג איז געווען דערצו אַ גוט מיטל, — אַ מיטל צו אָביעקטיווירן און, אַזוי צו זאָגן, צו באַרויִקן דעם דיכ־טערס געמיט.

דער עלנט, דער צער, וואָס ער האָט אין זיך אַליין אײַנגע־זאַפּט אין די אַלע קעלערן אויף די אַלע בוידעמשטיבלעך פֿון ווילנער אָרימע געסלעך; זײַן אייגענער עלנט, זײַן אייגענע יוגנטלעכע אומרויִקייט זײַנע אייגענע חלומות און בענקענישן זײַנען אַרײַן אין די פֿאַרשוינען פֿון זײַנע טעאַטער־שטיק — און אים דערלייזט, באַפֿרײַט אים פֿון זײַן שטאָלצער און פֿײַנלעכער שטומקייט.

דאָס עצם פֿאַרשטעלן זיך, דאָס שפּילן (אין דער פֿאַנטאַזיע) טעאַטער איז אויך געווען מסתּמא פֿאַר אים אַ קוואַל פֿון קינסטלע־רישער באַפֿרידיקונג.

אין הירשביינען האָט פֿון אָנהייב אָן געמוזט זיצן אַ טעאַטער־מענטש, אַ מענטש, וואָס פֿורעמט־אויס אַ געשטאַלט פֿון זיך אַליין, אַ מענטש, וואָס פֿילט און טראַכט אַזוי, ווי ער זעט אויס (ניט ער זעט אויס, ווי ער פֿילט און טראַכט). אָט דער גילגול פֿון טעאַטער, וואָס איז געזעסן אין הירשביינען, האָט זיך באַהעפֿט מיט דעם לירישן פּאָעט אין אים, און ביידע אין איינעם האָבן זיי געפֿלאָכטן דיאַלאָגן, געמאַכט סצענעס, געלאָזט מענער און פֿרויען פֿון פֿאָלק (און דעם שרײַבער, וואָס האָט מיט זיי טיף מיטגעפֿילט) זיך אַראָפּריידן פֿון האַרצן . . .

דער לירישער פּאָעט און דער טעאַטער־שפּילער זײַנען צוויי הירשביינס, וואָס זײַנען געוואָרן איינס. אָבער אויך הירשביין דער מילנער אָדער דער ישובֿניק און הירשביין דער לערנער אָדער דער אינטעליגענט זײַנען געווען צוויי אין איינעם. דער לערנער, דער משׂכּיל, דער אָפּגעזונדערטער אינטעליגענט אין הירשביינען האָט זיך אויסגעלעבט מער אין לידער; דער פֿאָלקסמענטש (און אויך דער פֿאָלקלאָריסט) אין איינעם מיט דעם טעאַטער־מענטשן און דעם פּאָעט אין אים האָט געפֿונען פֿאַר זיך זײַן הויפּט־אויסדרוק אין דער דראַמע.

אַזוי, אַז ער איז פֿון אָנהייב אָן געווען אַנדערש פֿון אַנדערע ייִדישע שרײַבער נישט נאָר דערמיט, וואָס אין אַ סבֿיבֿה, ווו עס איז נישט געווען קיין קונסט־טעאַטער, האָט ער געהאַלטן אין איין שרײַבן טעאַטער־שטיק, נאָר אויך דערמיט, וואָס זײַנע דראַמעס זײַנען, אין תּוך גענומען, געווען, ווי געזאָגט, אַן אויסדרוק ניט אַזוי פֿון די דראַמאַטישע קאָנפֿליקטן, ווי פֿון לירישע געמיטצוּשטאַנדן, — פֿון דעם צער, דער שטומקייט און דעם געשריי — פֿון דעם ייִדישן פֿאָלקסמענטשן, ווי אויך פֿון זײַנע אייגענע „אייַנזאַמע וועלטן".

דאָר זײַנען געווען אייגנאַרטיקע שאַפֿונגען: פֿון איין זײַט זײַנען זיי באַאײַנפֿלוסט געווען פֿון דער אייראָפּעיִשער און דער־הויפּט דער רוסישער דראַמע, וועלכע איז פּאָפּולער געווען אין יענער צײַט; פֿון דער אַנדער זײַט, זײַנען זיי געווען טיף ייִדיש, שעפּנדיק פֿון די צוויי עלטסטע און טיפֿסטע קוואַלן פֿון דער ייִדישער

ליטעראַטור, — (א) דער ליריק און (ב) דער פֿאָלקס־מעשׂה.

יע, הירשביין האָט זיך ניט דערוויטערט פֿון די טיפֿע ברונימער פֿון זײַן פֿאָלקס שאַפֿן, ווען ער האָט זיך גענומען פֿאַר דער דראַמע. פֿאַרקערט, ער האָט איר געלאָזט שעפּן פֿון זיי. און אפֿשר איז אים טאַקע דערפֿאַר געווען באַשערט צו ווערן איינער פֿון די, וואָס האָבן געהאָלפֿן דעם יידישן טעאַטער פֿאַרבונדן ווערן מיט דער יידישער ליטעראַטור אויף אַן אָרגאַנישן אופֿן.

ער האָט אינסצענירט דאָס ליד און די פֿאָלקס־מעשׂה — די צוויי וואָרט־שאַפֿונגען, וואָס זײַנען דעם יידישן פֿאָלקסמענטשן אַזוי נאָענט.

ער האָט עס געקאָנט און געוואָלט טאָן, ווײַל ער אַליין האָט מער, וויפֿיל יעטווידער אַנדער שרײַבער פֿון זײַן דור, אין זיך אײַנגעזאַפּט די קלוגשאַפֿטן און די קלאַנגען פֿון דעם פֿאָלקס־נשמה.

ער איז, ווי עס איז שוין פֿריער געזאָגט געוואָרן, ניט געווען דער איינציקער פֿאָלקסמענטש צווישן די שרײַבער פֿון זײַן דור; א. מ. ווײַסנבערג, יונה ראָזענפֿעלד און אַנדערע האָבן אויך געשטאַמט פֿון דער פֿאָלקסמאַסע, און אויסערלעך זײַנען זיי אפֿשר געבליבן נעענטער צו איר, ווי הירשביין, אָבער אינעווייניק איז ער מער ווי זיי באַהעפֿט און צונויפֿגעוואָקסן מיט דעם פֿאָלקס־וואָרצלדיקייט, — אפֿשר אַ דאַנק דער דאָרף־ און נאַטור־סבֿיבֿה, ווו ער האָט פֿאַרבראַכט זײַנע קינדעריאָרן.

3

ריידנדיק אין אָנהייב פֿונעם אַרטיקל וועגן די ענלעכקייטן, וואָס זײַנען פֿאַראַן צווישן פּרץ הירשביינען און דעם דור יידישע שרײַבערס, צו וועלכן ער געהערט, האָב איך דערמאָנט די צוויי־שפּראַכיקייט, וואָס ער האָט, ווי מען זאָגט אויף ענגליש, געטיילט מיט זײַנע צײַט־חבֿרים. אָבער אויך אין דעם פּרט איז ער געווען אַנדערש פֿון זיי, נישט נאָר ענלעך צו זיי. די ענלעכקייט איז געווען אַ מער דרויסנדיקע, די אַנדערשדיקייט — אַ מער אינעווייניקסטע. דרויסנדיק גענומען, האָט ער אַזוי ווי כּמעט אַלע יידישע שרײַבער פֿאַר דעם ערשטן וועלט־קריג געשריבן אי העב־

רעיִש, אי יידיש. קוקט מען אַרײַן אין אים אינעווייניק, האָט מען דעם אײַנדרוק, אַז פֿאַר אים איז העברעיִש אין אָנהייב גע־ ווען מער ווי איינע פֿון די צוויי שפּראַכן, וואָס ער האָט באַנוצט. העברעיִש זעט אויס צו האָבן געווען פֿאַר אים אין אָנהייב אַ נע־ ענטערע און אפֿשר טאַקע אַ אינטימערע שפּראַך, ווי יידיש. העב־ רעיִשע ווערטער האָבן שטיל אין אים אויפֿגעקלונגען, ווען עס האָט זיך אים געוואָלט זינגען — און וואָס איז אינטימער, ווי געזאַנג? זײַנע לידער זײַנען געווען ניט קײַן לידער, נאָר שירים. אין זיי האָט זיך געפֿילט דער ספֿר, דער אַלטער און דער נײַער יידישער ספֿר, די גאַנצע יידישע קולטור, וואָס ער האָט אין זיך אײַנגעזאַפּט, לערנענדיק אין חדר, אין די ישיבֿות, אויך אָפּגעבנדיק זיך מיט השׂכּלה. יידיש איז געווען די שפּראַך פֿון דער פֿאָלקס סבֿיבֿה, — און זי איז אים אויף איר אייגענעם אופֿן געווען נאָענט. „ווילנער אָרעמקייט" באַשרײַבט ער, ווי ער אַליין דער־ ציילט, „דווקא אין יידיש". אָבער לירישע און נאַציאָנאַלע לי־ דער — זיי שרײַבט ער (אין אָנהייב) אויף העברעיִש. „יידיש" לייענען מיר אין „קינדער־יאָרן", — „קומט מיר אָן גרינג — און פֿאָרט שווער. קומט מיר אויס נאָענט — און דאָך נישט צו דער האַנט. אין שיר — גאָר שווער. פּרווו איך, דעריבער, שרײַבן דערציילונגען אין יידיש, שירים — נאָר אין לשון־קודש. איך ווייס, שרײַבט ער אַליין נישט אויף קלאָר, פֿאַרוואָס דאָס קומט אַזוי אויס. אפֿשר, זאָגט ער, ווײַל די בת־ציון רופֿט, מען זאָל צו איר זינגען, און זי פֿאַרלאַנגט עס נאָר אין לשון־קודש". אפֿשר — דערפֿאַר. עס קאָן אָבער זײַן, אַז דאָס איז געווען אויך דערפֿאַר, וואָס פֿאַר דער באַשטימטקייט פֿונעם פֿאָלקס לעבנסשטייגער האָט זיך געפּאַסט בעסער מאַמע־לשון, בעת פֿאַר זײַנע אייגענע אומ־ באַשטימטע און נעפּלדיקע געפֿילן איז בעסער געווען די שיינע העברעיִשע מליצה. שפּעטער — דערהויפּט בעת זײַנע רײַזעס איבער דער וועלט און נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַזעצט אין אַמעריקע, — איז ער, אַזוי ווי אַ סך אַנדערע יידישע שרײַבער, אין גאַנצן איבערגעגאַנגען צו יידיש. אָבער, להיפּוך צו אַנדערע, איז ער ניט אַוועק אין גאַנצן פֿון העברעיִש. עפּעס פֿון זײַן

אַמאָליקן לשון־קודש איז געבליבן אין זײַן ייִדיש־נוסח, אַזוי ווי עס איז פֿאַראַן עפּעס פֿון די שירים, מיט וועלכע ער האָט אָנגע־הייבן זײַן ליטעראַריש שאַפֿן, — אין זײַן פּראָזע. כ'האָב אויסגע־דריקט אָט דעם געדאַנק, ווען הירשביינען איז געוואָרן פֿופֿציק יאָר, און עס איז געפּײַערט געוואָרן זײַן יובילײ, — דערלויב איך זיך עס איצט איבערצוחזרן.

איך האָב דאַן געשריבן, אַז אָפֿט דוכט זיך מיר, אַז אין משך פֿון זײַן גאַנצער ליטעראַרישער טעטיקייט, האָט ער קיין אַנדער זאַך געגאַנגען געשריבן, אַחוץ העברעיִשע שירים. אין זײַנע גע־זאַמלטע ווערק זײַנען, אמת, דאָ ווינציק „קורצע שורהלעך". זיי זײַנען אָנגעפּילט מיט פּראָזע. אָבער הירשביינס פּראָזע איז אָנגעשטעלט אויף אַ פּאָעטישן טאָן; זי זינגט ווי ליריק.

בלויז אין די אידיליש־רעאַליסטישע דראַמעס לאָזט זיך הירש־ביין אַראָפּ ביז צו דער שפּראַך פֿון דעם געוויינלעכן, אָפֿט דאָרפֿישן, בשר־ודם (אויך זײַן אויטאָביאָגראַפֿיע, איז צום גרעסטן טייל געשריבן אויף אַן איינפֿאַכן ייִדיש). אין אַלע אַנדערע שריפֿטן איז זײַן סטיל אַן אָנגעצויגענער, אַ געהויבענער, אַ יום־טובֿדיקער, אַ לשון־קודשדיקער.

ניט נאָר אין אַזוינע ספּעציפֿישע שטימונגס־זאַכן, ווי די, וועלכע זײַנען אַרײַן אין די קליינע זאַמלונגען — „פֿון מײַן אַל־באָם", „מײַן בוך", „פֿאַרן מאָרגנשטערן" (אַלץ זייער כאַראַקטע־ריסטישע נעמען, דערהויפּט איז הירשביינעש — „פֿון מײַן אַל־באָם"), אויך אין זײַנע וועג־ביכער איז ער אַ פּאָעט, עפּעס אַ מין „וואַנדערנדיקער זינגער", מיט אַ פֿידל אונטערן אָרעם, מיט אַ פֿלייט אין רײַזע־טאַש.

אין אַלע זײַנע רײַזעס, — אומעטום ווו ער וואָגלט און וואַנ־דערט, אין יאַפּאַן אָדער אין אינדיע, צווישן די בערג פֿון יהודה, אין די סטעפּעס פֿון אוקראַיִנע, אין נײַ־זעלאַנד אָדער אויף די פּרעיריס פֿון צפֿון־אַמעריקע, צווישן ווילדע שבֿטים אָדער אין צענטרען פֿון מאָדערנער קולטור — אומעטום זינגט ער אויס, וואָס ער הערט, אויך וואָס ער זעט אַזוי ווי די וועלט זאָל זײַן אַ ניגון. אומעטום פֿילט זיך זײַן מוזיקאַלישקייט. עס הערט זיך דער ניגון,

דער „רויטער״ אָדער דער „בלויער״ ניגון, וואָס זײַן זיידע האָט אים געלערנט.

אַפילו אין זײַן טעאַטער־וועלט, אין דער וועלט פֿון זײַנע דראַמעס, ציטערן אָפֿט סטרונעס, שטאַרק אָנגעצויגענע לירישע סטרונעס . . .

הירשביין — דוכט זיך אָפֿט, שרײַבט ניט, נאָר ער דאַוונט, דבקהט זיך מיט גרויס כּוונה. ער איז זעלטן ווען אַ געוויינלעכער, וואָכעדיקער בעל־תּפֿילה. זײַנע ניגונים זײַנען ניגונים פֿון אַ בעל־מוסף . . . און אָט דאָס האָב איך געמיינט, ווען איך האָב געזאָגט, אַז אין זײַן שרײַבן איז דאָ עפּעס פֿון העברעיִש.

העברעיִש איז מער ווי אַ שפּראַך: ס׳איז אַ נוסח. (די פֿרעמדקייט, די טויטקייט פֿון אַ געוויסן סאָרט מאָדערניזירטן העב־רעיִש נעמט זיך טאַקע דערפֿון, וואָס אין אים זײַנען געבליבן נאָר די עלעמענטן פֿון שפּראַך; דער סטיל איז צעשטערט געוואָרן, עס האָט זיך אויסגעוועפּט זײַן ריח, זײַנע קאָלירן זײַנען אָפּגעבלאָ־קירט געוואָרן).

מען קאָן אויף יעדער לשון שרײַבן אַזוי, אַז עס זאָל זײַן לשון־קודש. הירשביין איז אַ לשון־קודשדיקער שרײַבער — אויף ייִדיש. אָט איז אַ בײַשפּיל (אַ גאַנץ צופֿעליקער, אָבער איך וואָלט געקאָנט ברענגען הונדערטער אַזוינע בײַשפּילן): „זעכציק באַ־גינענס איז די זון לויטער אויפֿגעגאַנגען. זעכציק סוף־טאָגן האָט די זון אַראָפּגענידערט בײַם ראַנד פֿון מיטללענדישן ים. זעלטן־ווען אַ וואָלקן האָט געשטערט איר אויפֿגיין און פֿאַרגיין: גרויסער זומער איבער ארץ־ישׂראל־ערד. „ווען איך בין אַהער אָנגעקומען, האָט דער פֿרילינג געהאַלטן בײַם פֿאַרנייגן זיך צום זומער. דאָס לאַנד האָט רויט געפֿינקלט פֿון אַהינטער יעדער שטיין אַרויס: וויל־דער מאָן האָט געבליִט. רופֿט מען דאָ, אין ארץ־ישׂראל, דעם גליִענדיקן רויט — מכבייער־בלוט.... ווער דען האָט די בלומען פֿאַרזעצט צווישן שטיין און בײַם זײַט וועג? וועמעס האַנט האָט אַזויפֿיל אָנגעזייט און נישט מיד געוואָרן אין דער מיט פֿון זייען? העלדן־בלוט האָט מיט רויט געשפּרענקלט די ערד, נאָכדעם ווי דאָס קליינע, עזותדיק־שיינע און ביז דאַרנדיקייט שאַלקהאַפֿטיקע

לאַנד האָט זיך פֿאַר מענטשנס היים־ווי אַרויסגעבויגן."

דאָס איז דער אָנהייב פֿונעם בוך „ארץ־ישׂראל". און אָט איז דער שלוס: „פֿאָלק ישׂראל טאַנצט — אין זײַן טאַנץ אויך אַרום קבֿרים. איז עס ביטער, ווי פּאָלין. איז עס טרויעריק ביז צו דערוועקן אַלע טרערן־קוואַלן" . . .

דאָס איז ניט קיין איבערזעצונג פֿון העברעיִש: אַן איבער־זעצונג וואָלט געווען ניט־אינטערעסאַנט און ניט לעבעדיק . . . דאָס איז לשון־קודש, געשריבן מיט ייִדישע ווערטער. און נישט נאָר אויף ייִדיש, אויך וועגן (און פֿאַר) ייִדיש שרײַבט הירשביין אינעם נוסח פֿון ביבלישע פֿערזן:

„ . . . יעדער איינער, וואָס איז פֿון דאָרטן (פֿון בית־מדרש) מיט סענטימענטאַלע לידער אַרויסגעקומען צו דער גאַס, האָט גע־קוקט אין לעבן אַרײַן און געמיינט, אַז אין ווילד־וואַלד איז ער געקומען פֿויגלדיק אויסצווזינגען. אַרויסגעבראַכט אויף די ליפּן דאָס לשון־קודשדיקע און נישט דערהערט די שפּראַך פֿון פֿאָלק, וואָס האָט געבליִט אויף די ליפּן. דאָ האָט דאָס לעבן גערוישט, און בײַם דיכטער האָבן טויבן געוווּרקעט" . . . אַזוי איז עס געווען אַ מאָל. בײַ הירשביינען איז עס אַלע מאָל אַזוי. טויבן ווורקען בײַ אים, און עס גרײַזלען זיך פּסוקים־יאויך ווען ער שרײַבט אוף דער נידעריק געוואָרענער שפּראַך פֿון פֿאָלק . . . ער האָט פֿאַרלאָזן דעם העברעיִשן לשון, אָבער ניט דעם טאָן, ניט דעם נוסח פֿון העב־רעיִש. ער האָט אויפֿגעהערט צו שרײַבן שירים אין פֿערזן, כּדי זיי צו שרײַבן אין פּראָזע . . . יע, זײַן גאַנצע פֿערציק־יאָריקע ליטעראַרישע שאַפֿונג איז אין אַ געווויסן זינען אַ המשך פֿון די העברעיִשע שירים, מיט וועלכע ער האָט דעביוטירט.

פֿאַרוואָס איז עס אַזוי? און — צו וואָס האָט עס געפֿירט?

דאָס האָט זיך גענומען, ווי מיר דוכט זיך, פֿון הירשביינס אינעווייניקסטער פֿאַרנעפּלטקייט, פֿון איין זײַט, און פֿון זײַן גע־זונטער שטרעבונג בײַצוקומען די אומבאַשטימטקייט פֿון דעם נעפּל און צו פֿאַרמירן אים מיט דער הילף פֿון ריטם, — פֿון דער צווייטער זײַט.

פֿאַר זײַנע קלאָרע שטימען האָט ער קלאָרע ווערטער און אַ

קלאָרן טאָן, אָבער זײַנע אומקלאָרע שטימונגען — זיי איז אים שווער אַרויסצוזאָגן, מוז ער זיי „פֿויגלדיק אויסזינגען", באַנוצנדיק זײַן אייגענעם אויסדרוק.

ער זינגט אויס, אָנשטאָט אויסצוזאָגן, וואָס ער וויל, ווײַל אים אַליין איז ניט אַלע מאָל קלאָר, וואָס ער וויל. אַ נעפּל שפּרייט זיך, אַ צעשוווּמענער, צווישן אים און זײַנע געדאַנקען. אָט כאַפּט ער זיי — און אָט ווערן זיי ווידער צערונען און צעפֿלאָסן. גיי כאַפּ אַ שמעטערלינג! נעם דאָס קליינע, צאַרטע פֿלאַטערל צווישן די פֿינגער — און די פֿליגעלעך, די פֿיל־קאָלירנדיקע זאָלן בלײַבן גאַנץ!

הירשביין יאָגט זיך אָפֿט נאָך ציטערנדיקע, פֿלאַטערנדיקע שמעטערלינגען. ניט קענענדיק זיי פֿאַנגען אינעם נעץ פֿון פּראָזאַישע ווערטער, זוכט ער זיי צו פֿאַרכישופֿן מיט שפּרוכן, מיט פּסוקים, מיט האַלבע טענער, מיט זיגזאַג־ און זינג־זאַנג־ווערטער.

חנט ער זיך? ניין. ער קאָן ניט אַנדערש, ס'איז בײַ אים נאַטירלעך.

ווען ער קאָן, שרײַבט ער ייִדיש, פּראָסט ייִדיש, ווי מיר אַלע.

לייענט „דעם שמידס טעכטער", „גרינע פֿעלדער", „די פּוסטע קרעטשמע". לייענט אַנדערע טעאַטער־שטיק, ווו עס ווערט געוויזן, וואָס דער דיכטער האָט געהערט און געזען, גוט געהערט און קלאָר געזען. לייענט זײַנע קינדהײַט־ און יוגנט־זכרונות . . . אין די זאַכן איז נישטאָ קיין לשון־קודש, אויך נישט קיין תּרגום־לשון. אין זיי יאָגט ער זיך נישט נאָך שמעטערלינג־ און מעטערלינק־שטימונגען, דאַרף ער נישט קיין כּישוף־ריטמען, באַגייט ער זיך אָן זיגזאַגן, אָן זינגזאַנגען.

פֿאַרגלײַכט דאָס בוך וועגן די ייִדישע קאָלאָניעס אין סאָוועט־רוסלאַנד („שוואַרצבערוך", וואַרשע, 1930) מיט זײַן רײַזע־באַשרײַבונג פֿון ארץ־ישׂראל (1929). דאָס ערשטע איז געשריבן כּמעט אין גאַנצן אויף ייִדיש, דאָס צווייטע — דורכויס כּמעט אויף לשון־קודש (מיט ייִדישע ווערטער). איז עס דערפֿאַר, וואָס אין ראַטנ־פֿאַרבאַנד איז פֿאַר ביבלישע קלאַנגען געווען אַ שלעכטע אַקוסטיק? ניין, דאָס איז דערפֿאַר, וואָס די רעוואָלוציע האָט פֿײַנט נעפּלען, זי

פֿאָדערט קלאָרקייט („אַהער אָדער אַהין!” „יע אָדער ניין?”). האָט זי אויך הירשביינען אויסגעלערנט ריידן קלאָרע דיבורים. ארץ־ישׂראל האָט עס אים נישט אויסגעלערנט, נישט געקאָנט אויסלערנען. „ארץ־ישׂראל איז דאָך אַלץ, ווי ער זאָגט, אַ לאַנד, ווו חלום און וואָר גייען אַזוי נאָענט איינס לעבן אַנדערן”, אַ לאַנד פֿון „וואַכער פֿאַרחלומטקייט”, — „דאָס געבענטשטע און פֿאַרשאָלטענע לאַנד”. ער אַליין ווייסט ניט, וואָס ער זאָל טאָן — בענטשן אָדער שילטן. זינגט ער, שרײַבט . . . לשון־קודש.

עס איז ניט בלויז סטיל — עס איז אַ שטייגער דענקען, אַן אופֿן פֿילן. דערפֿאַר האָט עס אין זיך אַ געוויסע נאַטירלעכקייט — און פֿירט, ווען עס גליקט־אָפּ, צו שעפֿערישע רעזולטאַטן, צו די רעזולטאַטן, וואָס זײַנען דאָ אין אַ סך זײַטלעך פֿון זײַן „פֿאַרן פֿרימאָרגן”, אין אַ גרויסן טייל פֿון זײַנע רײַזע־באַשרײַבונגען, פֿון זײַנע דראַמעס, פֿון זײַנע ראָמאַנען, צו די קרעאַטיווע שפּורן, וואָס פֿילן זיך אין דעם עצם שפּראַך, פֿון וועלכער הירשביין האָט אַרויסגעכישופֿט נײַע קלאַנגען, נײַע אומגעריכטע טענער . . . אַט די טענער וועלן זיכער ניט פֿאַרקלינגען אָן שפּורן אין דער יידישער וואָרט־שאַפֿונג. עס וועט בלײַבן הירשביינס ניגון, דער יום־טובֿדיקער ניגון, דער ריטם פֿון געהויבנקייט, דאָס צאַרטע פֿלאַטערן פֿון שוואַכע, שיינע פֿליגלען . . .

זײַנען עס פֿליגלען פֿון מליצה? ניין. אויף מליצה־פֿליגלען קאָן מען זיך ניט אויפֿהייבן. הירשביינען געלינגט זיך אויפֿצו־הויבן אויף די פֿליגלען פֿון זײַן וואָרט. און אויב עס טרעפֿט, אַז מיר הויבן זיך נישט אויף מיט אים אין איינעם, איז עס אונדזער שולד. זײַנע פֿליגלען זײַנען אפֿשר טאַקע שוואַך, אָבער אויך מיר זײַנען שולדיק: מיר זײַנען צו שווער. ווען מיר זײַנען עס ניט, פֿליען מיר. אפֿשר ניט צו־ווײַט, ניט צו־הויך, אָבער — מיר פֿליען . . . ווּהין? ווען מיר גייען מיט הירשביינען, ווען מיר גייען מיט אים איבער דער ערד, וויסן מיר, ווּהין. ווען מיר שוועבן אין דער לופֿטן, איז די פּערספּעקטיוו אַ פֿאַרנעפּלטע. דאָך איז אַן אַנדערש מאָל גוט צו וויגן זיך אין אָט דעם ווייכן נעפּל, עס איז דאָ אַ ריטם אינעם וויגן זיך. מיר הערן עפּעס,

כאַטש מיר זעען נישט. דער מוזיקער אין הירשביינען פֿאַרבײַט דעם מאָלער, — דעם מאָלער, וואָס וואַכט אין אים אויף, ווען ער דערנענט זיך צו דער ערד, צו דער אַלטער מיל, צו דער קרעטשמע, צום שמיד, — ווען ער שרײַבט זײַנע אידיליעס, זײַנע זכרונות, — און שרײַבט זיי אויף פּראָסט יידיש.

דער מאָלער, דער סבֿיבֿה־מאָלער איז אפֿשר די געזינטערע, די „רײַפֿערע" העלפֿט אין הירשביינען, אָבער ניט די אייגנ־אַרטיקערע. די אייגנאַרטיקע העלפֿט זײַנע איז די מוזיק — דאָס זינגען, דער פסוק מיטן טראָפּ, און ניט אַזוי דער פסוק, ווי דער טראָפּ . . . איז הירשביין דאָך איינער פֿון יענע שרײַבער, וואָס גראָד דאַן פֿאַראינטערעסירן זיי אונדז מיט זיך, ווען עס איז זיי שווער צו דערגרייכן זייער ציל, ווען זיי מאַטערן זיך איבערצויאָגן זיך אַליין. בעת הירשביין זאָגט אונדז עפּעס — אין אַ דראַמע, אין אַ קאַפּיטל זכרונות, אין אַ רײַזע־באַשרײַבונג, אין אַ ליד אָן פֿערזן, פֿערטל פסוקים, פֿאַלן, וואַקלדיקע און קלינגענדיקע, פֿון נתפעל: אָן אַנדערער וואָלט עס אפֿשר אויך געקאָנט זאָגן — אַזוי טראַכטן מיר. ווען ער פֿאַרשטאַמעלט זיך, ווען שטיקער פֿערזן, פֿערטל פסוקים, פֿאַלן, וואַקלדיקע און קלינגענדיקע, פֿון זײַן פּען, ווערנדיק צעשלאָגן, צעשפּריצט, ווי כוואַליעס בײַם ברעג, — הערן מיר עפּעס, וואָס קיין אַנדערער, אַחוץ הירש־ביינען, וואָלט עס אונדז נישט געקאָנט לאָזן הערן . . .

און דאָס מיינט, אַז ער איז אַלץ מער ער אַליין, וואָס מער אין זײַן יידיש איז דאָ עפּעס פֿון העברעיִשקייט.

4

דאָס מיינט, מיט אַנדערע ווערטער, אַז הירשביינס רעאַליזם האָט אין זיך אַלץ מער פֿון הירשביינען אַליין, וואָס מער עס ווערט צו אים צוגעמישט ראָמאַנטישקייט (רעאַליזם און ראָמאַנ־טישקייט זײַנען אין דעם פֿאַל עקוויוואַלענטן פֿון נוסח יידיש און העברעיִשן נוסח).

הירשביינס שטילע רעאַליסטישע אידיליעס ווערן אומגעריכט

טיף און סודותדיק, ווען עס פֿאַלן אַרײַן אין זיי טראָפּנס אומרו, טראָפּנס שרעק (די „פּוסטע קרעטשמע“, „שדים ווייסן וואָס“) . . . ער אַליין זאָגט אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿיע: „דאָס דערגרייכטע און פּשוטע ווערט מיר באַלד פֿאַרפֿרעמדט, דאָס נישט־באַגריפֿענע און פֿאַרהוילענע — דאָס בויערט אין מיר“ . . . („מײַנע קינדער־יאָרן“).

אויך זײַנע רײַזע־באַשרײַבונגען זײַנען אַלץ מער זײַנע, וואָס ווינציקער זיי זײַנען באַשרײַבונגען, וואָס ווינציקער זיי האָבן אין זיך פֿון „דעם דערגרייכטן און פּשוטן“.

אַפֿילו דער ראָמאַן גערינגט אים אַלץ מער, וואָס נעענטער ער איז צום „נישט־באַגריפֿענעם און פֿאַרהוילענעם“, וואָס העכער ער הייבט זיך אויף איבער דער „דערגרייכטער און פּשוטער“ רעאַליטעט.

אַפֿילו אין די מאָנאָלאָגן, ווו ער ווײַזט זיך פֿאַר אונדז שוין ניט ווי פּרצס אַ „תּלמיד“, נאָר שיר ניט אין דער געשטאַלט פֿון שלום־עליכמס אַן אייניקל, — אַפֿילו אין די מאָנאָלאָגן איז פֿאַראַן עפּעס, וואָס דערמאָנט אונדז אָן הירשביינס „העברעיִשער“ ניט־וואָכעדיקייט און פּסוקימדיקייט, — און דאָס איז דער שפּרוך, דאָס שפּריכוואָרט, — די יום־טובדיקע אויפֿלײַכטונג פֿונעם טאָג־טעגלעכן ייִדיש.

אין אַלץ, וואָס הירשביין שרײַבט, אַפֿילו אין די איינפֿאַכסטע שילדערונגען פֿונעם לעבן, איז פֿאַראַן עפּעס אַ טאָן אָדער אַן אונטערטאָן, וואָס מאַכט, אַז דאָס זאָל אויפֿהערן צו זײַן טאָג־טעגלעך, עפּעס, וואָס מאַכט, אַז דאָס זאָל זײַן אַנדערש, ווי אין דער וואָכעדיקערווירקלעכקייט, אַנדערש, ווי בײַ אַנדערע, „וואָ־כעדיקע“, שרײַבערס.

און עס מאַכט נישט אויס, וואָס הירשביינס טיפֿערע וואָרצלען זײַנען אין פֿאָלק, אין דעם לעבן פֿון פֿאָלק און אין זײַן שאַפֿן, אין דעם פֿאָלקס ווירקלעכקייטן און אין זײַן פֿאַנטאַזיע; — דאָס, וואָס וואַקסט אַרויס פֿון אָט די וואָרצלען, און דערהויפּט די בליִונג איז אינדיווידועל־הירשבייניש.

די בליִונג פֿון הירשביינס שאַפֿן איז פֿײַן־פֿאַרביק, מעגן די וואָרצלען זײַן ווי גראָב און ווי גרוי.

הירשביינס בליִונג פֿלאַטערט אין דער לופֿט, און אויב מיר קאָנען זי נישט נעמען אין די הענט אַרײַן און אוודאי נישט אין מויל, נעמען מיר זי אויף מיט אַנדערע, דינערע און שאַרפֿערע חושים; מיר נעמען זי אויף מיטן חוש הראיה און מיטן חוש הריח . . .

יע, הירשביינס שאַפֿן איז, אַזוי ווי ער אַליין, דין. מעג דאָס, וועגן וואָס ער שרײַבט, זײַן ווי מגושמדיק, אונטער זײַן פֿען ווערט עס איידל און דין . . .

הירשביין קומט אַרײַן אין דער מיל פֿון אונדזער לעבן אַזוי, ווי דער יונגער רבֿ פֿון שטעטל פֿלעגט קומען פֿאַר פּסח אין ליפּעס מיל אַרײַן — כּשרן.

ווען דער רבֿ איז געקומען אין מיל אַרײַן, איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן שוואַרצן אויבערבגד, און אַז ער האָט אים אויסגעטאָן, איז ער געבליבן אין זײַן גלאַנציק־שוואַרצן אַטלעסענעם סורדוט, געבליבן שטיין מיט זײַן איידעלן בלאַסן פּנים, מיט זײַנע שוואַרצע — אַזעלכע פֿרעמדע אויגן . . . „טראַכט מען: ווי אַזוי וועט עס דער רבֿ מיט אַזאַ אַטלעסענעם שוואַרצן בגד קריכן אין מיל אַרײַן, אַרײַנקריכן אין דעם מעלקאַסטן אַרײַן?״ אָבער ער קריכט אין מיל אַרײַן, ער קריכט אַרײַן אין מעלקאַסטן — און ווערט, ווי אַלע אַרומיקע, פֿאַרמעליקט, — ער קאָן זיך נישט העלפֿן. אָבער ער בלײַבט ניט, ווי אַלע אַרומיקע פֿאַרמעליקט. ער מאַכט ריין די פּאות, דאָס בערדל, ער ווישט אַרום מיט דער פֿאַטשיילע דאָס פּנים, זײַן אַטלעסענער סורדוט באַקומט צוריק זײַן אַטלעסענע חשיבֿות, און מען זעט, וואָס פֿאַר אַ הויכער און בלאַסער ער איז. מען זעט, אַז ער איז אַ רבֿ, ניט קײַן מילנער. אַזוי איז עס אויך מיט אונדזער פּרץ הירשביינען: מעג ער זיך האָבן ווי „פֿאַרמעליקט״ אין דער מיל פֿונעם וואָכעדיקן לעבן, — גלאַנצט דאָך די יום־טובֿדיקע אַטלעסדיקייט, לײַכט די חשיבֿות פֿון דעם סורדוט, וואָס ער טראָגט אַלע טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר, און מען זעט זײַן הויכקייט, זײַן ריינקייט, זײַן דינקייט.

## ב. ריווקין

# פרץ הירשביינס ראָמאַן — אַ דין געוועב אין אַ ברייטער ראַם

(„קינדער־יאָרן, רויטע פֿעלדער, „בבל׳׳)

אַלץ, וואָס פרץ הירשביין האָט פֿאַרמאָגט אין תּוך און מעטאָד; וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט ביז צום מיטן פֿון זײַנע מיטליאָרן אין אַרײַנגעהאָדעוועטער, אָנגעהאָרעוועטער און דערוואָרבענער דער־פֿאַרונג: די אַרײַנגעהאָדעוועטע דערפֿאַרונג, וואָס דער שריפֿט־שטעלער האָט מיטגענומען פֿון זײַנע קינדהייט־ און יוגנט־יאָרן; די אָנגעהאָרעוועטע דערפֿאַרונג, וואָס די שריפֿטשטעלערישע פען האָט אַרײַנגעאַרבעט אין אים; און די דערוואָרבענע דערפֿאַרונג, וואָס זײַנע דרײַ וועלט־וואַנדערונגען האָבן אים געגעבן — דאָס אַלץ האָט ער אַרײַנגעגעבן אין זײַנע ראָמאַנען, וואָס ער שרײַבט זיי זײַט 1933 — „רויטע פֿעלדער׳׳ און די טרילאָגיע „ניו־יאָרק — בבל׳׳.

זײַנע „קינדער־יאָרן׳׳, פֿון 1931—1932, זײַנען אַן אָפּשלוס און אַ נײַער אָנהויב, זיי פֿאַרשליסן און עפֿענען, זיי גיבן דעם שליסל צו דעם שריפֿטשטעלער, וואָס ער איז געווען ביז צו אָט דעם ווערק, און צו דעם שריפֿטשטעלער, וואָס ער איז געוואָרן נאָכדעם. דאָס ווערק ענטפֿערט אויף אַ ריי פֿראַגן, וואָס לאָזן זיך פֿרעגן אויף הירשביינען. פֿראַגע נומער איינס: — וואָס האָט אים געמאַכט אָנהויבן אין 1904 מיט געקינצעלטן, פֿאַרסירטן, געדיכט פֿאַר מרה־שחורהטן רעאַליזם פֿון „מרים׳׳ (אין העברעיִש; אין ייִדיש איבערזעצט: „באַרג אַראָפּ׳׳) — אַ רעאַליזם, ייִאָס ער האָט דערטריבן דורך די פֿײַנלעכע „איינזאַמע וועלטן׳׳ ביז צום פֿאַר־מאַטערטן נאַטוראַליזם פֿון דער „נבֿלה׳׳? די פֿראַגע צום פֿרעגן איז דאָ: וואָס איז דאָס פֿאַר אַ רעאַליזם, וואָס איז נישט מער

זיי אָן אונטערבעט — אַ בייט פֿאַר סימבאָליש־מיסטישע אַרויס־שפּראָצונגען? אָט דער קעלער פֿון „איינזאַמע וועלטן", ווו עס זײַנען מיט דער האַנט צונויפֿגענומען זעקס אָפּפֿאַל־פּראָדוקטן פֿון אָרעמקייט, קראַנקהייט און עלטער — רעאַליזם איז עס? אַ פֿאַר־הויז פֿון אַ משוגעים־הויז, מיט ערב־משוגעים, האַלבע משוגעים, ווי אַ סוויטע פֿאַר אַ גאַנצן משוגענעם, עזריאַלן, וועלכער זוכט אין די פֿינטעלעך, פּאַסיקלעך און פֿלעקן אויף דער וואַנט און סטעליע דעם טײַך סמבטיון. — דער רעאַליזם איז דאָ נאָר אַ מיטל אַרויסצוצווינגען פֿון דער רעאַליטעט אַ סימבאָלישע אַנצוהערעניש אויפֿן וועלט־סוד. און נאָך מער אַזוי איז דער נאַטוראַליזם פֿון „נבֿלה". דער אינטעליגענט, דער נבֿלה־שינדער, וואָס מאַטערנדיק זיך פֿאַרמאַטערט ער אונדז, ער רײַסט זיך ניט נאָר די סטעליע, נאָר דעם הימל אויפֿצורײַסן. און וואָס האָט הירשביין זיך אָנגעזעצט אויף דעם אינטעליגענט? ניט נאָר אין „נבֿלה", נאָר אין אַ 4—5 דראַמען מאַטערט ער אים אויף אַלע אופֿנים. מיט וואָס האָט דער אינטעליגענט זיך פֿאַרזינדיקט אין זײַנע אויגן?

און ס'איז אַ פֿראַגע צו פֿרעגן אויף הירשביינס צווייטן שריט גלײַך דערויף. גייענדיק נאָך זײַן ערשטן „רעאַליסטישן" שריט, מאַכט ער שוין דעם איבערגאַנג צום „ריינעם" אינטעליגענטישן מיסטיציזם. מיט זײַן ערשטן ייִדישן ווערק „אויף יענער זײַט טײַך", אין 1906, הויבט ער אָן אַ סעריע דראַמען, וואָס האָבן אים געגעבן דעם שם פֿון ערשטן מיסטיקער אין דער ייִדישער ליטעראַטור. — אָבער מיסטיציזם איז עס? אין „תקיעת כּף" „צבֿש" — אַרום אַן אויסגעבאָרגטן בײַם פֿאָלק אָבערגלויבן איז אָנגעוווייט אַ לופֿט, וואָס זאָל שמעקן דעם אינטעליגענט מיט געהיימניש על־פּי מעטערלינק. אַ ווערק וואָס פּאָרט שעטנזדיק פֿאָלקסטימלעכקייט מיט אינטעליגענטישקייט. און עס פֿאָלגן אין פֿאַרלויף פֿון 3—4 יאָר וואָסערע 15 דראַמאַטישע ווערק וואָס מיניען זיך מיט פֿאָלקסטימלעכקייט אין רעאַליזם אַרײַן און מיט אינטע־ליגענטישקייט אין מיסטיציזם אַרײַן. זיי באַוועגן זיך גלײַכצײַטיק אויף ביידע פֿלעגינען—רעאַליסטישן און מיסטישן. זיי זײַנען דאָ און דאָרט און ניט דאָ און ניט דאָרט. דאָס וואָלט נאָך ניט אויסגע־

מאַכט. ס׳קאָן אפילו גוט זײַן. ערגער איז, וואָס סײַ דער רעאַליזם איז אַ געצוווּנגענער און סײַ דער מיסטיציזם איז אַ געצוווּנגענער. מען פילט יאָ, אַז געהיימעניש קוועלט אים פון האַרצן אַרויס, אָבער עס דערטראָגט זיך צו אים פון עפעס אַ דערווײַטנס, דורך אַ שיכט לײַדיקע לופט. און עס באַקומט זיך דער אײַנדרוק, אַז ער זאָגט נאָך און יאָגט נאָך מיט מליצה אַ דערווײַטערטן שפּור פון געהיימנישקייט. דאָך אַפילו דורך דער מליצה זײַט זיך דורך אַן עכטער אויפריכטיקער טאָן, ס׳הערט זיך אַ ציענדיקער, צע־צויגענער נאָכקלאַנג פון אַ לכתחילה האַרציקן ניגון. נאָר עפעס שטערט און פאַרווערט.

און אומגעריכט איז אַ ממש אַ וווּנדער געשען. — נאָך 2—3 יאָר אָפּרו פון דער פען — פון 1908 ביז 1910 — אין וועלכע פּרץ הירשביין איז איבערפלײַסיק פאַרנומען געווען מיט דער „פּרץ הירשביין־טרופּע״ — דער דריטער שפּרײַז. אָנהויבנדיק אין 1911 מיט דער „פוסטער קרעטשמע״, שרײַבט ער אין משך פון אַ קורצער צײַטאיבער אַ צענדליק פאָלקסטימלעכע דראַמען און אײַנאַקטערס, וואָס האָבן אים אַליין געהיילט און דעם יידישן טעאַטער געהיילט. דער אינטעליגענט איז דער רעזשיסאָר הינטער די קוליסן. אויף דער בינע די סביבה און די העלדן פון זײַן דאָר־פישער קינדהײַט און יוגנט, וואָס דער אינטעליגענט האָט זיי פאַר־שטעלט און באַהאַלטן. ער לאָזט זיי אַליין ריידן און האַנדלען. קיין שום געקינצלטקייט און געצוווּנגענקייט. מיסטיציזם נאָר אויף אַזוי פיל, וויפיל ער איז אויף אַ נאַטירלעכן אופן אײַנגע־שלאָסן אין רעאַליזם. דער פאָלק־שטייגער איז דאָך געווען אָנגע־שפּאַרט אויף דעם געהיימעניש, וואָס האָט געהויערט גלײַך הינטער דעם אויסערלעכן שײַן. קיין פאַפירענע מליצה־קוויטן, צום אָנ־דענק פון פאַרוועלקטע געפילן. נאָר דער פרישער ריח פון גע־פילן אין בליען. ניט קיין ציענדיקער, נאָגנדיקער נאָכקלאַנג פון אַן אָוועקלויפנדיקן טאָן, וואָס מאַכט קרײַנקען און בײַנקען. נאָר דער פולער ניגון, ווי ער זינגט זיך דעם פאָלק פון האַרץ אין אויער אַרײַן און מאַכט פריילעך און געזונט.

איז די הויפט־פראַגע צו פרעגן אויף הירשביינען: — וואָס

איז געווען די סיבה פֿון זײַן קרײַנקען און בײַנקען און פֿון דעם פֿלעצלעכן ווונדער פֿון זײַן זעלבסטהיילונג? דעם פֿולן ענטפֿער דערויף גיט הירשביין אין זײַנע „קינדער־יאָרן". אויב אין די פֿאָלקס־דראַמען, וואָס האָבן אים געזונט געמאַכט, גיט ער די סבֿיבֿה און די העלדן פֿון זײַן קינדהייט און יוגנט, — גיט ער אין די „קינדער־יאָרן" זיך אַליין, זײַן אייגענע פּסיכיק — דעם געמיט, וואָס די סבֿיבֿה און די העלדן האָבן אין אים אַרײַנגעהאָדעוועט. דאָס ווערק דעקט אויף פֿון וואַנען דער שרײַפֿטשטעלער, מיט אַלע זײַנע גאַנגען און איבערגאַנגען, האָט זיך אַרויסגענומען.

בראשית איז ער געווען אַ דאָרפֿס־ייִד — אַ זון פֿון דור־דורות דאָרפֿס־ייִדן. און אַ דאָרפֿס־ייִד איז ער געבליבן אַפֿילו נאָכדעם ווי ער האָט גענומען אָנמעסטן אויף זיך די שטאָטישע קליידער, וואָס האָבן אים ניט געקליידט. — און נאָך מער ווי דער פֿויער האָט דער דאָרפֿס־ייִד אין אים געלעבט מיט דער נאַטור פֿון קינדווײַז אָן. ווײַל דאָס הויזגעזינט האָט געצויגן חיונה פֿון אַ וואַסער־מיל. די שטוב איז געווען אינאיינעם מיט דער מיל. אַרײַנגייין אין שטוב איז מען געגאַנגען דורך דער מיל. די שטוב איז גע־שטאַנען אויף סלופּעס איבערן וואַסער. אַז די מיל איז געגאַנגען, האָט דאָס וואַסער גערוישט אונטער דער שטוב. אַלע ווענט האָבן געציטערט, ווען די מיל האָט פֿריילעך געקלאַפּט. וואַסער־גערויש, וואַסער־געמורמל שטענדיק אונטער דער שטוב — זײַנען די שטוביקע געווען הוילער געהער, ווײַל לויט דעם ווי דאָס וואַסער רוישט האָט מען געדאַרפֿט דערקענען צי די מיל וועט האָבן כּוח צו אַרבעטן, צי עס קומט צו, צי עס קומט אָפּ וואַסער.

באַזונדערס הערעוודיק איז געווען די מאַמע. זי האָט פֿאַר־נומען יעדער שאָרך. זי האָט ניט געקאָנט פֿאַרלײַדן, ווען די לאָ־פּעטקעס אין וואַסער־ראָד האָבן ניט ריכטיק געקלאַפּט. זי, די שפּראַך־לערערין, איז אויך געווען די נאַטור־לערערין פֿון די קינ־דער. אין די ערשטע ווערטער, וואָס זי האָט זיי געלערנט, האָט זי אַרײַנגעלייגט אויג און אויער. אַ שפּראָץ אויף פֿרילינג, פֿלעגט זי זיי אַרײַנפֿירן אין גאָרטן און לאָנקע און אָנרופֿן יעדער בלימעלע בײַם נאָמען. — און זעט, קינדערלעך, ווי די וואָלקענס קוקן אַראָפּ

אין וואַסער — זעט, זעט, אָט דאָס ווײַנפּערל וועט פּריער פֿון אַלע צײַטיק ווערן — דער דרויסן שמעקט אַזוי — ממש אויף חידושים!

פֿון דער מאַמען האָט פּרצל איבערגענומען צו זען, ווי דאָס גראָז וואַקסט און צו הערן ווי די נאַכט פֿליסט. צו פֿיר יאָר האָט ער שוין געוווּסט, וועלכעביימער זײַנען פּאַטערס און מאַמעס און וועלכע — שוועסטער און ברידער, צו פֿינף יאָר — וועלכע ביימער האָבן ליב, מען זאָל אויף זיי קלעטערן — אָט די, וואָס לאָזן נידעריק אַראָפּ זייערע צווײַגן. די לעבעדיקייט פֿון די ביימער איז אים באַגלייט אין דעם גאַנצן לויף פֿון זײַנע קינדער־ און יוגנט־יאָרן. לויפֿנדיק צום שטעטלשן חדר האָט ער געפֿילט, ווי די ביי־מער באַגלייטן אים אומעטיק. אויפֿן וועג צוריק פֿלעגן זיי אים באַגעגענען ווי אַן אייגענעם. ער האָט געוווּסט פֿון אַלע נעסטן אין די ביימער און קוסטעס פֿון יעדע זײַטן וועג. פֿלעגט כאַפּן אַ זופּ וואַסער פֿון סטאַוו פֿון דער שטעטלשער מיל, באַהאַלטן אין מויל דעם טעם, כּדי צו פֿאַרגלײַכן מיט דעם טעם פֿון איי־גענעם סטאַוו — דער אייגענער סטאַוו איז געווען אַ סך געשמאַ־קער. אין פֿרילינג פֿלעגט ער דערקענען די פֿאַראַיאָריקע פֿייגל לויט זייער טשוויטשערן. אין האַרבסט פֿלעגט אַלץ קלענער ווערן — דער וועג, די ביימער, דער הימל און אפֿילו דער שבת.

די דאָרפֿישע היים האָט אין אים אַרײַנגעפֿילט באַזונדערע חושים. און האָט אין אים אַרײַנגעהילכט ניגונים, וואָס הילכן זיך נאָך עד־היום אין זײַן געהער. דער צושטעלער פֿון ניגונים איז געווען דער 100־יעריקער זיידע יהושע, דעם טאַטנס טאַטע, וועל־כער איז שטענדיק אומגעגאַנגען מיט אַ ניגעלע. ער האָט געהאַט ניגונים פֿון אַלע קאָלירן — אַ רויטן, אַ בלויען, אַ געלן, אַ גרינעם און דעם באַליבטסטן — דעם ראַבן ניגון, וואָס ער האָט זיי אַלע אויסגעלערנט דעם אייניקל. דעם ראַכן ניגון האָט מען שטיל־שטיל געדאַרפֿט אָנהויבן — אַ ווײַטער ניגון, וואָס איז אַלץ נע־ענטער געוואָרן, ווען מען האָט אים איבערגעזונגען אַ מאָל פֿינף.

ווען פּרץ, אַלס עלף־יעריקער יינגל, האָט זיך אומגעקערט פֿון זײַן ערשטן אַרויספֿאָר קיין בריסק, איז דעם זיידנס ערשטע בקשה

צו אים געוועזן: זינג מיר, אייניקל, דעם ראָבן ניגון — און זײַן צוואה איז געוועזן: — געדענק מײַנע ניגונים, פּרצל.

און די דאָרפֿישע היים האָט אים מיטגעגעבן אַזויפֿיל נאַטיר־לעכע געהיימעניש, אַז עס זאָל אים קלעקן אויפֿן גאַנץ לעבן, און ער האָט זיך גאַנץ גוט געקאָנט פֿאַרשפּאָרן צו גיין לערנען מיסטיק בײַ מעטערלינקען. — „נישט־גוטע״ זײַנען געווען שטוביקע ווענס. נאָכדעם ווי מען פֿלעגט אַ ווינטער־אָוונט פֿאַרברייינגען מיט מעשיות וועגן נישט־גוטע, פֿלעגט מען זיי פֿאַריאָגן מיט קריאת־שמע לייענען. שולדיק אין דעם זײַנען געווען זייערע פֿאַרשאַרפֿטע חושים. בײַנאַכט, ווען די מיל איז געגאַנגען, פֿלעגט איר גערודער פֿאַרטרײַבן די מורא; אָבער אַז זי איז געשטאַנען, און דער ווינט האָט געשפּילט אין די ביימער, האָט מען שוין אָנגעשפּיצט די אויערן. וואָרים די שטוב־מענטשן — דער זיידע, דער טאַטע — האָבן שוין ניט איין מאָל געהאַט באַגעגענישן מיט נישט־גוטע. דער עלטערער ברודער קלמן האָט איין מאָל פֿאַרנדיק בײַנאַכט פֿון שטעטל דערזען עמעצן זיצנדיק אין גראָבן, בײַ דער זײַט פֿון וועג, און דער „עמעצער״ האָט געמאַכט צו אים מיט דער האַנט. — און וואָס עס האָט פֿאַראומערט דעם טאַטנס גאַנץ לעבן איז געווען דער טויט פֿון זײַן בכור פֿון דער ערשטער פֿרוי, יעקבֿ מרדכי, וועל־כער איז געווען אַ גרויסער למדן און האָט געזאָלט זײַן אַ רבֿ. פֿאַר־לאָזנדיק דעם שטעטלשן בית־מדרש, אין אַ לבֿנה־נאַכט, ערבֿ פּסח, ווען דער שניי האָט געלאָזט, האָט ער אויפֿן וועג צו דער מיל פֿלוצלונג דערזען בײַ זײַן זײַט אַ באַקאַנטן פֿויער, וואָס ער האָט געוווּסט, אַז מיט אַ וואָך צוריק איז ער געשטאָרבן, מסתּמא איז דאָס געווען זײַן אייגענער שאָטן. האָט ער זיך געלאָזט לויפֿן, און דער פֿויער מיט אים. אָנקומענדיק אַהיים, איז ער אַרײַנ־געפֿאַלן אין אַ פֿיבער, פֿון וועלכן ער איז שוין ניט אויפֿגעשטאַנען. פּרץ האָט עס געזאָלט אים פֿאַרבײַטן אַלס דער רבֿ פֿון דער משפּחה. האָט דער טאַטע אים געלאָזט וואַנדערן פֿון שטעטל צו שטעטל, עסן טעג, זיך וואַלגערן אין בתּי־מדרשים, ביז ער וועט דערלערנען צו סמיכה אויף רבנות. אויסגעלאָזט האָט זיך, ווי מיר ווייסן, אַז ער האָט דערוואַנדערט ביז ווילנע, און אָנשטאָט

צו ווערן רבֿ, איז ער געוואָרן אַ פּאָעט.

און ווידער שטעלט זיך אַרויס, אַז די מאַמע איז געווען נע־ענטער, בעסער אים פֿאַרשטאַנען און האָט געהאַט אַ גרעסערן חלק אין אים. ווי אַ מאַמע, וואָס האָט געבאָרן עלף קינדער, וואָס נאָר פֿיר פֿון זיי זײַנען געבליבן לעבן — האָט זי געוווּסט פֿון אַ סך סגולות. אַ סגולה קעגן „זאַוועלקעס״: — דאָס קינד זאָל זיך שטעלן מיטן פּנים צום קוימען, אַרײַנשטעקן דעם גראָבן פֿינגער אין מויל, אונטערשפּאַרן מיטן פֿינגער דעם גומען און דרײַ מאָל אַרײַנהויכן אין קוימען.

אָבער אַפֿילו דער אָבערגלויבן איז געמילדערט געוואָרן דורך איר פּאָעטישער נאַטור. — פֿאַר אַ דונער פֿלעגט זי מורא האָבן: — איך פֿאַרשטיי דאָס ניט. אַ סך זאַכן, מײַן קינד, פֿאַרשטיי איך נישט. נאָר אַז עס טוט אַזאַ דונער איבערן קאָפּ, פֿאַלט מיר דאָס האַרץ אַרויס. אוודאי וועסטו וויסן אַ סך מער. אוודאי, מײַן קינד, וועסטו פֿאַרשטיין. — און באַלד פֿלעגט איר פּנים אויפֿגע־ליכטיקט ווערן: — זעסט, פּרצל, סאַראַ רעגנבויגן דאָרט אין מזרח זײַט! ס'איז שוין ווערט געווען די שרעק. וואָס פֿאַר אַ קאָלירן זײַנען דען אין אים נישטאָ . . .

און ווען ער איז אַוועק איבער שטעטלעך און שטעט און גע־לערנט תּורה מיט השׂכּלה, האָט זי פֿון דער ווײַטנס ווי מיטגעפֿילט און מיטגעלעבט מיט אים. ווען ער פֿלעגט קומען אויף באַזוך, איז זי זייער נײַגעריק געווען זיך נאָכצופֿרעגן וועגן דער גרויסער וועלט. און געחלומט וועגן אַ צײַט, ווען מיידלעך וועלן אויך עפּעס לערנען צו וויסן. און זי האָט פֿאַריבל געהאַט אויפֿן מחזור פֿאַר זײַנע שווערע תּפֿילות. זי וואָלט בעסער געוואָלט דורך אייגענע תּפֿילות זיך אויסטענהן מיט גאָט. און זי איז שוין ניט באַשטאַנען דערויף ער זאָל דווקא אַ רבֿ ווערן — נאָר צו וואָס דאָס האַרץ וועט אים טראָגן. זי איז אַפֿילו געוואָרן אַ ביסעלע „אומגלויבעריש״. בײַ זײַן לעצטן באַזוך האָט זי אים געפֿרעגט: וואָס זאָגט מען עפּעס וועגן יענער וועלט אין אַזאַ שטאָט ווי ווילנע?

און פּרץ, וואָס פֿון אַלע קינדער האָט ער געהאַט דעם

אָפּענסטן געהער און די שאַרפּסטע ראיה און וואָס גראָז, פּויגל, בוים, שטיין, דער וועג און דער סטאוו האָבן גערעדט צו אים ווי לעבעדיקע — האָט דאָך זײַן פּאַנטאַזיע געדאַרפּט אַנגלאָפּן ווערן מיט נישט־גוטע און „שדים ווייסן וואָס״? ניין! הערט און שטוינט! דווקא דער חדר האָט זײַן קאָפּ אויסגעלײַטערט. דער חומש, דער תּנ״ך, ווו גאָט איז אין אַזאַ נאָענטן פּאַרקער מיט מענטשן, זײַנען געווען די לײַטערער. אַלע שטעלן אין תּנ״ך, ווו גאָט רעדט צו מענטשן און מענטשן צו אים, פּלעגן אים פּאַר־כאַפּן. ער וואָלט אויך געוואָלט אַזוי ריידן מיט גאָט. ער ווערט אַ גאָט־זוכער. מיט איובן האָט ער טענות צו גאָט. מיט ירמיהון בעט ער זיך איבער מיט גאָט. זײַן שטרענגער רבי מאָטעס איז ישעיה. שפּעטער, בײַם גמרא לערנען, איז ער טיטוס הרשע. בײַ זײַן בעסטן רבין, זלמן שרײַבער, וועלכער האָט געלערנט מיט זײַנע תּלמידים גמרא מער דורך הגדה, ווי דורך הלכה, דוכט זיך אים שוין אַז ער האָט דערגרייכט. גאָט וועט באַלד ריידן צו אים און ענטפערן אויף אַלע זײַנע שאלות. צו בר־מצוה — פּונקט ווי דעם גרינעם גראָז, האָט ער געזען גאָט אומגיין בײַ זײַן זײַט, אַכטונג צו געבן אויף זײַנע טריט און מעשׂים. — פּאַר־יאָגט זײַנען געוואָרן די נישט־גוטע, די יענע וועלטיקע, — גע־בליבן איז דאָס לעבעדיקע געהיימעניש האַרט נעבן אים. דער תּנ״ך, דער עיקר תּהלים, דער עיקר פֿון עיקר קאַפּיטל י״ט — „השמים מספּרים״ — איז געווען דער בריק, וואָס האָט אים איבערגעפירט פֿון תּורה צו השׂכּלה. „די הימלען דערציילן״ — דאָס האָט ער געוווּסט פֿון קינדווײַז אָן. די מאַמע האָט עס אים נאָך געלערנט. האָט ער ליב באַקומען העברעיִשע שירים און אַליין זיי גענומען שרײַבן . . .

דאָס איז וואָס די דאָרפֿישע היים האָט אים געגעבן: דאָס אינטימע צוזאַמענלעבן מיט דער נאַטור, דאָס צוזאַמענהויזן מיט וועלט־געהיימניש און דעם זיידנס ניגון. ער האָט די אַלע דאָר־פֿישקייטן אַרײַנגעצויגן אין זיך, אין זײַן פּסיכישן געבוי. זיי זײַנען געוואָרן זײַן אינעווייניקסטע היים. און אַלץ איבעריקער איז אים געוואָרן די דרויסנדיקע היים. נאָך זײַן ערשטן אומקער

אַהיים האָט ער זיך נאָך געקאָנט צוזאַמענריידן מיט דער זשאַב־קעלע. — ווייסטו, אַז דאָ בין איך געבאָרן געוואָרן? — אָבער נאָך יעדער ווײַטערן באַזוך, אַלץ ווייניקער באַרעדעוודיק זײַנען געוואָרן דער וועג, דער סטאוו, דער בוים, ביז זיי זײַנען אינגאַנצן אַנשטומט געוואָרן. יעמאָלט האָט ער געוווּסט, אַז ער האָט זיך אַרויסגעוואָרצלט, נישט מער זיך אַרײַנצוּוואָרצלען אין זײַן היים. בײַ זײַן לעצטער געזעגענונג מיט דער מיל, גייענדיק צו דער באַן, איז ער געגאַנגען אָדער אומגערן אַרײַנגעפאַלן אין סטאַוו. קיין סכנה איז ניט געווען. ער האָט געקאָנט שווימען ווי אַ פיש אין וואַסער. נאָך יינגלווײַז האָט ער אַרויסגעראַטעוועט פון סטאוו אַ פויער, וואָס איז דרײַ מאָל גרעסער געווען פון אים. נאָך אָט דער טבילה אין סטאוו איז ער אויף אייביק אָפּגעשניטן געוואָרן פון זײַנע קינדער־יאָרן.

עס איז אַ זכיה צו שרײַבן אַזאַ ווערק, וואָס פאָלגט נאָך דער אייגענער נשמה ביז צו אירע פריסטע וואָרצלען. עס איז אַ טבילה און אַ תּפילה. נאָך אַזאַ חשבון הנפש, נאָך אַזאַ נשמה־ריי־ניקונג, פילט מען זיך ווי נײַ־געבאָרן. עס איז דאָס גליקלעכסטע ווערק פון הירשביינס.

מיט די „קינדער־יאָרן" אין הינטערגרונט, קאָנען מיר איצט געבוי נאָכפאָלגן הירשביינס פסיכאָ־ביאָגראַפיע.

בעת ער האָט אָנגעהויבן, איז די דאָרפישע פסיכיק נאָך געווען לעבעדיק־רוי אין אים. ער האָט נאָך געלעבט מיט איר. אָבער אינסטינקטיוו האָט ער מורא געהאַט זיך צוצורירן צו דעם. עס וואָלט אים ווי געטאָן. מען פלאַפּעלט ניט אַרויס די פערזענלעכסטע, די אינטימסטע סעקרעטן. אָבער אַ שריפטשטעלער בטבע איז דאָך אַ ריידער און זעלבסטבאַריידער. האָט ער זיך פאַרשטעלט מיט דעם אינטעליגענט. אָט דאָס פאַרשטעלעניש איז עס געווען, וואָס האָט אים קראַנק געמאַכט, פאַרנעפּלט און „פאַרמיס־טיפיצירט". דער אינטעליגענט האָט דעם „טוט־ווײַ" איבערגעזעצט פון האַרצן אין קאָפּ אַרײַן. אָבער דער שטאָטישער מוח־לשון האָט אומבאַקוועם זיך געלייגט אויף זײַן דאָרפישער צונג. ער האָט ניט געצויגן דעם קול פון האַרצן. אַנשטאָט ברוסט־קול — פאַלצעט. די דין־דינע קאָפּ־שטיקלעך, די מוח־פּענעצלעך, די

אַבסטראַקציעס האָבן ניט געכאַפּט דעם געזונטן טעם פֿון דעם איי־
דעלן דאַרפֿישן מאַטעריאַל, וואָס ער האָט געהאַט אין זײַן באַזיץ —
מיט זײַנע דרײַ גרונט־עלעמענטן : נאַטור, געהיימעניש און ניגון.
נאָר שאָטנס פֿון טעם האָבן זיי געכאַפּט. וואָס דער טרוקענער
מוח־לשון האָט זיי נאָך מער צעריבן — אין מיסטישן שטויב,
שפּריי און טוי. האָט ער זיך געפּרוווט אויף רעאַליזם, נאַטוראַליזם
— מיט אַרײַנגעשטעקטע, מיסטיש באַשפּרענקלטע, סימבאָלישע
שטעקלעך. האָט ער זיך געפּרוווט אויף „ריינעם מיסטיציזם“, אויף
לידער אין פּראָזע, וואָס האָבן געהויכט הוילע לופֿט — מיינענדיק
שוין, אַז די אַלע „במקומס“ פֿון זײַנע דרײַ דאַרפֿישקייטן. — נאַ־
טור, געהיימעניש, ניגון — די אַלע „במקומס“ וועלן שוין בלײַבן
זײַן באַרוף. אָבער די אַלע „במקומס“ האָבן אים איבערגעלאָזט
מיט איין אומגעשטילטן דאַרשט און הונגער. האָט ער אָוועקגע־
לייגט די פּען. דעם שרײַבטיש האָט ער פֿאַרביטן מיט די בינע־
ברעטער. דער דראַמאַטורג איז געוואָרן אַ טעאַטראַל. איז געקו־
מען דער צוזאַמענברוך פֿון זײַן צווייטער שטאַרקער יוגנט־האָפֿע־
נונג, דער פֿאַנאַנדערפֿאַל פֿון דער „הירשביין־טרופּע“, מיט זײַן
נאָכווייעניש, דעם יאוש, און דאָס האָט אים גוט געטאָן. אים
האָט זיך געדוכט, ער איז אויסגעלײדיקט געוואָרן. אין דער אמתן
האָט ער אַרויסגעטרייסלט פֿון זיך דאָס אינטעליגענטישע פֿאַרשטע־
לעניש. דער דאַרפֿסיונג אין אים האָט זיך צוריקגעפֿונען. דערצו
איז צוגעקומען זײַן פֿאָרן קיין אַמעריקע. — אַמעריקע האָט אים צו־
געשטעלט אַ פֿאַרטיקן דעם טעאַטער־אינסטרומענט, וואָס אין דער
היים האָט ער אים אַליין געדאַרפֿט שאַפֿן און שיעור ניט גע־
בראָכן זײַן שריפֿטשטעלערישע קאַריערע דערבײַ. אַמעריקע האָט
אים אויך צוגעשטעלט אַ לעבעדיקע ליטעראַטור און טעאַטער־
אוידיענץ מיט נאָך גאָר אַ לעבעדיקן היים־אינטערעס. און אַמע־
ריקע האָט אים אַרײַנגעשטעלט אין אַ יונגער ליטעראַטור, וואָס
האָט געקוואָלן מיט שעפֿערישקייט. אַמעריקע מיט איר אימפּעט
האָט אים אויפֿגעוועקט צו אַ נײַעם שעפֿערישן פֿאַרנעם. און דער
עיקר אַמעריקע האָט אים געגעבן די נויטיקע דיסטאַנץ און אָביעק־
טיוויטעט אַריבערצוקוקן ווי אַ זײַטיקער צו זײַן היימישער דאַרפֿי־

שער סבֿיבֿה. דווקא די דערוויַטערטקייט פֿון דער היימישער סבֿיבֿה האָט אים אַלץ מער דערנענטערט צו איר. הגם זיך פֿער־זענלעך האָט ער אין זײַן נײַער סעריע פֿאָלקס־דראַמען ניט אָנ־גערירט — דער שריפֿטשטעלער שפּײַזט זיך נאָך אַלץ מיט די אינטימע היימישע סעקרעטן, וואָס טאָרן ניט אויסגעזאָגט ווערן, אָבער די סבֿיבֿה, וואָס איז אַרײַנגעוואָקסן אין זײַן געביין, רעדט זיך פֿון אים אַרויס פֿרײַ, מיט זײַן נאַטירלעכסטן קול, אָן מחיצות און פֿאַרשטעלעניש.

און עס קומט דער לעצטער אַקט פֿון זײַן זעלבסט־באַפֿרײַונג. פֿרײַ פֿון פֿאַרשטעלעניש, אין אוממיטלבאַרער נאָענטקייט צו זיך אַליין, נעמט ער אונטער זײַנע וועלט־רײַזעס, וואָס נעמען אים אַ מאָל 5 דורך צפֿון־אַמעריקע; צוויי מאָל דורך דרום־אַמעריקע: דורך דרום־אַפֿריקע, נײַ־זעלאַנד און אויסטראַליע. און אומעטום, אפֿילו אין דערווילדערניש, זוכט ער און געפֿינט דעם ייִדן. און דורךביידע ברעגן פֿון אַזיע — דורך דעם ווײַטן מזרח און נאָ־ענטן מזרח — מיט אַ לענגערן אָפּשטעל אין ארץ־ישׂראל. און ענדלעך דורך סאָוועט־רוסלאַנד — מיט אַ לענגערן אָפּשטעל אין ראַיאָן פֿון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע. צוריקקומענדיק צו זײַן אָבסערוויר־סטאַנציע אין אַמעריקע, האָט ער מיט איין בליק גע־קאָנט אַרומנעמען די גאַנצע ייִדישע וועלט־פּאַנאָראַמע. האָט ער זיך דערפֿילט אויף אַזויפֿיל באַרײַכערט מיט נײַע דערפֿאַרונגען, אַז ער האָט זיך שוין געקאָנט פֿאַרשפּאָרן אויסצולעבן זיך שריפֿט־שטעלעריש אויפֿן חשבון פֿון זײַן קינדהײַט און יוגנט. איז שוין קיין געפֿאַר ניט געווען אויפֿצודעקן די אינטימע היימישע סעקרעטן, וואָס האָבן געשפּײַזט דעם שריפֿטשטעלער אין אים. טוט ער עס אין די „קינדער־יאָרן“, כּדי פּטור צו ווערן פֿון זיי. און כּדי צו דערפֿירן זיך ביז צו לעצטער קלאָרקייט, ניכטערקייט און לויטער־קייט. דאָס ווערק איז אי אַ געזעגענונג מיט דעם שריפֿטשטעלער, וואָס ער איז געווען, אי אַ זעלבסט־מאָביליזאַציע פֿאַר נײַע שריפֿט־שטעלערישע אונטערנעמונגען. וואָרים מיט די „קינדער־יאָרן“ האָט ער ניט אַרויסגעוואָרפֿן זײַן קינדהייט און יוגנט פֿון זיך. נאָר דאָס וואָס איז געווען איבערלעבונג, איז געוואָרן טעכניק, וואָס איז אים

אַרײַנגערונען אין די פֿינגער. וואָס איז געווען תּוך, איז געוואָרן מעטאָד. דאָס ווערק איז דערמיט אויסגעצייכנט, וואָס עס אַנט־פּלעקט הירשביינס מעטאָד און מאַכט אי דעם לייענער, אי דעם שריפֿטשטעלער באַוווסטזיניק וועגן דעם. דער זעלביקער מעטאָד, וואָס האָט פֿריער געמאַכט הירשביינען פֿאַר אַ דראַמאַטורג, דינט איצט הירשביינען דעם ראָמאַניסט. דערפֿאַר איז דאָס ווערק אַ ווענד־פּונקט, און דער שליסל צוביידע הירשביינס — פֿון אַ מאָל און איצט.

אין וואָס באַשטייט דער הירשביינישער מעטאָד, וואָס ער האָט זיך צורעכטגעמאַכט פֿון זײַנע קינדהייט־ און יוגנט־איבערלע־בונגען ?

דאָס איז דער מעטאָד פֿון דער וואַסער־מיל — דער מעטאָד פֿון די מילשטיינער, וואָס זייער קריצעניש איז ווייך געמאַכט געוואָרן דורך דעם וואַסער־געררויש אונטער דער שטוב. די מילשטיינער, מאָלנדיק קערנער אין מעל, האָבן געשאַרפֿט און געשליפֿן דאָס געהער פֿון די שטוביקע און, דורך דאָס געהער, אויך די ראיה און אַלע זייערע חושים. באַזונדערס די מאַמע פֿון הויזגעזינט — זי איז געווען פֿינפֿאַך הערעוודיק, זעעוודיק און שפּירעוודיק. און פֿון דער מאַמען האָט זיך דאָס איבערגעגעבן צו איר געראָטנסטן קינד — פּרצל. בײַ ביידן — דאָס מינדסטע געשען, וואָס איז דערגאַנגען צו זייערע חושים, האָט זיך געשפּליטערט, און יעדער שפּליטערל איז אויפֿגעכאַפּט און געשפּירט געוואָרן. עס געשעט, עס געשעט, און כאָטש עס געשעט גאָרנישט, געשעט עס גאָר אַ סך. יעדע רגע איז פֿול מיט געשען! — אָט דער מעטאָד — דער מע־טאָד פֿון „הערן ווי די באַכט פּליסט און פֿון זען ווי דאָס גראָז וואַקסט" — האָט זיך איבערגעגעבן פֿון פּרצלען, דער מאַמעס קינד, צו פּרץ הירשביינען דעם שריפֿטשטעלער־דראַמאַטורג.

זײַן ערשטן אויסדרוק האָט דער מעטאָד געפֿונען אין לשון — אַ לשון, וואָס חלפֿט און פֿאַלמעסט, וואָס ער זעט, הערט און שפּירט, חלפֿט רגעס, חלפֿט שטראַלן, קאָלירן און שאָטנס ; חלפֿט געדאַנ־קען און געפֿילן. אויך די מאַמע איז געווען אַ „בעל־לשון". איר גאַנץ ריידן איז געווען אין „געחלפֿטע רגעס" — אין קורצע

פסוקים, אָנגעלאָפּענע מיט שפּירונג, געדאַנק און געפּיל. איר יע־דער זאָג האָט געהאַט וואָג. די קאַפּיטלען „צופּוס קיין מעליי־טשיטש" און „קינדער־יאָרן באַגעגענען די מאַמע" לייענען זיך ווי מגילת רות — אַנדערש נאָר דערמיט, וואָס דאָ גייט זי צוריק צום וואַלד־שטעטל, ווו זי איז געבאָרן געוואָרן, ווו זי האָט טאַטע־מאַמע און משפּחה; דאָס פירט זי דעם זון אַ קלויזניקל זײַן צווישן אייגענע; רעדט זי צום זון ווונדערלעכע, מחיהדיקע רייד . . .

— אַזוי זיצט מען, מײַן קינד, אויף אַן אָרט, ווי אַ וואָרים אין כריין — מיך האָט עס אויך, מײַן קינד, אין דער יוגנט געריסן אין דער ווײַטער וועלט אַרײַן. האָט מען נישט קיין פליגל, היניעט מען אָפּ דאָס ביסל יאָרן . . .

אַז מען וועט זיך גוט אײַנהערן, וועט מען אין דער מאַמעס שפּרוכן געפינען די שפּראַצן פון דיאַלאָג אין „פאַרוואָרפענעם ווינקל", „ראַזשינקעס מיט מאַנדלען" און „אליהו הנביא" — אַ „געהלפּטער דיאַלאָג" אין געחלפטע רגעס; ווו פון זאָג צו זאָג איז אַ דין־דינע אָפּשטופּונג אין געדאַנק, אַ דין־דין אָפּשניצל פון געפיל ווו עס דוכט זיך, אַז גאָרנישט געשעט און דאָך געשעט גאָר אַ סך געשעט אַזויפיל, אַז דער דיאַלאָג פון הירשביינס דאָר־פישע דראַמעס האָט דעם קונסט־טעאַטער אויפגעהויבן און אַוועק־געטראָגן. דאָס איז דער דיאַלאָג, וואָס האָט אַרויסגעשפּראָצט פון זײַן מאַמעס רייד צו אים, וואָס האָט הירשביינען פאַר דעם נאַטיר־לעכסטן דראַמאַטורג געמאַכט. אין זײַן אינטעליגענטישן פּעריאָד, ווען זײַן דיאַלאָג האָט געחלפּט לופּט און געשניטן פּאַסן פון שאָטנס און זיי דין־דין געמאַכט, האָט זיך באַקומען מיסטישער טוי. אין זײַנע פאָלקס־דראַמעס, ווו זײַן דיאַלאָג האָט געחלפּט ברויט און האָרץ, ווי דין ער האָט די פּענעצעס ניט געמאַכט — האָבן די דינקייטן נאָך אַלץ געגעבן געשמאַקן טעם.

דיאַלאָג איז דער ערשטער גרונט־עלעמענט פון הירשביינישן מעטאָד. די איבערלעבונגען פון זײַן קינדהייט, וואָס זײַנען דער עיקרשט געווען איבערלעבונגען פון דער לעבעדיקייט פון דער נאַ־טור אַרום מיל, זײַנען דורך זײַן דיאַלאָג אַרײַנגערונען אין זײַן מעטאָד, איבערלעבונג איז געוואָרן מעטאָד.

דער צווייטער גרונט־עלעמענט פֿון הירשבייןישן מעטאָד איז דעם זיידנס ניגון. ווו זײַן דיאַלאָג האַלט איין דעם געזונטן דאָרפֿישן טעם, הערט זיך דער ניגון גאַנץ שטאַרק איבער די רייד. מען קאָן זיי ריידן מיט אַ זינגענדיקן ניגון, אָט ווי פּרץ הירשביין אַליין רעדט. די זיידעס אין זײַנע פֿאָלקס־דראַמען האָבן אַלע זייערע זמרלעך. ווען הירשביין וואָלט געשריבן מוזיקאַלישע פֿאָלקס־דראַמען, וואָלט דעם זיידנס ניגון זיך נאָך שטאַרקער געהערט.

דער דריטער גרונט־עלעמענט פֿון הירשבייןישן מעטאָד שטאַמט אויך פֿון נאַטור איבערלעבונג, ווי די נאַטור לעבט זיך אויס אין יונגע מענטשישע הערצער; ווי זי רעדט זיך אַרויס אין בחור־מיידלשע ליבעס. די הירשבייןישע ליבעס האָבן אַלע כאַראַקטעריסטיקעס פֿון הירשביינס דיאַלאָג — דאָס זײַנען געחלפֿטע רגעס פֿון געחלפֿטע ליבע־געפֿילן. נאָך קיינער האָט ניט אַנטדעקט אַזויפֿיל דינקייטן אין ליבע ווי פּרץ הירשביין! די ליבע־ברוגזן צווישן בחור און מיידל, די ליבע־אייפֿערזוכטן צווישן שוועסטער און חברטעס, די ליבעס וואָס ווערן האַסן, און האַסן וואָס ווערן ליבעס — אין „שמידס טעכטער", „גרינע פֿעלדער", „פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל", „פּוסטע קרעטשמע" — ליבעס, וואָס לויפֿן אין אַזויפֿיל זיגזאַגן, וואַריאַציעס און שאַטירונגען — די דאָרפֿישע טעכטער זײַנען דאָך ראוי צו זײַן פּרינצעסינס! דאָס כּלה־מיידל בעבעלע, מיט דער כּסדרדיקן איבערגעלאָף פֿון אירע נאַיִוו־פֿאַרווונדערטע שטימונגען און רייד — זי איז דאָך ראוי צו זײַן אַ בת־מלכּה אין אַ קינדער־מעשהלע! ווו ליבע־שפּיל קומט זיך צונויף מיט הירשביינס דיאַלאָג — קומט אַרויס דאָס שענסטע פֿון אונטער זײַן פּען . . .

(אגבֿ, איז „בעבעלע" אַ בײַשפּיל פֿון הירשביינס ניט געקינצעלטן, נאַטירלעכן מיסטיציזם. בעבעלע לעבט אין זכות פֿון אַ נדר. ווען די מאַמע אירע, וואָס אַלע אירע קינדער פֿלעגן שטאַרבן אין די וויגן, האָט פֿאַרשווענגערט מיט בעבעלען, האָט זי זיך אַ נדר געטאָן, קיינמאָל איר ניט אַ קוש טאָן — ביז נאָך דער חתונה — און זי האַלט דעם נדר!).

איך האָב געמיינט, אַז הירשביינס מײַסטערשאַפֿט אין ליבע־

שילדערונגען וועל איך קאָנען אילוסטרירן בלויז מיט ביישפּילן פון זיינע דראַמען; אַז אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע „קינדער־יאָרן״, איבערטראַגנדיק זיין יוגנטלעכע שעמעדיקייט אין זיינע דערוואַקסענע יאָרן, וועט ער ניט אויסזאָגן, ווו ער האָט זיין מייסטערשאַפט אין ליבע־שפּיל געלערנט; אַז דאָס וועט בלייבן זיין פּערזענלעכער הויפּט־סעקרעט. שטעלט זיך אַרויס, אַז ער האָט יאָ אויסגעזאָגט — האַלב ניט דערזאָגט. איר נאָמען איז געווען שיינדל, דער נאָמען פון זיין מאַמען — אַ שוועסטער־קינד, דעם פּעטער אברהם טומענער טעכטערל. ביי זייער ערשטער באַגעגעניש אַלס קינדער — „אַ שוואַרצינקע איז זי; און קאָן שוין גאָר שיין שרייבן. האָט נאָך אַ שענערן כתב פון מיר״. — שפּעטער פאָרט ער צוליב איר לערנען תורה אין וויסאָקע. זי איז ניט אַזאַ שעמעדיקע ווי ער, און גלעט אים שוועסטערקינדעריש די באַקן. איר געפעלט שוין ניט, וואָס ער לערנט פאַר אַ רב. לערנען זאָל ער קאָנען, אָבער זיין זאָל ער אַ שטאַרקער מאַן, וואָס רייט אויף פערד; און זי פרעגט אים שוין מיט שרעק: — מען זאָגט אַז אַ בחור טאָר ניט נעמען אַ מיידל פאַר אַ ווייב, וואָס האָט דעם אייגענעם נאָמען ווי זיין מאַמע? . . . — נאָך שפּעטער, פון אָרלע, שרייבט ער איר בריוו, ווו ער לייגט אַריין אַ האַלבן שיר־השירים, און זי ענטפערט אים מיט נאָך שענערע געדאַנקען און מיט נאָך שענערן כתב. אירע בריוו ווערן אַלץ אָפענער — ליבעס־בריוו: — אָ, ווען זי וואָלט האָבן פליגלען, וואָלט זי צו אים אויף איין רגע אַריבערגעפלויגן; נאָר אַ קוק טאָן אויף אים, און ער אויף איר! — זי ווייס אויך פון דער בת־ציון, צו וועלכער ער שרייבט זיינע שירים; און עס שאַדט נישט וואָס איר נאָמען איז שיינע. — ער זאָגט קיין וואָרט ניט וועגן דעם, צי ער האָט זי ליב, אָבער געטריי איז ער איר. ווען די אָרלער שטעטלשע שיינהייט — פון דעם הויז, ווו ער האָט געגעסן דעם מיטוואָך־טאָג — האָט אים פּראָוואָצירט: — אַז אויב ער וועט זיין אַזוי ווי פּושקין, וועט זי אים ליב האָבן. — האָט ער זי באַשיידן־באַליידיקנדיק אָפּגעשניטן: — אָ, ער וועט קיין מאָל ווי פּושקין ניט זיין!

אויף זיין לעצטן באַזוך אין וויסאָקע, פאַרן שטעלן זיך צום

פּריזיוו, האָבן אירע עלטערן זיי שוין געלאָזט שפּאַצירן גיין ווי חתן־כּלה. אָבער באַלד נאָך זײַן אָפּפאָרן פאַרסמט זי זיך, דער אויסרייד איז געווען — זי האָט אומגערן פאַרזוכט פון די לאַטקעס, וואָס איר מאַמע האָט אַרויסגעשטעלט פאַר די מײַז.

די „קינדער־יאָרן" זײַנען אין דער אמתן אַן אויטאָביאָגראַ־פישער ראָמאַן מיט אַ הויפּט־העלדין אין ליבע. און זי איז די הויפּט־ליבהאבערין פון זײַנע דראַמען און ביידע ראָמאַנען. אין „בבֿל" הייסט שיינדל — קריינדל, און לעבט אויס אירע פולע יאָרן.

שיינדל איז דער דריטער גרונט־עלעמענט פון הירשביינישן מעטאָד. זײַנע ראָמאַנען שרײַבט ער פון זײַן דערוואָרבענער דער־פאַרונג מיט דעם מעטאָד, וואָס ער האָט זיך אויסגעאַרבעט פון זײַן פערזענלעכער דערפאַרונג. זײַן ראָמאַןאיז אַ דין־דין געוועב אויף אַ קאַנווע פון ליבע־שפּיל, אויסגעשטרעקט אין אַ ברייטער ראָם. די ברייטע ראָמען פאַר זײַנע ראָמאַנען האָבן אים געגעבן זײַנע וועלט־וואַנדערונגען.

זײַן צוויי־בענדיקער ראָמאַן „רויטע פעלדער", אָפּגעדרוקט אין בוך־פאָרם אין 1935, גיט איבער אין בעלעטריסטישער פאָרם די סבֿיבֿה־ און מענטשן־מאַטעריאַל פון זײַן רײַזע־בוך „שוואַרץ־ברויט", אָפּגעדרוקט אין 1930 — אַ מאַטעריאַל, וואָס איז פון אים געזאַמלט געוואָרן אין די 10 חדשים וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט די ייִדישע איבערוואַנדערער אין קרים אין 1928—1929. דער אי־בערבוי, דער איבערברוך אין דער פּסיכאָלאָגיע — דאָס איז די געזעלשאַפטלעכע ראַם פון ראָמאַן. אַרײַנגעשטעלט האָט ער אין דער ראַם די הויפּט־העלדן, וואָס אויף זיי ווענדט ער אַן דעם הירשביינישן מעטאָד פון ליבע־זיגזאַג. די גאַנגען און איבערגאַנגען אין זייער ליבע־ברוגז־שפּיל זײַנען די טרעפּן, אויף וועלכע די געשעענישן שטײַגן. אויף די האַרץ־בלעטער פון יונגע פרויען און מענער וויקלען די געשעענישן זיך פונאַנדער. דער גראַנגל פון געזעלשאַפטלעכע אידייען איז די באַגלייטונג.

עס איז אַ גרויסע שטיצע פאַר הירשביינען, וואָס די געזעל־שאַפטלעכע אידייִשקייט איז דאָ לעבעדיק און אַקטועל — די צײַט

און דאָס אָרט האָבן עס אים אונטערגעטראָגן, און ער דאַרף עס ניט צוטראַכטן. די געזעלשאַפֿטלעכע סתּירות — צווישן די אײַנגעוואָרעלטע פֿון בורזשואַזער און פּראָלעטאַרישער אָפּשטאַמונג; און די אידייִשע סתּירות צווישן דאָרפֿיש־פּויערישן און שטאָטיש־פּראָלעטאַרישן קאָמוניזם; צווישן דער שטרענג־קאָמוניסטישער און ייִדיש־נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע — דאָס אַלץ איז אים געגעבן פֿאַרטיקערהייט. אַלץ וואָס ווערט גערעדט וועגן דעם, איז ניט אויסערן וועג; געזעענע, פֿון לעבן גענומענע פֿאַרשוינען ריידן די רייד. — אַז ער קען כאַפּן פּנימער און געשטאַלטן פֿון דער לעבעדיקער ווירקלעכקייט אַרויס און זיי אָפּשילדערן אַפֿילו ווען זיי זיינען פּערזענלעך אים ניט נוגע — דאָס האָט ער נאָך אין „שוואַרצברוך" געוויזן.

דער עיקר זײַנען אָבער די הויפּט־העלדן, דורך וועמען דער ראָמאַן דאַרף געטראָגן ווערן און וואָס דער אידייִשער געראַנגל דאַרף זיך דורכראַנגלען דורך זייער ליבע־געראַנגל. צוויי זײַנען זיי דאָ אויפֿן ערשטן פּלאַן: בערע קאָוואַלסקי און לאַנע ברעזער. — בערע, זײַן פֿאָטער לייזער, זײַן זיידע עוזר, זײַן ייִנגערער ברודער נחום,—שמידן אונטערן שטעטל זײַנען זיי געווען. אין פּאָג ראָם זײַנען זיי אַלע אַרויס מיט אָנגעגליטע אײַזנס און אָנגעוואָרפֿן אַ מורא אויף די באַנדיטן. אין בירגער־קריג איז ער הויך געשטיגן. דער באָלשעוויזם איז אין אים אָנגעגליט אײַזן. ווען די סאָוועטרעגירונג האָט געהייסן ייִדן גיין אויף ערד, איז עס אַ באַפֿעל צו אים. ער דער ערשטער. דער שמידער פֿון אַקראַאײַזנס גייט צום אַקעראײַזן. איז ער אַ ייִדישער פּויער אויס באָלשעוויסטישער אײַנערצײַגונג. די אמתע סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט דורכגעפֿירט ווערן אין דאָרף! ער איז פֿאַר קאָלעקטיוו — ווילן זיי אָבער ניט! די רעוואָלוציע האָט זיי צעטרייבערט — זײַנען זיי געקומען צו דער ערד געפֿינען מציאות! ער איז אויסגעקליבן געוואָרן פֿאַרן עלטסטן פֿון קינפּטיקן ייִדישן דאָרף. האַלט ער זיך פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר זיי צו דער רעגירונג. קוקט ער מיט חשד אויף די געוועזענע הענדלער, וואָס עס ציט זיי אונטערצוספּעקולירן. — ער וועט זעצן אין „דאָרף!" . . . ער זעצט ניט, נאָר ער האַלט

אַן אויג. און ווען די פֿאָרשטייער פֿון ראַיאָנעם סאָוועט קומען אַראָפּ, טרעפֿן זיי צו די ריכטיקע שולדיקע.

עס איז ניט אַזוי זיכער, צי פּרץ הירשביין האָט אים שטאַרק ליב, אָבער ער איז אַרויסגעקומען בולט און סימפּאַטיש אַ דאַנק לאַנע ברעזער, זײַן קעגנשפּילערין אין ליבע — וואָס אין איר האָט פּרץ הירשביין באַזעצט זײַן גרויסע פֿרוי, אַ גלגול מסתמא פֿון שיינדלען.

לאָנע, די 20־יעריקע טאָכטער פֿון געוועזענעם אײַנגעפֿונדע־ווערטן שטעטלשן בעל־הבית וואָווע ברעזער — האָט זי מיט אירע אויגן געזען, ווי די מאַמע אירע איז געקוילעט געוואָרן מיט אַ טעמפּן קיך־מעסער. — האָט זי באַשלאָסן איבערגעבאָרן צו ווערן מיט דער נײַער סאָוועטישער אָרדנונג. באַשלאָסן, איז געטאָן. זי ברייננגט אַראָפּ דעם טאָטן מיטן דער ייִנגערער שוועסטער ביילקען אין קינפּטיקן ייִדישן דאָרף — און זי איז טאַקע אַן איבערגעבאָ־רענע. אַ שמאָלינקע, מיט שוואַרץ־געקרויזטע האָר, מיט שוואַרצע פֿאַרטאָיעטע אויגן — איז זי אַ קאָנאָן וואָס שיסט מיט ענערגיע. זי אַקערט, זי טרײַבט אָקסן, זי קנעט מיט באָרוויסע פֿיס ליים — און צווינגט די ייִנגערע שוועסטער איר נאָכצוטאָן — און צווינגט דעם טאָטן בויען אַ הויז — אין געוועט מיט בערעס משפּחה, די קאָוואַלסקיס. זייערע צוויי שטיבער וועלן זײַן די ערשטע אין דער קאָלאָניע, בעת אַלע אַנדערע איבערוואַנדערער וואַלגערן זיך נאָך פֿאַר מרה־שחורהטע, אין „בודעס", אין דזשווינט־הויז. מיט דעם געוועט עפֿנט זיך דער ראָמאַן: לאָנע, מיטן פֿאָטער, מיטן זיידן יאָשע ברענגען געהליך פֿון יעוופּאַטאָריע — מיט אַן אָקסן־געשפּאַן.

אינאיינעם מיט דער שטיבער געוועט, זײַנען לאָנע און בערע איינגעשפּאַנט אין אַ ליבעס־געוועט. זיי האָבן זיך געפֿונען, ווײַל זיי זײַנען די צוויי קענטיקסטע פֿאַרשוינען אין דער קאָלאָניע. און דער ראָמאַן ווערט שוין פֿון הירשביינען געטריבן אויף זײַן כאַ־ראַקטעריסטישן שטייגער — מיט פּאַוואָליעדיקן אימפּעט.

מען דאַרף לייענען הירשביינס ראָמאַנען פּונקט ווי ער שרײַבט און דרוקט זיי — קאַפּיטלעכווײַז. אַ קאַפּיטל און אַן אָפּ־

שטעל. יעדער קאַפּיטל אַ זאַך פֿאַר זיך. אין יעדער קאַפּיטל איז דאָ דאָס הירשביינישע „עס געשעט און געשעט און דאַכט זיך, עס געשעט גאַרנישט און עס געשעט גאַר אַ סך!" . . . — און ווען אַ קאַפּיטל געלינגט, האָט מען הנאה פֿון דעם בעסטן, וואָס איז דאָ אין הירשביינען — דאָס זיגזאַגישע אין האַרץ און אויגן. און דאָ געלינגט אים מערערע מאָל. ווײַל די סיטואַציע האָט אים צום צווייטנמאָל צוגעשפּילט: עס איז דאָך דאָרף, סטעפּ, זון און רעגן, שניי און זאַווערוכעס. האָט זיך אין אים אָפּגערופֿן דער געבאָרע־נער דאָרפֿס־יונג, וואָס האָט אײַנגעזויגן נאַטור־איבערלעבונג מיט דער מאַמעס מילך. זײַנס אַ נאַטור־בילד שמעלצט זיך אין חיות־טראַפּנס, קאָמבינירט מיט ליבשאַפֿט, וואָס ווערט געטרונקען טראָפּנווײַז — זײַנען דאָ קאַפּיטלען, וואָס פֿאַרשיכורן ממש. איך קאָן ניט פֿיל ציטירן.

„— הייסט עס, דו האָסט מיך פֿײַנט . . . ווי אַזוי האָסטו מיך פֿײַנט, לאַנע?

— און דו האָסט מיך ליב — ווי אַזוי האָסטו מיך ליב, בערע?

— דו זינדיקסט מיט דײַן ליבע צו אַ בורזשויקע, כאַ־כאַ־כאַ!

איר געלעכטער איז געווען מיט ווייטיק. זי האָט אָנגערירט אַן אָרט, וואָס האָט ביידן ווי געטאָן . . .

זי האָט בערען אַרומגענומען און שטאַרק געקושט. — פֿון דער נאַכט און פֿון פֿעלד האָט געשמעקט מיט זיסע בליעכץ, וואָס האָט געוועלקטע און אָפּגעטראָטן דאָס אָרט פֿאַר קערנער, דער ווינט האָט פֿאַרטראָגן די בליטן־פֿליטערלעך, און דער זאַנג האָט געקוואָלן און געאָטעמט מיט גרינער זאַטקייט . . ."

גרויסאַרטיק זײַנען די צוויי נאַכט־עקספּעדיציעס פֿון דער יוגנט צו פֿאַרטרײַבן די שאָף, וואָס די אַלט־געזעסענע שכנים — די דײַטשן, די טאָטערן, די רוסן — האָבן אַרויסגעשיקט אויף די ייִדישע פֿעלדער. דער קאַפּיטל „ליבע אין אַ זאַווערוכע", ווו בערע טראָגט לאַנען אויף די הענט, אײַנגעוויקלט אין זײַן פּעלץ, איז הוילער עקסטאַז — הלוואי וואָס מער אַזעלכע זאַווערוכעס! זייער ליבע שטײַגט — און זי ווייכט פֿון אים. זי קושט זײַנע שפּיץ־פֿינגער, און שיידט זיך אָפּ פֿון אים.

עס איז ניט בלויז דער חשד, וואָס זי איז אים חושד, אַז ער, דער גראַדליניקער, דיסציפּלינירטער פּראָלעטאַריער, וועט קיין מאָל ניט איבערקומען זײַן אומצוטרוי צו אַ בורזשואַזער טאָכטער. נאָר דאָס איז ער דער ליבע־זיגזאַג, וואָס אויסגעשפּרייט אויפֿן שטח פֿון ראָמאַן, זעט מען דאָ בעסער ווי אין די דראַמען אין וואָס ער באַשטייט: דאָס איז שעמעדיקייט, וואָס איז שטאָלץ — פֿון ביידע צדדים. פֿון דער פֿרויס צד איז עס די זעלבסטפֿאַרטייערונג פֿון דער פֿרוי, די פֿאַרטײַערונג פֿון ליבע, זי זאָל ניט אָנקומען גרינג. — ליבע פֿאַר אַ קאָפּיקע קומען זיי בײַ מיר בעטן, טוט זי אַ זאָג, ווען בעלנים נעמען צושטיין צו איר. קלײַבט זי אויס דעם שטאַרקסטן, כּדי אין געראַנגל מיט אים זאָל די ליבע אַלץ פֿאַר־טײַערטער ווערן. עס איז ניט אין דעם, ווער ווען זאָל באַ־הערשן, נאָר ווער וועמעס באַשאַפֿער זאָל זײַן. און ביידע גיבן ניט נאָך אויף אַ האָר. בערעס מאַמע, רייזל, איז אויסער זיך: — וואָס פֿאַר אַ גוט יאָר האָט צווישן אייך ביידן זיך אַריינגעמישט? — ענטפֿערט ער: — מיר גייען די מיידן ניט אָן, מאַמע!

ווי אַזוי האָט הירשביין אָט דעם ליבע־געראַנגל צונויפֿגע־פֿלאָכטן מיט דער געזעלשאַפֿטלעך־אידייִשן געראַנגל? עס האַנדלט זיך וועגן דער גרינדונג פֿון אַ קאָלכאָז, וואָס מאָסקווע פֿאָדערט און וואָס נאָר יחידים צווישן די איבערוואַנדערער ווילן צו אים צושטיין. און דאָ האָט בערע אָן אומגעריכטן אַרויסהעל־פֿער אין יוסף ראַטנערן, וועלכער איז דער היפּוך פֿון אים. אַ שנײַדערס אַ זון, אַ סטודענט, וועלכער איז אַראָפּגעקומען אויף זו־מער אַרויסצוהעלפֿן זײַן משפּחה אין פֿעלד און איז געבליבן אַ גע־פֿאַנגענער.

אין ראַטנערן איז הירשביין אַליין צו דערקענען און אַ סך פֿון אונדז וועלן זיך אין אים דערקענען. אַ נאַציאָנאַלער ייִד, און אפֿשר גאָר אַן ארץ־ישׂראל ייִד — איינער פֿון די, וואָס זײַנען אַריבערגע־קומען פֿון דער קבֿוצה „תּל־חי" אין ארץ־ישׂראל און האָבן אין קרים געגרינדעט די קאָלאָניע „וואַיאַ נאָוואַ (אויף עספּעראַנטאָ: אַ נײַער וועג"), וואָס הירשביין באַשרײַבט זי אין „שוואַרצברוך" — יוסף ראַטנער וויל מאַכן פֿון קרים ארץ־ישׂראל. ווען ער חלומט

מיט אָפֿענע אויגן, בלעטערט זיך ארץ־ישׂראל איבער די קרימער רויטע פֿעלדער. אָבער אין די איבערוואַנדערער געפֿינט ער קיין סימן פֿון ארץ־ישׂראל ניט: — זיי זײַנען געקומען זוכן ברויט, ניט צו בויען אַ ייִדישע היים אויף דער ערד! — אָן ייִדישן תּחית־המתים קיין קאָלאָניזאַציע! אָט ווען אַ קאָלכאָז אויף סאָציאַליסטישע און ייִדיש־נאַציאָנאַלע יסודות יעמאָלט וועלן זיי ברענגען קרבנות, ווי די חלוצים אין ארץ־ישׂראל זײַנען זיך מקריב . . .

בערע איז אויפֿגעשפּרונגען ווי אַ פֿאַרוווּנדעטער: — איך וואָלט דיר געגעבן טורמע צו פֿאַרזוכן פֿאַר אַזעלכע רייד! ווער דאַרף קרבנות! די סאָוועט־רעגירונג גיט ייִדן ערד פֿרײַ. נאָר דער סאָציאַליזם איז ווערט מען זאָל פֿאַר אים קרבנות ברענגען. — וועסט נאָך קומען צום שׂכל, בערע, אַ פֿאָלק איז ניט קיין גרודע ערד . . .

אָט דער יוסף ראָטנער פֿירט אַפֿילו דורך אַ „רעליגיעזן עקספּערימענט” אין דער קאָלאָניע: דעם ערשטן טאָג ראָש־השנה, ווען דער עלטערער עולם איז בײַם דאַווענען, מאַכט ער עס דעם פֿאָרשלאָג, אַז די יוגנט זאָל גיין פֿאַראַקערן די פֿעלדער פֿאַר ווינטער. מען לאָזט זיך גיין, און יוסף טריאומפֿירט, ווען זייערע פֿיס האַקן זיך אונטער — זיי קאָנען ניט גיין. דער ימים־נוראים פֿון דער לופֿטן פּרעסט אויף די פֿעלדער. דער קאַפּיטל איז איינער פֿון די בעסטע. — דעם צווייטן טאָג ראָש־השנה האָט בערע זיך געמאַכט האַרף און אַרויס אַקערן. אָבער יום־כּפּור שוין ניט — ניט געקאָנט צוזען דער מאַמעס צער . . .

ווען עס איז אַרויס דער רוף קיין בירא־בידזשאַן, איז יוסף נאַטירלעך געווען דער ערשטער פֿאַרכאַפּט צו ווערן: — ייִדן פֿון דער גאַנצער וועלט וועלן קומען זוכן אַ היים אין בירא־בידזשאַן! — זאָגט ער צו לאַנען. זי איז אומגליקלעך. זי האָט איר לעבן פֿאַרפֿלאַנצט אין דער קרימער ערד, כּדי ווידער געבאָרן צו ווערן: — ניט קיין ברכה, נאָר אַ קללה איז דערוויַל בירא־בידזשאַן פֿאַר קרים — שרײַט זי אין פֿאַרצווייפֿלונג צו יוספֿן. — זי איז גרייט אויף איר גרעסטן קרבן: — איך וועל פֿאַר דיר דעם קאָפּ פֿאַרלייגן

בלײַב דאָ! — אומזיסט, די בערעס װעלן שױן זאָרגן דערפֿאַר, אַז קײן ייִדיש לעבן זאָל דאָ ניט זײַן . . .

אָבער בערע — ער פֿאַרט אױך קײן ביראָ־בידזשאַן! און ניט אַלײן. ער נעמט מיט סימען, דעם בעקערס טאָכטער — אַ ברײט־בײנערדיקע, פֿול־בוזימדיקע פּראָלעטאַרקע, װעלכע אין ביר־גער־קריג איז געגאַנגען פֿאַרױס פֿון די רױטע אַרמײער און זײ מיטגעצױגן אין שלאַכט מיטן רײץ פֿון איר קערפּער. איז זי דאָס געקומען פֿאַרנעמען בערען פֿון דער קאָלאָניע, אַנצושליסן אים אָן שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט. פֿאַרנעמט ער זי גאָר קײן ביראָ־בידזשאַן. דאָס איז זײַן „נקמה" אָן לאַנען. און אפֿשר האָט ער אױך מורא, אַז יוסף דער „ציוניסט" װעט קאַליע מאַכן ביראָ־בידזשאַן? — װעט ער אים אַרעסטירן!

בערעס לעצטע זװוּנג מיט לאַנען איז אַ שטומע ליבעס דער־קלערונג פֿון בײדע זײַטן. אָבער לאַנע האָט זיך ניט פֿאַרלאָרן. הירשביין האָט אַ צװײטן ליבלינג אין ראָמאַן, אַחוץ יוספֿן,—בענען, װעלכער איז אַ דאָרפֿס־יונג פֿון דורות דאָרפֿס־ייִדן, פּונקט װי הירש־ביין אַלײן — מיט לאַנגזאַמער דאָרפֿישער גבֿורה — און גאָר אַ מענטשלעכער באַלשעװיק, װעלכער האָט ניט זײער ליב בערען און זײַן גלײַכן: — זײ זײַנען נאָך גרעסערע בעלי־גאװהניקעס, װי די אַמאָליקע בורזשױען! נעמט אים לאַנע אין די הענט אַרײַן, לערנט אים פֿריער פֿון אַלץ אױס גובֿר צו זײַן זײַן שעמעדיקײט און שטאַרק, שטאַרק זי ליב האָבן. דערנאָך שיקט זי אים אין שטאָט אַרײַן זיך אױסלערנען טרײַבן אַ טראַקטאָר. די שלוס־סצענע פֿון ראָמאַן: בענע און לאַנע פֿאָרן אַרױס אױף צװײ טראַקטאָרס צו פֿאַראָקערן די „רױטע פֿעלדער" פֿאַר אַ קאָלכאָז.

די אידײיִשע זײַט פֿון ראָמאַן איז אַ ביסל פֿאַרטונקלט דורך דעם, װאָס יוסף, הירשביינס ליבלינג, איז אַ געשטוקעװעטער כאַ־ראַקטער. און אַלץ דערפֿאַר װאָס הירשביין האָט אים ניט געגעבן קײן ריכטיקן זיװוג. פֿאַרליבט האָט ער אים אין לאַנעס ייִנגערער שװעסטער ביילקע, װעלכע גײט אַרום אַ פֿאַרחלומטע מיט אַראָפּ־געלאָזטע אױגן. אָבער פֿאַרחלומט איז איר לײַב. זי איז װײַב. װען די גרױסע דעבאַטירן, לעבט זי פֿרײַ אונטער די פֿרײַע הימ־

לען מיט בערעס ייִנגערן ברודער נחום. בעסער וואָלט געווען, ווען הירשביין גיט אים פֿאַר אַ זיווג אַזאַ איינע ווי לאַנע, וואָס אין ליבע־געראַנגל מיט איר וואָלט ער אויסגעראַנגלט ביז צו פֿולער קלאָרקייט זײַן ארץ־ישׂראל־קרים־ביראָ־בידזשאַן־פּראָבלעם, און דער ראָמאַן וואָלט אַרויסגעקומען גאַנצער און געבונדענער. אָבער אַ וויכטיקער ייִדיש־היסטאָרישער מאָמענט — אַן איבער־קערעניש אין ייִדישן לעבן — איז פֿון אינעווייניק באַלויכטן געוואָרן — בעסער, ווי די סאָוועטישע ראָמאַנען פֿון דער קאָלאָניזאַציע טוען עס. יענע פֿאַרזעען אינגאַנצן יוספֿן. און ווען זיי פֿאַרזעען אים ניט, מאַכן זיי אים פֿאַר אַ רעאַקציאָנער און פֿאַרשיקן אים אין די פֿעלדער, ווו דער רויטער פֿעפֿער וואַקסט.

„בבל" אָדער מיט זײַן צווייטן נאָמען „ניו־יאָרק" איז אַ ראָמאַן, וואָס איז דרײַ ראָמאַנען אינאיינעם — אַ— טרילאָגיע. האָט זיך געדרוקט קאַפּיטלעכווײַז אין „טאָג" אין משך פֿון דרײַ־פֿיר יאָר, אָנהויבנדיק פֿון שבת, דעם 15טן יוני, 1935. ערשט איצט ווערט דער ראָמאַן פֿאַרפֿערטיקט צום דרוק אין בוך־פֿאָרם, מיט איבעראַרבעטונגען, פֿאַרקירצונגען און אויסברייטערונגען. עס וואָלט דאַרום געווען אַן אומרעכט פֿאָרויסצולויפֿן דעם בוך מיט אַן ענדגילטיקן אורטייל אויפֿן סמך פֿון צײַטונגס־טעקסט, פֿאַרלאָזנדיק זיך אויפֿן זכּרון. נאָר די פֿאַרבינדונגען מיט די פֿריערדיקע ווערק, די שײַכותן צום שריפֿטשטעלער ווערל איך זוכן.

עס איז אַ שווערערע, אַמביציעזערע אונטערנעמונג, איידער די „רויטע פֿעלדער". דאָרט איז די געזעלשאַפֿטלעך־אידייִשע ראַם געגעבן געוואָרן פֿאַרטיקערהייט, דורך דער ייִדיש־סאָוועטישער סיטואַציע; דאָ דאַרף עס פֿון שריפֿטשטעלער אַליין צוגעשטעלט ווערן. דאָרט אַ מאָמענט, וואָס הויבט מעגלעך אָן אַ נײַע ייִדישע עפּאָכע. דאָ ווערט אונטערגעפֿירט דער סך־הכּל פֿון אַ גאַנצער ייִדישער עפּאָכע. אין דעם טאָג, ווען דער ראָמאַן האָט זיך גענומען דרוקן — דעם 15טן יוני, 1935, — ווערט געפֿײַערט דער 70סטער געבורטסטאָג פֿון קעראָליין סטאָון — געוועזענע קריינדעל לוריע — געפֿײַערט אין אַ פּאַלאַץ אין רעזידענץ־קוואַרטאַל פֿון מיליאָנערן. ליגנדיק נאָך אין בעט, מיט באַדינערינס, וואָס

פוצן זי צום יום־טובֿ, דערמאָנט זי זיך, אַז ווען זי איז געקומען קיין אַמעריקע, איז זי אינגאַנצן אַלט געווען 18 יאָר — דאָס מיינט, געקומען מיט 52 יאָר צוריק — אין 1883 — מיט דער ערשטער גרויסער עמיגראַציע־כוואַליע, וואָס האָט אַ שלאָג געטאָן נאָך די ערשטע גרויסע רוסישע פּאָגראָמען — וואָס צוזאַמען מיט די אַלץ זיך צושלאָגנדיקע נײַע כוואַליעס, אַרויסגעשטויסענע פֿון פּאָגראָמען, מלחמות און רעוואָלוציעס — צוזאַמען מיט די צוויי דורות דאָ צוגעקומענע — האָט עס געגעבן דעם 2־מיליאָנעדיקן בבלדיקן ייִדישן ישובֿ פֿון ניו־יאָרק, אין אַלע זײַנע געשטאַלטן און פֿאַר־צווײַגונגען.

צוויי משפּחות זײַנען זיי געווען — די לוריעס און די חלפֿנס וואָס האָבן איינע מיט דער אַנדערער זיך פֿאַרבונדן. קריינדעל־קעראָליינס מאַן — לעאָנאַרד סטאָון — איז אַ געוועזענער חלפֿן — לייבל חלפֿן. די חלפֿנס, אַ טרוקענע סוחרישע משפּחה פֿון אַ ווײַס־רוסישער גרויסער שטאָט, האָבן דאָ אין אַמעריקע זיך גע־האַלטן צוזאַמען דורך זייער רויבערישן אינסטינקט. לייבל חלפֿן, דער בריה פֿון דער משפּחה — „קורץ געוואַקסן, שמאָל־פּלייציק, מיט אַ לענגלעכן קאָפּ און דינעם האַלדז" — האָט אויף די סוועט־שעפּער פֿון העמדל־בייערײַ אַרויפֿגעקלעטערט זייער הויך, מאַכנדיק שותּפֿות מיט אַ יאַהודימשן מאַנופֿעקטשורער, בײַ וועמען ער איז פֿריער געווען קאָנטראַקטאָר.

אָבער די לוריעס, אַ וואַרעם־טראַדיציאָנעלע משפּחה, מיט תּורה און השׂכּלה, פֿון אוקראַיִנע, זײַנען דאָ אין אַמעריקע צעפֿאַלן גע־וואָרן. די מוטער איז זיי געשטאָרבן אויפֿן שיף און געפֿונען איר קבֿר אויפֿן גרונט פֿון ים. בײַם אָנקומען קיין אַמעריקע איז די משפּחה באַשטאַנען פֿון 45 ־יאָריקן פֿאָטער ישׂראל און פֿון זעקס זין, אַחוץ דער בת־יחידה קריינדל: — שלמה, נתן, הילל, דניאל, אָשר און דעם ייִנגסטן, זכריה, קריינדלס צווילינג־ברודער. לכתּחילה האָט קריינדל געפּרוווט פֿאַרבײַטן די מוטער, די ברידער זאָלן זיך ניט צעקריכן. די מערסטע פֿון זיי, מיטן פֿאָטער בראש, זײַנען אַוועק אַרבעטן אין די סוועט־שעפּער פֿון די חלפֿנס. אָבער ווען דער פֿאָטער, נאָכן ערשטן יאָרצײַט, האָט אומגעריכט חתונה גע־

האָט מיט דער יונגער, פֿריילעכער, זינגענדיקער שאָפּ־מיידל, ריוו־טשע, דער „רויטער ליטוועטשקע", זײַנען די ברידער זיך צע־גאַנגען, יעדער זיך פֿאַרקלייבנדיק אין אַ באַזונדערן עטאַזש פֿון יידישן בבל־טורעם. שלמה — אין פּראָלעטאַריאַט. אַ ציגאַרן־מאַכער, שטאַרבט ער יונגערהייט פֿון שווינדזוכט. נתן אין אַר־בעטער־פּירערשאַפֿט. ער האָט די מלאכה געלערנט, פֿירנדיק סטרײַקס בײַ די חלפֿנס. הילל אין פֿאַרמערײַ. זכריה אין דאָק־טאָרײַ. דניאל אין פּעדלערײַ, אַרויפֿאַרבעטנדיק זיך פֿון פּעדלערײַ צו אַ דעפּאַרטמענט־סטאָר און צו אַ גליקלעכער געמישטער חתונה מיט אַן אירישער ווײַבל, וועלכע האָט זיך מגייר געווען. און אָשר, ניט אויסגערעדט זאָל עס זײַן — אין גענגסטערײַ, מיט די באַגלייטנדיקע טריפֿענע פּרנסות.

גוט, וואָס דער ערשטער קאַפּיטל זאָגט אויס ז'עם סוף פֿון ר'אָ־מאַן. ווערן מיר געוואָר, וואָס איז געוואָרן מיט דער משפּחה נאָך 52 יאָר בבלען זיך אין בבל, ניט וואַרטנדיק אויף די 1400 בלעטער פֿון בוך. וועגן קריינדלען ווייסן מיר שוין. זי פֿײַערט איר 70סטן געבורטסטאָג. ס'פֿאַרזאַמלט זיך הויכע געזעלשאַפֿט — פֿון געבאָ־רענע און געוואָרענע יאַהודים ; פֿון קריסטן, וואָס האָבן זיך מיט זיי משדך געווען ; פֿון מיטליעריקע פּראָדוקטן פֿון אַסימילאַציע און ייִנגערע פּראָדוקטן פֿון געמישטע חתונות. קריינדל־קעראָליין סטאָונס אייגן אייניקל האַלט בײַ אַ כלה ווערן פֿאַר אַן איטאַ־ליענישן לאָיער גאָלדאָני. זי וויל הײַנט זען בײַ זיך די צוויי נאָך לעבן־געבליבענע ברידער — איר צווילינג־ברודער זכריהן און היללן, דעם עלטסטן ברודער.

מיר געפֿינען ד"ר זכריה לוריע — אַ הויך־געוויקסיקער מי־דער מאַן אין אַ צילינדער — אָנגעשפּאַרט אָן דער עמפּייר סטייט בילדינג. פֿאַר זײַנע אויגן טראָגט זיך דער הור־האַ פֿון ניו־יאָרק. אַ מענטש ווערט דערהרגעט, אַן אַריבערגעפֿאָרענער פֿון אַן אויי־טאָמאָביל. — בבֿל, דער פֿאַרשאָלטענער בבֿל ! — שעפּטשען זײַנע ליפּן. — היללן געפֿינען מיר בײַם צעבראָכענעם טויער פֿון זײַן פֿאַרם אין די קעטסקילס. טאַראַס, אַ רוסישער פּויער, מיט וועלכן ער האָט זיך פֿאַרחברט אַרבעטנדיק אויף יענקישע פֿאַרמס אין זײַן

יוגנט, טאַראַס רעדט אין אים אַרײַן: דײַנע זינדעלעך ווילן אפילו ניט קומען אַ קוק טאָן אויפֿן אַלטן טאַטן — נו, געדאַרפֿט חתונה האָבן, גילעל? — אָבער אָט באַוויַזט זיך אַן אויטאָמאָביל — איז עס דער גוטער זון ד״ר מאָריס לוריע, אָדער דער שאָופֿער, וואָס דאַרף פֿירן היללן צו קריינדעלס פֿײַערונג?

הילל און נתן זײַנען געקומען קיין אַמעריקע אַלס עם־עולמ־ניקעס. נתן האָט זיך פֿאַרניו־יאָרקעוועט מיט די ניו־יאָרקער גע־נאָסן. אָבער ער, הילל, האָט זײַן גאַנץ לעבן געחלומט וועגן יידישע דערפֿער. און געהאַלטן עס פֿאַר אַ פֿאַרברעכן, וואָס יידן בבלען זיך אין די גרויסע שטעט. אײַ, אויסגעלאָזט האָט זיך אַ חרובֿע באַרדער־פֿאַרם, וואָס וואַרט אויף אַן אויסלייזער! אַזוי איז דאָס לעבן!

קלאָר, אַז הירשביין האָט זיך דאָ פֿאַרמאָסטן אויף אַן עפּאָכע אַרומנעמענדיקן ראָמאַן. ער נעמט אינוועטאַר פֿון דעם מענטשן־מאַטעריאַל, פֿון דעם אידייִשן צעמענט, פֿון די אײַזערנע נויט־טענדענצן, וואָס האָבן דעם מאַטעריאַל געפֿורעמט און אים אויס־געפֿורעמט אין דעם איצטיקן פֿיל־געשטאַלטיקן יידישן יישוב. אַ ראָמאַן אַ סך הכל־מאַכער.

עס איז שוין געווען אַזאַ עפּאָכע־אַרומנעמענדיקער סך־הכל־ראָמאַן, וואָס איז פֿאַרויסגעגאַנגען הירשביינס מיט זיבן יאָר — דוד איגנאַטאָווס דרײַ־בענדיקער ראָמאַן „אויף ווײַטע וועגן״. פֿאַראַן מערערע פּאַראַלעלן און נאָך מער אונטערשיידן אין צוגאַנג און באַהאַנדלונג צווישן דיביידע ראָמאַנען. ערשטנס איז איגנאַ־טאָוו מקצר דעם פּעריאָד אויף העלפֿט — פֿון פֿערציק יאָר (1880—1920) ווערט צוואַנציק — כּדי אײַנצוהאַלטן זײַן הויפּט־העלד אין יוגנטלעכקייט. אַרום זײַן הויפּט־העלד, בערמאַן, וועלכער איז אַ זעער פֿון זעונגען קאָנצענטרירט ער אַלע געשעענישן. די געשעענישן לויפֿן צו און פֿון בערמאַנען אַוועק. ערשט אין קאָנ־טראַסט צו דעם זעער בערמאַן זעט ער אַלע אַנדערע, רעאַל־וואָכעדיקע, פֿאַרשווינען. און זײַן מעטאָד פֿון דערציילן איז אַ מעשׂה־אַרטיקער. ער לאָזט לויפֿן בערמאַנס זעונגען איבער דער ווירקלעכקייט, כּדי וואָס שאַרפֿער זי אָנצוקוקן.

הירשביין היפּט קיין יאָרן ניט איבער. דעם גאַנצן פּעריאָד זײַנעם פון 52 יאָר פֿאָלגט ער נאָך פון יאָרצענדליק צו יאָרצענדליק — איז זײַן ראָמאַן טאָפּלט אַזוי גרויס.

און הירשביין באַדאַרף קיין זעונגען ניט אָנטאָן אויף זײַנע אויגן, כּדי אָנצוקוקן פּנימער. אויף זײַנע וועלט־רײַזעס האָט ער אַזויפֿיל זיך אָנגעזען פּנימער און זיי געכאַפּט און פֿאַרצייכנט, אַז ער האָט קיין דאגות ניט וועגן די וואָסערע 200 פּאַרשוינען, אַ גוטע העלפֿט פון זיי פון דער פֿרומער אַלטער וועלט, וואָס באַווײַזן זיך אויף דער סצענע פון ראָמאַן אין משך פון האַלבן יאָרהונדערט — זיי זײַנען אַלע כאַראַקטעריזירט מיט זייער הילוך און לשון. אַחוץ וועלט־רײַזנדער איז ער דאָך אַ געניטער טעאַטראַל, וואָס קען די מלאכה פון גרימירן. ווען אַ כאַראַקטער טרעט אויף פֿאַר אַ מאָמענט אין אַ קורצער סצענע — גרימירט ער אים. אָט ערשט ווען אַ כאַראַקטער האַלט זיך אויף דער בינע דורך אַ גאַנצן אַקט, בפֿרט דורך אַלע פֿיר אַקטן — יעמאָלט איז גרים ניט גענוג. יעמאָלט דאַרף ער זיך באַזעצן אין אים, אָדער גאָר אַליין שפּילן . . .

אָט אויף די הויפּט־העלדן, די הויפּט־באַוועגער פון ראָמאַן, און אויף זייערע אַרויסהעלפֿער, צו וועלכע ער האַלט אָן אַ לענגערן אינטערעס — אויף זיי ווענדט ער אָן זײַן הירשביינישן מעטאָד פון געחלפֿטע רגעס, ווען „עס געשעט, געשעט, עס געשעט גאָרנישט און גאָר אַ סך”, און פון געחלפֿטע ליבעס, ווו ליבע־זיגזאַגן זײַנען די טרעפּן פֿאַר געשעענישן. ספּעציעל די געחלפֿטע ליבעס. אַזויפֿיל ליבעס האָט נאָך קיין שרײַבשטעלער ניט אָנגעליבט, הירשביין אַליין אויך ניט, ווי ער האָט עס געטאָן אין ראָמאַן „בבל” — אַן אמתער בבל פון ליבעס!

איך מוז מודה זײַן, אַז לויטן אײַנדרוק פון צײַטונגס־טעקסט, האָט הירשביינס מעטאָד פון אויספּראָבירן העלדן אויפֿן חלף פון ליבע מער פּעולה געטאָן מיט די אַרויסהעלפֿער פון די הויפּט־העלדן, ווי מיט די הויפּט־העלדן גופֿא. דער מעטאָד האָט הירשביינען געגעבן צוויי ליבע־נאָוועלן, וואָס זײַנען צעשפּרייט איבער מערערע קאַפּיטלען און וואָס עס איז אַ געפֿאַר זיי זאָלן ניט פֿאַר־

לאָרן גיין אין דער פּילבלעטערדיקייט פֿון ראָמאַן און מען דאַרף זיי באַצײַטנס צענויפֿזאַמלען און אַרויסראַטעווען — יעמאָלט וועלן זיי פֿאַרנעמען דעם אויבן־אָן אין הירשביינס שאַפֿן גלײַך נאָך די פֿאָלקס־דראַמען. דאָס זײַנען די ליבע־געשיכטעס צווישן דער רויטער ליטוויטשקע און ישׂראל לוריע און צווישן דער אײַרישער שיקסע און זײַן זון דניאל.ביידע ליבעס אויף שטום־לשון — דערפֿאַר האָט דער חלף־מעטאָד אַזויפֿיל געלעגנהייטן גע־האַט אויסצושיילן רגעס און זיגזאַגן, און מיט אַזאַ גרויסער פּעולה!

יעמאָלט אין די סוועט־שעפּער זײַנען געווען ניט ווייניק למדנים, וואָס האָבן געזאָלט זײַן רבנים. און דער פֿאָרנעמסטער און דער איידלסטער צווישן זיי איז אין חלפֿנס שאָפּ געווען ישׂראל לוריע. דער צער נאָך דער פֿאַרשטאָרבענער פֿרוי האָט אים נאָך איידעלער געמאַכט. און ריווטשע — רבֿקה האַלפּערן — וועלכע האָט געסטריגעוועט העמדער ישׂראלן צופֿוסנס — מיט איר אײַנגעבאָרענעם ליטווישן דרך־ארץ פֿאַר תּורה־לערנער — האָט זי געזונגען אירע פֿאָלקסלידער גלײַך אין זײַן שיין פּנים אַרײַן. אָן ווערטער — ווי האָבן זיי גאָר געקאָנט ריידן וועגן דעם: — אָן ווערטער, נאָר דורך געפֿעליקייטן און באַרירונגען האָבן זיי זיך פֿאַרליבט. אָן ווערטער האָבן זיי באַשלאָסן חתן־כּלה צו ווערן. און איידער נאָך זי האָט אַ וואָרט געזאָגט וועגן דעם צו ישׂראלן, גייט זי צו די קינדער און זאָגט זיי אָן, אַז זי איז זייער טאַטנס ווײַב. די קינדער, באַליידיקט פֿאַר דער מאַ־מען, באַזונדערס קריינדל, פֿאַרלאָזן זיי דאָס הויז. אָבער די ליט־וויטשקע לאָזט ניט אָפּ. זי קומט צו זיי. — „וואָס מיינט איר, איך מאַך צוניסט אײַער סיינע מיספּאָכע?” און געווינט מיט איר אויפֿ־ריכטיקייט און גינציקייט קריינדלען פֿאַר אַ חבֿרטע־מאַמע. — די פֿאַרוואַנדלונג אין ישׂראלן איז גאָר ניט צו באַשרײַבן. דער יורד, דער אַלמן איז צוריק יונג געוואָרן. זיך אויסגעגלײַכט, צוריק־געוווּנען זײַן באַלעבאַטישן שטעל, צעפֿירט די הענט, עפֿנט אַליין אַ שאָפּ מיט די בנים און למדנים, גייט באַרג אַרויף — עס איז באַשיינפּערלעך צו זען אַז עס איז גאָר אַ מצווה פֿאַר אַ יונג מיידל

חתונה צו האָבן מיט אַן עלטערן ייִדן. אָבער לויטן רוסישן ווערטל, ווי דיך, דאָרט רײַסט זיך. ריוואַטשע שטאַרבט אין קינפּעט, איבער־לאָזנדיק נאָך זיך אַ נאָמען — רבֿקהלע. ווערט קריינדל די מאַמע פֿון טאַטן און קינד. אָבער דער טאַטע נעמט אײַנגיין און שטאַרבט אַוועק. האָדעוועט זיך רבֿקהלע אויף קריינדלס הענט און וואַקסט אויס אַ רעבעקאַ, וואָס קריינדל האַלט זי פֿאַר אַן אייגענע טאָכ־טער אויך נאָכדעם ווי זי איז מיט יאָרן שפּעטער געוואָרן קעראָלײַן סטאָון. אָבער רעבעקאַ דערעסט דער ווילטיק פֿון מעדיסאָן עוועניו און זי באַשליסט אויפֿצוזוכן איר באָבען אויף מעדיסאָן סטריט, וואָס מען האָט פֿון איר זי באַהאַלטן, און זי ווערט אַ שאַפּ־אַרבעטאָרין, ווי איר מאַמע די ליטוויטשקע איז געווען. און וועט נאָך חתונה האָבן מיט אַן עלטערן ייִדן, ווי די מאַמע אירע.

עס געהערט צו דער נאָוועלע אויך די מעשׂה וועגן אָשרן, די שוואַרצע שאָף פֿון דער משפּחה. ווען אַלע קינדער האָבן פֿאַר־לאָזן דאָס הויז, איז ער דער איינציקער וואָס בלײַבט. אַ הייס־בלוטיקער, אַן „אַרטיסטישער‟ טעמפּעראַמענט, האָט ער געוואָרפֿן אַן אויג אויף זײַן טאַטנס יונג ווײַבל. וויל ער טאָן צו איר, וואָס ער האָט געטאָן צו קריינדלס שיף־קאָמפּאַניאָנקע, דער בלענדנדיק־בלאָנדער שיינהייט יוכבֿד. די ליטוויטשקע איז ניט דערשראָקן, נאָר דערשיטערט: — „סטײַטש, צו דײַן טאַטנס ווײַב? וואָס בין איך דיר אַ נאַפּקע?‟ מיט איר גאַנצן כּוח גיט זי אים אַ שלײַדער פֿון זיך, אַז ער קלײַבט די ביינדעלעך. מער האָט ער זיך שוין ניט געוויזן. אַ הולטאַי, אַ הפֿקר־יונג, אַ באַליידיקטער, אַ פֿאַר־שטויסענער, האָט ער זיך נאָך מער פֿאַרהולטײַעוועט און פֿאַר־הפֿקרט. פֿאַרלאָזט עלען סטריט און די בויערי, און לאָזט הערן פֿון זיך פֿון שיקאַגאָ מיט אַ טריפֿענעם געשעפֿט אונטער זײַן איי־גענער פֿירמע. יוכבֿד אָבער בלײַבט צוגעבונדן דורך אַ טראַגישן געפֿיל צו אים. ווײַזט אויס, ער איז דאָך געבליבן אַן אַרטיסט אין ליבע. דאָ קומט זי צו אים, דאָ אַנטלויפֿט זי פֿון אים. אין ערשטן קאַפּיטל פֿון ראָמאַן, וועלכער איז אויך דער לעצטער, איז די בלינדע יוכבֿד, אַ קרבן פֿון איר טראַגישער ליבע, אויך געלאָדן

צו קריינדלס געבורטס־פֿײַערונג. געפֿירט פֿון איר אייניקל, האָט זי גרויסע שוועריקייטן צוגעלאָזן צו ווערן צו איר יוגנט־פֿרײַנדין, מיט זייערע בשותּפֿותע טרערן וואָשן זיי אָפּ 50 יאָר שאַנד און לײַד.

די צווייטע נאָוועלע וועגן דניאל לוריע און לילי בראנדט, ווי קונציק מען זאָל זי ניט איבערדערציילן — די דינע רגעלעך, ווי פֿערעלעך, וועלן ווי דורך אַ זיפּ אויסרינען. און דאָך אַזוי וואָגיק — מיט דער האַנט אָנצונעמען! אַז מען זאָל די נאָוועלע איבערזעצן פֿאַר אינדיִשע, וואָלטן זיי אי געשאָלטן, אי געבענטשט ייִדן. — דניאל, דער איינציקער פֿון די ברידער, וואָס האָט ניט געוואָלט קיין האַרעפּאַשניק זײַן — אַ פּעדלער וועט ער זײַן! נתן און הילל, די עם־עולמניקעס, זײַנען פֿאַרחידושט: אין דער היים האָט ער זיך געקליבן פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל מיט די בילו־צעס, און דאָ אַזאַ אויסגערעכנטער געשעפֿטסמאַן! — לילי, אַ דין ריטעלע, מיט אַ פּלאַקסן קעפּל, וואָס האָט זיך געבלעזלט מיט אויס־טערלישע פֿאַנטאַזיעס. צו 17 יאָר אַרײַנגעפֿאַלן צו אַ מאַן אַ שיכור, וואָס האָט זי געשלאָגן מכּות רצח. — ווען דניאל קומט צו איר צום ערשטן מאָל, געפֿינט ער זי מיט אַ קינד בײַ דער אָפֿענער ברוסט. אָן אַ וואָרט ענגליש, גיט ער איר צו פֿאַרשטיין, אַז זי מעג זיך אויסקלײַבן פֿון זײַנע צירונג־זאַכן, וואָס זי וויל — ער געטרויט איר. און זי, נאָר וואָס אַ געשלאָגענע פֿון איר מאַן, פֿאַנטאַזירט אַרײַן איר גאַנצן חלום וועגן גליק אין זײַנע גרויסע גוטע אויגן. — צום צווייטן מאָל, אַז ער איז געקומען, האָט ער זי געפֿונען אַ האַלב־נאַקעטע, אַ פֿאַרפֿאַרעטע, אַ געבויגענע איבער אַ סינק מיט וועש. זי האָט שוין געהאַט באַשלאָסן, אַז דער גוטער ייִד וועט איר מאַן זײַן. און ווי אַ מלאכטע, וואָס פֿאַרשטעלט זיך פֿאַר אַ מכשפֿה, מאַכט זי אים פֿאַר איר מאַן אויף אָרט און שטעל. און מיט יעדער מינעלע, מיט יעדן האַרץ־שלאָג האָט זי אים באַ־וויזן, אַז דאָס איז ניט צעלאָזנקייט, נאָר ליבשאַפֿט. — דער קאַ־פּיטל איז אַ גרויסער פּערל.

וואָס זײַנען די ווערטער געווען, מיט וועלכע זי האָט אים באַ־גלייט, האָט ער ניט פֿאַרשטאַנען. אָבער אַ יאָר צײַט האָט ער זי

ניט געזען. געדאַווונט דרײַ מאָל אַ טאָג, געפֿאַסט, כּדי גובֿר צו זײַן דעם יצר־הרע. אָבער נאָך יעדער האַלבער נאַכט איז ער געשטאַנען בײַ איר טיר, געכאַפּט קלעפּ פֿון איר מאַן עדי׳ן, וועלכער האָט שוין אַלץ געוווּסט. און ער, גרינערהייט, האָט נאָך ניט געוווּסט, אַז אין אַמעריקע דאַרף מען קענען די מלאכה פֿון „פֿײַטלען" זיך. האָט די פֿאַרדינטע קלעפּ אָנגענומען באהבֿה. — אין אַ יאָר אַרום האָט ער זי געטראָפֿן אין אַ דראַג־סטאָר, עסעקס קאָרנער ברום. ער האָט שוין פֿאַרשטאַנען, וואָס זי האָט גערעדט צו אים:

— „דו שלעכטער! פֿאַרוואָס האָסטו מיך ניט אָפּגעוואָרט, ווו איך האָב דיר אָנגעזאָגט:" — זי איז באַקערט געוואָרן צו ייִדן, ווי אַ מאָל קינדווײַז צו קריסטוסן. אַזוי־פֿיל מעלות וויפֿיל זי האָט אַנטדעקט אין ייִדן — הלואי וואָלטן מיר אַזוי געווען, ווי די גרטע האָט אונדז אויסגעפּאַנטאַזירט! אָן דער גרטע וואָלטן מיר ניט געוווּסט, ווי גוט מיר זײַנען! לילי לוריע האָט ווידער צונויפֿגענומען די פֿאַמיליע. קריינדל פֿלעגט קומען צו איר טרייסטן זיך. אַלע שׂמחות, בר־מצוהס, יום־טובֿים, סיום התּורהס פֿלעגן בײַ איר געפּראַוועט ווערן. אַ גרטע אַ צדיקת! ווען דניאל איז רײַך געוואָרן, האָט זי אים געמאַכט געבן היפּשע צושטײַערס צו אַלע ציוניסטישע פֿאָנדן. און וועלנדיק, אַז איר ייִנגערער שוועסטער עליזאַבעט, זאָל אַזוי גוט זײַן ווי איר, האָט זי איר צוגערעדט זיך צו פֿאַרליבן אין זכריהן. און דאָס שיקסל איז טאַקע פֿאַרקאַכט געוואָרן אין זכריהן, ווײַל אַ שיינער יונג! נאָר אונטערגעהעצט פֿון דער פֿאַמיליע, וועלכע האָט געזוכט נקמה, איז זי באַשטאַנען דערויף, ער זאָל ווערן אַ קאַטוילִיק — צו באַצאָלן מיט אַ רעליגיע פֿאַר אַ רעליגיע. און ווען זי איז שוין גרייט געווען צו ווערן אַ ייִדישקע, האָט זכריה שוין קיין צוטרוי צו איר ניט געהאַט.

נאָך איין מאָל אין די 50 יאָר, האָט דניאל געהאַט אַן אײַבעררייד מיט לילין. דאָס איז געווען, ווען זייער עלטערער זון דייוויד איז אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער השפּעה פֿון אַ קאַטוילישן גלח, וועלכער איז געווען אַ פֿאַרברענטער „ציוניסט" און אַ שׂונא ישׂראל, ווײַל די ייִדן ווילן צונעמען בײַ קריסטוסן ארץ־

ישׂראל. האָט דייוויד זיך געשמדט. און דער פֿאָטער האָט אים פֿײַנט באַקומען. האָט דער מוטער עס פֿאַרדראָסן. ווי שטאָלץ די ייִדן זײַנען! זי האָט געמעגט ווערן אַ ייִדישקע — און דייוויד טאָר קיין קאַטויליק ניט זײַן? — אָבער צו דער גרויסער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע קעגן די נאַצישע רציחות, גערופֿן פֿון ייִדישן קאָנגרעס אין 1933, צו וועלכער הירשביין האָט צוזאַמענגעבראַכט אַלע זײַנע לעבן־געבליבענע העלדן, האָט ער אויך דניאלס אײַרישע אַלטיטשקע מיטגעבראַכט. זי איז געגאַנגען אין די ערשטע רײַען, פֿאַרקיילעכענדיק די צאָל פֿון די מיטבאַטייליקטע ביז צו 600,000. — איך געדענק ניט, צי דער באַרימטער קאַטוילישער פּאָליטיקער דזשאָרדזש דייוויד לאָריע איז געווען צווישן די געלאַדענע צו קעראַליין סטאָונס געבורטס־פֿײַערונג.

איך האָב אומישנע איבערדערציילט די צוויי נאָוועלן, כּדי עס זאָל לײַכטער זײַן זיי צו געפֿינען אין ראָמאַן. פֿאַרכאַפּנדיק, איבערגעלאָדן מיט נשמהדיקע האַנדלונגען — יעדער רגע אַרויסגעקריצט פֿון אַ קריץ אין עמעצנס האַרצן, און קריצט זיך אין האַרצן אַרײַן.

ווײַל הירשביין האָט אַזויפֿיל ליבע־שפּיל פֿאַרווענדט אויף די אַרויסהעלפֿער פֿון זײַנע הויפּט־העלדן, איז אים קנאַפּ־וואָס געבליבן פֿאַר די הויפּט־העלדן גופֿא. ער האָט ניט געפֿונען פֿאַר זיי קײַן פּאַסיקע זיווגים, קעגן־שפּילערס אין ליבע. לײַדן זיי שאָדן. זיי האָבן ניט קעגן וועמען אויסצוראַנגלען בולטן כאַראַקטער. דאָס דאַרף פֿריער פֿון אַלץ געזאָגט ווערן וועגן קריינדל, וועלכע איז דאָך שיינדל פֿון די „קינדער־יאָרן״ און לאַנע פֿון די „רויטע פֿעלדער״. דעם גרונט־שטריך פֿון לאַנעס כאַראַקטער פֿאַרמאָגט זי דאָך — די פֿאַרטײַערונג פֿון איר פֿרויענשאַפֿט — אין קעגנזאַץ צו דער פֿאַרביליקונג פֿון דער פֿרוי דורך די ביילקעס, וואָס זייער לײַב איז ווײַב, ווייכער טייג צום קנעטן. דאָס איז אויך דער קעגנזאַץ צווישן דער פֿרוי מאַן־באַשעפֿערין און מאַמע קינדער־געבערערין. אָן געבורטס־ווייען, האָט דאָס מאַמעשע אין קריינדלען אַריבערגעשטיקן און אײַנגעשלונגען דעם שאַרף, די שפּיציקייט פֿון איר פֿרויענלעכן שטאָלץ. צוליב אומ־

שטענדן: זי איז יאָרן־לאַנג געווען אַ מאַמע צום טאַטן, צו די ברידער, און ווען זיי האָבן שוין מער קיין מאַמען ניט באַדאַרפֿט, איז זי געוואָרן אַ מאַמע צו רבֿקהלען, ריוועשעס פֿאַריתומטער טעכטערל. צוליב צופֿיל מאַמע, האָט זי איר זעלבסט־פֿאַרטײַערונג נאָר באַוויזן מיט פּאַסיוון אָפּוואַרפֿן פֿון זיך די מענער, וואָס האָבן געזוכט זי צו פֿאַרביליקן. דער ערשטער עס צו דערשפּירן איז געווען לייבל חלפֿן. ער, דער האַרטהערציקער סוועט־שאַפּ־באַס, מיט זײַן סוועט־שאַפּ־פֿילאָזאָפֿיע, אַז ער טוט זײַנע לאַנדסלײַט נאָך אַ טובֿה, ווען ער צאָלט זיי ווייניקער — וועט ער האָבן פֿאַר זיי מער אַרבעט, פֿון פֿאַרטאָג ביז האַלבער נאַכט — זײַן האַרטהערציקייט האָט זיך דווקא צוגעקלעפּט צו דער ווייכהערציקער שטאָלצער פּרויענשאַפֿט פֿון קריינדלען. לכתחילה האָט ער געפּרוווט האַנדלען אַ מציאה, פֿאַרפֿירנדיק זי אין אַ באַזונדערן קאַמער פֿון „אַטלאַנטיק גאַרדנס" אויף דער בויערי. אָבער באַקומענדיק אויסגעוואַשן דאָס פּנים מיט אַ קופּל ביר, האָט ער זי שוין ניט אָפּגעלאָזט און גאַנצע צען יאָר געדולדיק געלויערט אויף איר. און וואָס עס איז אָפּגעקומען פֿון קריינדלען, איז צוגעפֿאַלן לייבלען. ער האָט גאָר גענומען גענישן — ביחידות — פֿון דער געשמאַקער זאַפֿט פֿון ליבעס־שפּיל.

נאָך דער דערפֿאַרונג מיט לייבלען אין „אַטלאַנטיק גאַרדענס", האָט מען מיט קיינע „פּריווילעגיעס" ניט געקאָנט אַרײַננאַרן קריינדלען אין די חלפֿן־שעפּער — אויס חשד, אַז מען וויל זי „קויפֿן". איז זי אַוועק אַרבעטן בײַ שמאַטעס, דערנאָך בײַ סיגאַרן, אין שאַפּ, ווו איר ברודער שלמה האָט געאַרבעט און ווו זי האָט געהאַט איר ערשטע אָפּדוכטעניש אין ליבע מיט פֿאַלק בערנשטיין — אַן „אַנאַרכיסט־פּאָזיטיוויסט", וועלכער האָט געפּרעדיקט קעגן יוניאָנס, סטרײַקס און קלאַסנקאַמף, נאָר אָפּגעבן זיך זאָל מען מיט דער קולטיווירונג פֿון דער אייגענער פּערזענלעכקייט. אַ פּאַראַלעל צו דוד איגנאַטאָוו'ס אָפּעראַ־זינגער פֿון „אויף ווײַטע וועגן", וועלכער איז געווען אַ פּראָפֿעסיאָנעלער פֿאַרגוואַלטיקער. ניט זײַענדיק קיין אָפּעראַ־זינגער, איז פֿאַלק געווען ווייניקער בעל־חוצפּה. אָבער אַ שטיקל קינסטלער איז ער יאָ געווען. ער

האָט אויסגעלערנט שלמהן און קריינדלען ניט צו חלשן און ניט צו ברעכן נאָכן אָנאָטעמען זיך מיטן טאַבאַק־ריח. און ניט קאָ־נענדיק שיין זינגען, האָט ער גערעדט זיסע רייד וועגן „סוד פֿון לעבן", וואָס פֿלעגן קריינדלען פֿאַרכאַפּן — ביז איין מאָל אַרײַנ־מאַנעוורירנדיק זי אין זײַנע אָרעמס, האָט ער איר געוואָלט באַ־ווײַזן, אין וואָס עס באַשטייט דער „סוד פֿון לעבן". זײַט יעמאָלט איז פֿאָלק בערנשטיין געווען פֿאַר איר ווי געשטאָרבן.

(אגבֿ אורחא, האָט פּרץ הירשביין דען ניט געהערט, אַז אַחוץ אַנאַרכיזם־אינדיווידואַליזם, איז שוין יעמאָלט געווען אַן אַנאַרכיזם־קאָמוניזם, וואָס האָט יאָ געהאַלטן פֿון יוניאָנס, סטרײַקס און קלאַסנ־קאַמף און האָט שפּעטער צוגעשטעלט אַ היפּשן פּראָצענט פֿירער־שאַפֿט דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג ?).

איר צווייטע אָפּדוכטעניש אין ליבע האָט זי געהאַט מיט פֿאָלקס חבֿר דעם הויקער אַלעקסאַנדער. צוליב זײַן מום האָט ער אַלץ געציטערט, מען זאָל אים ניט ליב האָבן פֿאַר רחמנות. האָט ער אָנגעטאָן אויף זײַן אַנאַרכיזם אַ הייליקן חכמה־שײַן. האָט קריינדל געהאַט אַ געלעגנהייט צו געבן אים אַלץ וואָס ליבע קאָן געבן — אויסער קערפּערלעכער באַרירונג. איז עס די דינסטע מאַמעשע פֿריינדשאַפֿט, דערפֿירט ביז צום 100טן גראַד. און ווען אַלעקסאַנדער איז געשטאָרבן פֿון די פֿילע קראַנקייטן, וואָס זײַנען געלעגן באַהאַלטן אין זײַן הויקער, זײַנען זײַנע לעצטע ווערטער צו איר געווען: — „עס לוינט ניט צו פּטרן אַ לעבן אין געראַנגל מיט נויט. קאָנסטו זיך באַפֿרײַען דערפֿון, טו עס. וועסט האָבן דײַן פֿרייד אין טאָן טובֿות צו מענטשן". — זיי האָבן זיך ביידע גוט פֿאַרשטאַנען. אַ צוזאַמענגעבראָכענע פֿון די פֿילע טובֿות, וואָס זי האָט געטאָן צו אייגענע און צו פֿרעמדע, האָט זי אויך לייבל חלפֿן אַ טובֿה געטאָן און מיט אים חתונה געהאַט. איז זי געוואָרן אַ בעל־טובֿהניצע אויף איר גאַנץ לעבן. וואָרים לייבל חלפֿנס־לעאָנאַרד סטאָונס הנאה איז געווען צו טאָן שלעכטס, כּדי קריינדל זאָל אים צווינגען צו טאָן גוטס. האָט ער ניט אַרויס־גערופֿן בײַ זיך סטרײַקס, האָט ער רעאָרגאַניזירט זײַנע שעפּער און אַרויסגעוואָרפֿן אַרבעטער. און די יוניאָן האָט שוין געוווסט,

אַז דורך מרס. לעאָנאַרד סטאָון וועט זי אַלץ פועלן בײַ מר. לע־אָנאַרד סטאָון.

איז וואָס האָט איר געהאָלפן דער קריינדל, וועלכע איז גע־ווען די פרי־פאַרשטאָרבענע שיינדל, וואָס זי האָט אויסגעלעבט אירע פולע 70 יאָר, אַז איר לאַנג לעבן האָט זי באַדאַרפט באַ־וויינען? דאָס אַליין, וואָס רעבעקאַ איז אַנטלאָפן פון אירע טובֿות צו ווערן אַ שאָפּ־אַרבעטאַרין, איז געווען גענוג סיבה פאַר געוויין. פון וואַנען האָט זיך עס צו רעבעקאַן גענומען, אַז זי האָט אפילו איר מאַמעס מילך ניט געזויגן? דאָס האָבן די „טובֿות" אויפגע־רייצט אין איר דער מאַמעס אַרבעטער־בלוט. — איז קריינדל גע־ווען אַ לעבנסלענגלעכע שיינדל און אַ דורכגעפאַלענע לאַנע. הירשביינס שולד. פאַרוואָס האָט ער ניט געפונען פאַר איר איר ריכטיקן זיווג?

און פונקט אַזוי האָט הירשביין „באַעוולט" אַ צווייטן הויפּט־העלד, וואָס ער האָט אַריבערגעבראַכט פון די „רויטע פעלדער" אין בבל ניו־יאָרק — נתנען. לויט דעם פּלאַן, וואָס ער פאַרנעמט אין ראָמאַן, און לויט דער טעאָרעטישער פּאָזיציע, וואָס איז אים געגעבן געוואָרן, האָט ער געדאַרפט זײַן דער הויפּט־הויפּט־העלד פון ראָמאַן. און ער פאַרדינט אַזאַ אויבן־אָן לויט דער ראָלע, וואָס ער האָט געשפּילט און שפּילט אין יידישן לעבן פון אַמעריקע. ער איז דאָס, וואָס בערע אין די „רויטע פעלדער" — דער גראַדליניי־קער, אומבויגזאַמער, אייפערזיכטיקער סאָציאַליסט, אָן שום הנחות צו וועלכע עס איז אַנדערע אַספּיראַציעס. נתן אין אַמעריקע איז דער טיפּישער „גענאָסע", ווי מיר האָבן אים געקענט, איידער דער געווערקשאַפטן קאַמפּיין האָט אים וויפּיל ניט איז געייִדישט. בערע איז קאַלט־הייס, אַ רעוואָלוציאָנער מיט דעם סאָ־וועט רעגירונג. נתן איז קאַלט־ניכטער. ער איז אָפן מודה, אַז ער איז קיין רעוואָלוציאָנער ניט. וואָס פאַר רוסלאַנד איז רעוואָלוציע, איז פאַר אַמעריקע די קאָנסטיטוציע. כאָטש זײַן סאָציאַליזם האָט ער מיטגעבראַכט פון רוסלאַנד, פאַרדריסט עס אים וואָס מען לאָזט רוסלאַנד ניט אַרויס פון מויל: — „גייט זיך אײַך געזונטערהייט קיין רוסלאַנד, אויב רוסלאַנד איז אײַך

אַזוי ליב. דאָ ווערן מיר מיט פּאָוואָליעדיקן פּראָגרעס אונטער דער קאָנסטיטוציע צוקומען צום סאָציאַליזם. אַזוי פאָדערן די אַמעריקאַנער באַדינגונגען" — דאָס זײַנען די רייד, וואָס ער רעדט ניט דעררייידנדיק.

לויט הירשביינען איז רעוואָלוציאָנער בלוט דרײַ מאָל אָפּגעצויגן געוואָרן פון דאַנען קיין רוסלאַנד, ניט צוויי מאָל ווי עס איז אָנגענומען — אין 1905 און 1918 — צוביידע רעוואָלוציעס. אַז אין די נײַנציקער יאָרן איז אויך געווען אַזאַ יציאת אַמעריקע קיין רוסלאַנד, צו דער גרינדונג פון די נײַע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען — ס. ד., ס. ר. און „בונד" — דאָס האָט הירשביין אויסגעפונען. שוין יעמאָלט זײַנען געווען הייסבלוטיקע, וואָס האָבן ניט געקאָנט פאַרטראָגן די הויכע פראַזן פון די הויך־רעדנער וועגן סאָציאַליזם און רעוואָלוציע. — „אָבער פון שלאַכטפעלד זײַט איר אַנטלאָפן?" — פלעגן זיי אַנטקעגנשרײַען, און זיך אײַנפּאַקן און אַוועקפאָרן. געבליבן זײַנען די קאַלטבלוטיקע און די אָפּגעקילטע.

מעגלעך, אַז הירשביין האָט זיי ניט ליב. דער טיפּ „גענאָסע" אַפּעלירט צו אים ניט. אָבער כאָטש נתנען האָט ער ניט ליב, אַ גרויסע ליבע האָט ער אים געדאַרפט געבן — אַן „עוזר כנגדו" וואָס זאָל פונאַנדערשפּילנדיק אים, אים פונאַנדערשפּיליען און אַרויסציען דאָס בעסטע פון זײַן כאַראַקטער. אָט האָט ער אויך בערען ניט ליב געהאַט — פונדעסטוועגן האָט ער אים אונטערגעטראָגן אַ לאַנען, וואָס האָט אים יעדע רגע געגעבן אַ נײַע ליבשאַפט, וואָס דאָס האָט אים גרויס געמאַכט. און זאָל מען ניט זאָגן, אַז בערע איז אַ ווערטפּולערער מענטש און פאַרדינט אַ בעסערע באַהאַנדלונג. עס איז דאָ וואָס צו באַוווּנדערן אין נתנען. אַזוי גיך ער האָט זיך אויסגעניכטערט פון עם־עולמשע חלומות — זייערע קאָמונעס זײַנען דורכגעפאַלן — האָט ער אַרײַנגעטאָן אַן ענטוזיאַסטישן חלום אין די מעשׂים פון זײַנע הענט: האָט ער געשוואָרן אַ שבועה! ייִדישע אַרבעטער דאַרפן אַרויסגעפירט ווערן פון די סוועט־שעפּער, ייִדישע אַרבעטער דאַרפן אויסגעגליכן ווערן אין זייערע לעבנס־קאָנדיציעס מיט די אַמעריקאַנישע אַרבעטער. און דער שבועה איז ער געווען געטרײַ. און דאָס

האָט ער דאָך דערגרייכט. ער איז אומדערמידלעך געווען אין גרינדן 3 מאָל און 10 מאָל די זעלביקע יוניאָן. און אָן סטרײַק־לופֿט האָט ער ניט געקאָנט אָטעמען. ער איז דער באַשאַפֿער פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

איבערלאָזנדיק אים אָן אַ ליבע־ראַנגלעניש וואָס זאָל פֿאַנאַנדער־וויגן זײַן האַרץ און פֿאַרזאַפּטיקן זײַנע ליפּן, האָט הירשביין גע־מאַכט אים אויסזען, ווי ער וואָלט אַראָפּגעשלונגען אַ שטעקן, און דער שטעקן איז מאַרקס. — פֿאַרוואָס קומט אים דאָס, חבר הירש־ביין? פֿאַרוואָס האָט איר געזשאַלעוועט נתנען אַ רעכטע גע־ליבטע? אַן עוולה, ווי איך בין אַ ייִד!

(אָבער מיט דעם בוך־טעקסט פֿאַר די אויגן, וועט דער אײַנדרוק מעגלעך זיך פֿאַרבעסערן. וואָרים איך זאָג נאָך אַ מאָל: עס איז אַ פֿאַרלויפֿיקער אײַנדרוק, לויטן זיכּרון).

און ווידער אַ מאָל דאַרף געזאָגט ווערן: וואָס איז אָפּגע־קומען אַ לוריע, איז צוגעפֿאַלן אַ חלפֿן. די חלפֿנטע, וואָס טראָגט אים אַנטקעגן ליבע, איז דורך אים געוואָרן אַ ליבע־שפּילערין. דאָס איז לעאָנאַרדס שוועסטערל — מלכּה (מילדרעד) חלפֿן. אַ פֿאַר־ריסענע, אַ פֿאַרביסענע, מיט פֿאַרשנירלטע ליפּן, שפּיציק נעזל און גרינלעכע אויגן, אַ רויב־פֿייגעלע, האָט זי זיך אַרויסגע־לאָזט אין אַ רויבערישן געיעג נאָך דעם קלאַסן־שׂונא פֿון די חלפֿנס — נתנען. אָבער דער פּרינציפּיעלער סטרײַק־פֿירער, וועט זיך מיאוס מאַכן מיט אַ באַסישער טאָכטער? האָט זי איין מאָל פֿאַר פֿאַרצווייפֿלונג געמאַכט אַ רויבערישן אָנפֿאַל אויף נתנס ייִנגסטן ברודער, זכריהן, פֿאַרפֿלעקנדיק זײַן ייִנגלשע אומשולד. און עס האָט איר גאָר ניט געשאַדט. זי האָט נאָך אַלץ זיך געיאָגט נאָך נתנען, ביז יענער האָט חתונה געהאַט מיט זײַן טרוקענער „אידייע" — די אַרבעטער־פֿירערקע דינה. און מילדרעד האָט שוין קיין ברירה ניט געהאַט און געטאָן אַ שידוך מיט איר גלײַכן.

נתן שטאַרבט קינדערלאָז אין זײַנע זעכציקער — לויט איין ווערסיע. אָבער לויט דעם צײַטונגס־טעקסט פֿון ערשטן קאַפּיטל, וואָס כאַפּט פֿאַרויס דעם שלוס פֿון ראָמאַן, איז נתנס אַן אייניקל, אַ סטודענטקע, צווישן די געסט צו קריינדלס געבורטסטאָג־

פֿײַערונג. און זי רעקאָמענדירט זיך זייער פֿײַן: זי פּאַטשט אויס אַ סטודענט פֿאַר באַנעמען זיך „פֿרעש‟ צו איר — ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַן אומעסטעטישן וואָרט וועגן די „גרינע‟. און זי שטאָלצירט מסתמא מיט איר „גרינעם‟ זיידן. אָבער זי בעט אים גלײַך איבער מיט אַ קוש. — וועמעס טעות איז עס — מײַנער צי הירשביינס? עמעצענס טעות דאַרף דאָ פֿאַרריכט ווערן.

אַרום און אַרום קומט אויס, אַז אפֿילו די פֿאַרקניפּונג פֿון די צוויי משפּחות פֿון די לוריעס און די חלפֿנס — איז אויך אַ רעזולטאַט פֿון הירשביינישן מעטאָד פֿון אײַנשטעלן כאַראַקטאָרן אויף ליבע־שפּיל. נאָר די צושטעלער פֿון שפּיל זײַנען דאָ די חלפֿנס, ניט די לוריעס. און די חלפֿנס ציען אויך כאַראַקטער־פּראָפֿיט דערפֿון: זיי זײַנען שאַרפֿער כאַראַקטעריזירט ווי מאַנכע פֿון די לוריעס. — אגבֿ, די גלוסטונג פֿון די חלפֿנים צו די לוריעס איז געווען זייער מענטשלעכסטער שטריך. זיי, די געלט־גדלנים און גזלנים, האָבן דווקא געוואָלט זיך אײַנקויפֿן אין אָרעמאַנסקן יחוס פֿון די לוריעס. זיי האָבן געזוכט אַ זכות אויף זיך. צוליב צו טאָן די לוריעס, פֿלעגן זיי אפֿילו אין די פֿריע סוועט־שאַפּ יאָרן אַמאָל האַנדלען מענטשלעכער, נאָכגעבנדיק אין סטרײַקס פֿריער פֿון אַלע באָסעס. און צוליב צו טאָן די קינדער, כּדי צו עפֿענען פֿאַר זיי די פֿאַרשלאָסענע הערצער פֿון קריינדלען און נתנען, האָט זייער פֿאָטער, מאיר חלפֿן, אפֿילו איין מאָל געפּרוווט צוצוציען פֿאַר אַ שותּף ישׂראל לוריע, וועלכער האָט גענומען מקיים זײַן זײַן חלק שותּפֿות מיט אַרבעטן נאָך לענגערע שעהן, ווי פֿריער, און מיט נעמען זיך די פּריווילעגיע אַרײַנצושטעלן אין שאַפּ אַן אָרון־קודש מיט צוויי ספֿר־תּורהס. אָבער פֿון דעם פּרווו איז גאָרנישט געוואָרן. דער איידעלער בן־תּורה, ר׳ ישׂראל לוריע, האָט ניט געוואָלט און ניט געקאָנט זײַן קיין שותּף צו דער קאַלטער רציחה, וואָס האָט געמאַכט ייִדן־ברידער אַרבעטן עבֿודת־פּרך אין נײַעם מצרים פֿון סוועט־שאַפּ־שקלאַפֿערײַ.

און אַחרון, אַחרון חבֿיבֿ — דער דאָרפֿסיונג. וואָס בענע איז אין „רויטע פֿעלדער‟, איז הילל אין „ניו־יאָרק־בבֿל‟. ער איז אַ סך מער דאָ, ווי בענע דאָרט. און ווען הילל איז אין ניו־

יאָרק, איז אַ פֿרייד אַלע מאָל צו זען אים און איך וואָלט קיין מאָל ניט מיד געוואָרן צו הערן אים ריידן. מיט היללן זעט הירשביין די נאַטור אין שטאָט און אין דאָרף, און זעט זי אַלע מאָל פֿונדאָסנײַ. מען קאָן אַלע מאָל הנאה האָבן פֿון הירשביינס אַ נאַטור־באַשרײַבונג, ווי מען קאָן הנאה האָבן פֿון דער טויזנטסטער אויפֿפֿירונג פֿון אַ מוזיקאַלישער קאָמפּאָזיציע. און אַז מען הערט היללן ריידן, הערט מען אַלע מאָל הירשביינס דאָרפֿישן ניגון איבער זײַנע רייד — דעם ווינט־ברויז און דעם וואַסער־געוויש. מיט היללן, ווי מען וואָלט געלייענט אין „בבֿל" שטיקער פֿון די „קינדער־יאָרן".

און איך האָב מורא אויסצוזאָגן, אַז אויף היללן דאַרף הירשביין ניט „אָנווענדן" זײַן הירשביינישן מעטאָד פֿון ליבע־שפּיל־געראַנגל. הילל, דער דאָרפֿסיונג, דאַרף זיך ניט „ראַנגלען", — דער „מעטאָד" איז אין אים. ער דאַרף זיך נאָר אָפּשעמען — ראַנגלט ער זיך אַ ביסל. ווען אין ליבע, קומט שפּיל נאַטירלעך בײַ אים צום אויסדרוק, ווי בײַ אַ חיה, אַנטשולדיקט פֿאַר דעם אויסדרוק. ווען ניט לאַנגע, וואָלט בענע אין די „רויטע פֿעלדער" אויך זיך ניט פֿאַרגאַנגען אין אַ ליבע־שפּיל,— און איך וועל זיך ניט קלאָגן, הלמאי הירשביין האָט אים ניט צוגעטיילט דעם ריכטיקן זיווג. וועגן פֿרויען האָט הילל קיין זאָרג ניט. זיי קומען צו אים ניט געבעטן, ניט געזוכט, קעגן זײַן ווילן און אפֿילו איבער געוואַלט, ווי די געשלעכט־הונגעריקע יענקיכע, דאָס ווײַב פֿון פֿאַרמער פּילסבורירי, בײַ ועמען אין זײַנע יונגע יאָרן ער האָט אָפּגעאַרבעט זומערס און ווינטערס.

זײַן ייִדישע פֿרוי, מינאַ האָראָוויץ, האָט ער אויך געוווּנען פּויעריש — דורך אַ געשלעג. מען איז אַרויסגעפֿאָרן אויף אַ „פּלעזשור"־באַרזשע איבערן איסט־ריווער צו אַ פּיקניק אויפֿן האַרלעם־ריווער — וואָס דאָס איז געווען יעמאָלט אַ מהלך ווײַט פֿון ניו־יאָרק. זײַן ייִדיש־ריידנדיקער חבֿר־פּויער טאַראַס האָט אונטערגעהאַלטן דעם ייִדישן פּיקניק מיט קאָזאַצקעס אויף זײַן האַרמאָשקע. איז עס ניט געפֿעלן אַ חבֿרה אײַריש־דײַטשע בויאַנעס. זײַנען זיי באַפֿאַלן דעם ייִדישן פּיקניק. האָבן די צוויי איינס־צוויי זיי אַלעמען אויסגעלייגט. איז מינאַ האָראָוויץ פֿאַר־

כאַפּט געוואָרן פֿון זײַן גבֿורה — אײַ, אַ כוואַט! אַליין אויך אַ גבורטע, אַ סטאָליערס אַ טאָכטער, אַ בעקערקע פֿון עסעקס סטריט, וואָלט זי אים זייער געפּאַסט פֿאַר אַ ווײַב. האָט ער יאָ געהאַט מיט איר אַ „געראַנגל”. עס האָט אים גענומען יאָרן ביז ער האָט זי אַרויסגעקראָגן פֿון שטאָט אין דאָרף אַרײַן — זי האָט בשום אופֿן ניט געוואָלט — זי האָט אַרויסגעהאָלפֿן דעם טאַטן, דעם סטאָליער, צו דער הוצאה. איז אָט דער געראַנגל צווישן דאָרף־הילל און שטאָט־מינאַ געווען אַזוי גוט ווי אַ ליבע־געראַנגל, וואָס פֿון הילל זײַט איז ער געפֿירט געוואָרן מיט דער זעלביקער רויִקייט פֿון געמיט, ווי אַ פּויער ראַנגלט זיך מיט שלעכטן וועטער. האָט עס דערלאַנגט גענוג שפּיל, וואָס האָט געגעבן דעם געפֿיל, ווי אַ פֿעלד וואַרפֿט זיך צווישן היץ און קעלט. אַ נאַטור־דער־שײַנונג. שלינגען מיר זשאַדנע די אַלע שטעלן, ווו הילל באַווײַזט זיך מיט אָדער אָן מינאַן.

נאָר אַ פֿראַגע צו פֿרעגן איז דאָ. אויב מיר זײַנען אַזוי פֿאַראינטערעסירט אין היללן, און ער פֿאַרנעמט אַזויפֿיל אָרט אין ראָמאַן — אַ סך מער ווי בענע אין „רויטע פֿעלדער” נאָך די צוויי אויבן־דערמאָנטע ליבע־נאָוועלן, פֿאַרכאַפּט ער פֿאַר זיך די בעסטע קאַפּיטלען פֿון ראָמאַן — פֿאַרוואָס־זשע מאַכט ער דעם אײַנדרוק פֿון אַ זײַטיקן, וואָס מישט זיך ניט אַרײַן. אַלס דער עלטסטער פֿון די ברידער לוריע, איז ער טיטולירט הויפּט־העלד, און איז באַרעכטיקט דערצו, אָבער פּאַקטיש ווערט ער קיין הויפּט־העלד ניט.

ווײַל ער ברייִנגט מיט זיך קיין פּראָבלעם ניט. ער איז קעגן ייִדישן בבֿלען זיך אין די שטעט. אָבער דאָס איז בײַ אים ניט קיין טעאָריע, נאָר אַ געפֿיל. ער האָט פֿײַנט שטאָט. ער האָט פֿײַנט שאַפֿ, ער האָט בלויז פֿאַראַכטונג צו דער נאָדל. ווען אין שטאָט, איז ער אַ שווערער אַרבעטער — אַ האַפֿן־אַרבעטער, אָדער אַן ערד־גראָבער. און כאָטש ער האַלט, אַז דאָס בבֿלען זיך אין די שטעט, איז פֿאַר ייִדן אַן אומגליק, ווערט עס דערפֿון ניט בײַ אים קיין ייִד־פּראָבלעם. ער איז גענוג ייִד, אַז ווען ער אַרבעט בײַ אַ גויִשן פֿאַרמער, וועט ער ניט שלאַכטן קיין חזיר און

ניט שעכטן קיין הון אפילו. און ייִד געבוג אום צו וועלן האָבן אַ ייִדיש ווײַב. אָבער דאָס וואָס זײַנע יוגנט־חלומות וועגן ייִדישע דערפער זײַנען ניט מקוים געוואָרן, איז פֿאַר אים קיין פּראָבלעם ניט. „נו, מילא, אַזוי איז דאָס לעבן". אָבער עס דאַרף יאָ זײַן פֿאַר אים אַ פּראָבלעם. — די מעשׂה איז אין דעם, וואָס אין ראָמאַן איז דאָ דער דאָרפּסיונג בענע. אָבער עס פֿעלט יוסף ראַטנער, דער נאַציאָנאַלער ייִד, וואָס חלומט וועגן ייִדישע קבוצות, ווו עס זאָל ניט זײַן — אין ארץ־ישׂראל, אין קרים, אין בירא־בידזשאַן. און הירשביין — ער איז ביידע, בענע און יוסף צוזאַמען. הילל דאַרף אַרײַננעמען אין זיך יוספֿן. אָט ווען הירשביין וועט אַמאָל פֿאַר־טראַכטן אַ ייִדישן דאָרפֿס־ראָמאַן — מיט אַ קבוצה אין אַמעריקע — אָט יעמאָלט וועט אַ הילל־יוסף זיכער בײַ אים ווערן דער הויפּט־העלד. פֿריער אָדער שפּעטער וועט הירשביין עס טאָן. — אָבער אויך יוסף איז ניט גענוג. הירשביין האָט נאָך אַ דריטן אין זיך, וואָס הילל דאַרף אַרײַננעמען אין זיך — וואָס וועגן דעם וועל איך באַלד ריידן.

אומזיסט געזאָגט „אַחרון, אַחרון חבֿיבֿ" אויף היללן. הירש־ביינס „אַחרון, אַחרון חבֿיבֿ" איז ניט דער עלטסטער, נאָר דער ייִנגסטער פֿון די לוריע־ברידער — זכריה — קריינדלס צווילינג־ברודער, וואָס בעת קריינדל־קעראָליין סטאָון פֿײַערט איר 70טן געבורטסטאָג, שטייט ער אָנגעשפּאַרט אָן דער עמפּײַר סטייט בילדינג און גיט ניו־יאָרק אַ צונאָמען: בבֿל!

הייסט עס, אַז עס איז פֿאַראַן עמעצער, וועמען הירשביין האָט נאָך שטאַרקער ליב איידער דעם ייִדישן פּויער? יאָ, ווען ער קערט זיך אום פֿון זײַנע וועלט־רײַזעס און באַזעצט זיך אין ניו־יאָרק, איז צום ליבסטן אים דער ייִדישער דאָקטאָר פֿון דער איסט־סײַד. און דאָס איז זכריה געוואָרן. אין ערשטן ראָמאַן פֿון דער טרילאָגיע איז זכריה פֿאַרבליבן כמעט אומבאַמערקט. ער איז געווען קריינדלס שאָטן. ווו זי איז געגאַנגען שטעלן אַ הויז, איז ער איר נאָכגעגאַנגען. און בעת די ברידער האָבן גע־מהומהעוועט און אײַנגעריסן וועלטן, האָט ער בײַטאָג געשוויצט אין די שעפּער און בײַנאַכט האָט ער געלערנט. פּלוצלונג האָט ער

געקומען זיך אַרויסרוקן און שטײַגן. אין צווייטן ראָמאַן איז ער שוין ד״ר זכריה לוריע. אין דריטן ראָמאַן איז ער דער באַרימטער ד״ר לוריע, דער ליבלינג פֿון דער גאַנצער ייִדישער אָרעמקייט. ער וואָלט שוין לאַנג געקאָנט מאַכן אַ קאַריערע אין די רײַכע געגנטן — ער האָט אַ מאַגנעטישע פּערזענלעכקייט און איז אַן עקספּערט־היילער — אָבער זײַנע אָרעמעלײַט פֿון דער איסט־סײַד וויל ער ניט פֿאַרלאָזן. בײַטאָג שלאָגן זיי אים אָפּ די שוועלן ווי אומזיסטע פּאַציענטן. און קיין שעה אין דער נאַכט איז אים ניט שפּעט צו קלעטערן אין זייערע טענעמענטס. און אַלץ ווייס ער און אַלץ פֿאַרשטייט ער. שטייט צו קיין זאַך ניט צו, ווײַל „הכּל הבֿל!״, און דאָך פֿאַראינטערעסירט אין אַלץ און אַלע־מען. גרייט געווען צו פֿאָרן קיין רוסלאַנד און קיין ארץ־ישׂראל. מישט זיך ערגעץ ניט, און דאָך ווערט ער אומעטום אַרײַנגעמישט. צו אים קומען זיי: דרשנים און רבנים, ציוניסטן, סאָציאַליסטן, טעריטאָריאַליסטן און אפֿילו קאָמוניסטן; און, נאַטירלעך, די קאָמפּייִנערס פֿאַר אַלערליי פֿאָנדן. און האָט ער קיין אייגן געלט ניט, שאַפֿט ער געלט. פֿון זײַנע לעצטע דאָלאַרן רײַסט ער אָפּ אויף ייִדישע און העברעיִשע ספֿרים. מיט איין וואָרט: דער אידעאַלער ד״ר פֿון דער איסט־סײַד איז ד״ר זכריה לוריע. די ייִדישע דאָקטוירים דאַרפֿן אים שטעלן אַ מאָנומענט און מאַכן הירשביינען אַ באַנקעט. ער האָט זיי געגעבן אַ תּיקון.

זײַן צוגעהעריקייט צו הירשביינס העראָיען־טיפּ באַווײַזט ער מיט זײַן פֿאַרטײַערונג פֿון דער פּרוי און מיט זײַן איבערקלײַבעריש־קייט אין ליבע. נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעהאַלטן צוויי אַטאַקעס אין זײַן יוגנט: פֿון מלכּה חלפֿן און עליזאַבעט בראַנדט — און אַ דריטע אַטאַקע אין זײַנע מיטעלע יאָרן פֿון אַ מעלאַנכאָלישער פּאַציענטקע, דער כּלה־מיידל בערגער, וועלכע האָט צוגעזען דעם טויט פֿון איר חתן אין אַ פּאָגראָם און זי טראָגט אויף אים אַריבער איר היסטערישע ליבע — איז ער פֿאַרזעסן געוואָרן ווי אַן אַלטער בחור: איידער פּוסטע ליבע, איז בעסער גאָר קיין ליבע ניט!

אָבער ווען הירשביין האָט ליב, גיט ער אים אויף דער עלטער אַ יונג מיידל פֿאַר אַ ווײַב — פֿריער ישׂראלן און איצט זײַן

זון זכריהן. די 20־יעריקע פערל דובין האָט זיך אים אונטערגע־טראָגן ווי אַ מתנה. און די פערל — איז אַ פערל! אַ הי־געבאָ־רענע, נעמט זי זיך צום האַרצן אַלע ווייטיקדיקע ייִדישע פּראָבלע־מען — ביז צום אויסלערענען זיך ייִדיש.

ניין, הירשביין איז ניט פאַרצווייפלט וועגן דער ייִדישער יוגנט אין אַמעריקע. אַ סך לאָזן זיך טאַקע אַריַין אין שמד־שטיק און אין שמד פון אַסימילאַציע. אָבער עס זייַנען פאַראַן וווּנדער־לעכע אויסנאַמען. אָט די פערל, און רעבעקאַ, וועלכע גייט פריַי־וויליק זיך פּראָלעטאַריזירן, און ד״ר מאו (מאָריס) לוריע, דער זון פון הילל, וועלכער גייט אין די פוסטריט פון זיַין אָנקל ד״ר זכריה לוריע. און ער נעמט־מיט מיט זיך אַ האַלבע ייִדישקע — פון ייִדישער מאַמען און קריסטלעכן פאָטער — עוועלין ווילסאָן — אַ לילי בראַנדט מיט העכערער בילדונג — וועלכע וויל זיך צוריק צונויפשמעלצן מיטן טראַגישן ייִדישן גורל. — מאָו פירט זי צו אַ נאָר וואָס אַריבערגעקומענעם ייִדישן פאַטריאַרך. ניט פאַרשטיי־ענדיק איינער דעם אַנדערנס לשון, באַנעמט זי דאָך, אַז ער גיט איר זיַין ברכה. איר האַרץ עפנט זיך פאַר אַזאַ גרויס גליק, אַז זי קאָן עס ניט אויסהאַלטן. זי פאַרלאָזט דעם חדר. דער פאַטריאַרך רעדט וועגן משיחס ציַיטן און זאָגט נבֿיאות, אַז די ייִדישע גאולה וועט זיך אָנהויבן אין אַמעריקע.

דער עפּיזאָד שליסט די עפּאָכע, וואָס האָט זיך געעפנט מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק מיט אַ פּאָגראָם־בהלה, וואָס האָט גענומען וואַרפן גרודעס פון צעשראָקענער ייִדישער מענטשן־מאַסע איבערן אַטלאַנטיק. און די מענטשן־מאַסע האָט זיך דאָ באַרויִקט, איַינגעפונדעוועט און זיך אויסגעפורעמט אין אַ ייִשובֿ, וואָס הירשביינען געפעלט עס אָנצורופן „בבֿל״, אָבער וואָס אַ גלויביקער ייִדישער פאַטריאַרך האַלט אים פאַר געטנוג ראוי אַריבערצוטראָגן אויף אים די ייִדישע גאולה־האָפענונג. איידער מיר האָבן פאַר זיך דעם ענדגילטיקן טעקסט פון ראָמאַן אין בוך־פאָרם, איז שווער צו זאָגן, צי דער צונאָמען „בבֿל״ איז באַרעכטיקט אָדער די גאולה־האָפענונג איז באַרעכטיקט. דער איַינדרוק פון פאָרלויפיקן, קאַפּיטלעכוויַיז געלייענטן צייַטונגס־טעקסט איז, אַז

דער ראָמאַן פֿאַרמאָגט גענוג גוטס צו קאָנען באַשטיין פֿאַר זיך ווי ער איז, אָבער לאָזט דאָך אָפֿן די מעגלעכקייט פֿאַר נאָך בעסער. די הויפט־העלדן פֿעלט נאָך עפּעס צו פֿולער בולטקייט, גאַנצקייט און פֿעסטער שטעלונג. עס פֿעלט נאָך אַ הויפט־ראָלע. עס פֿעלט נאָך אַ הויפט־העלד, וואָס זאָל פֿאַרקערפּערן הירשביי־נען אינגאַנצן, ניט נאָר דעם בענען און דעם יוספֿן אין אים, נאָר אויך דעם דריטן, וואָס ער באַהאַלט אין זיך און האָט אים נאָך קיין געשטאַלט און קיין נאָמען ניט געגעבן. אָט דער דריטער הויפט־העלד, וואָס וועט פֿאַרקערפּערן הירשביינען אינגאַנצן, וואָלט צו די אַלע אַנדערע הויפט־העלדן צוגעגעבן בולטקייט, גאַנצקייט און פֿעסטע שטעלונג.

מיט אַנדערע ווערטער, הירשביין אַליין האָט נאָך קיין פֿעסטע שטעלונג ניט צו די הויפט־העלדן, וואָס ער פֿירט אַרויס. ווײַל ער אונטערדריקט עפּעס אין זיך. עס איז לײַכט צו טרעפֿן, אַז דער דריטער עלעמענט, וואָס פֿעלט נאָך, איז די לעבעדיקע שפּי־רונג פֿון געהיימעניש האַרט נעבן אונדז, וואָס ער פֿאַרמאָגט עס אין פֿולער מאָס, לויט דעם עדות־זאָגן פֿון די „קינדער־יאָרן“, און וואָס אין זײַן אינטעליגענטישן פּעריאָד איז עס אָנגעשרויפּט געוואָרן ביז צום געקינצלטן מיסטיציזם פֿון די דראַמען על־פּי מעטערלינק, און אין דעם געזינטערן פּעריאָד פֿון זײַנע פֿאָלקס־דראַמען האָט עס געפֿונען אויסדרוק אין דעם רעאַליסטישן מיסטיציזם פֿון אַ „בעבעלע“ און אין דעם האַלב־רעאַליסטישן מיסטיציזם, וואָס פֿאַנטאַזירט זיך אַרויף אויף אַ פֿאָלקס־לעגענדע, פֿון „אליהו הנבֿיא“ און „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען“ — ביידע געשפּײַזט פֿון דער געהיימעניש איבערלעבונג פֿון זײַנע קינדער־יאָרן. ווו איז דאָס אַהינגעקומען — פֿאַרלאָרן געגאַנגען? ניין! אַז די געהיימניש־איבערלעבונג מורמעלט זיך נאָך אין אים, איז צו דערקענען אין דער ליבשאַפֿט, מיט וועלכער ער מאָלט די פֿרומע אַלט־ייִדישע וועלט; אין דעם עקסטאַז, וואָס ער זויגט אַרויס פֿון יעדער פֿרישער נאַטור־איבערלעבונג — און אויך אין דער רײַכער פּרוכפּערדיקייט פֿון זײַן ליבע־שפּיל־מעטאָד. — אַ הויפט־העלד, וואָס וועט אָפֿנהערציק נעמען אויף זיך צו זײַן דער טרעגער פֿון

דער געהיימניש־איבערלעבונג, וואָס על־פּי דין וועט ער אַ שטאַר־קער ייִד זײַן, וואָלט צוגעגעבן פֿול־געשטאַלטיקייט צו אַזעלכע טיפֿן, ווי יוסף און הילל, און אין קאָנטראַסט צו זיי, פֿול־בלוטי־קייט צו אַזאַ טיפּ, ווי „געגנאָסע" נתן. און ווען הירשביין וואָלט מיט יענעם הויפּט־העלדס אויג אַרומגענומען די עפּאָכע פֿון „בבֿל", וואָלט ער פֿון „בבֿל" אַרויסגעקראָגן די אמתע גאולה־נבֿואה.

מעגלעך, אַז די אויטאָביאָגראַפֿישע זכרונות, וואָס ער שרײַבט איצט און וואָס דאַרפֿן אים אין גיכן אַרײַנפֿירן אין פּעריאָד פֿון זײַנע ערשטע יאָרן אין אַמעריקע, ווען זײַנע פֿאָלקס־דראַמען זײַנען געשריבן געוואָרן, וועלן טאָן מיט אים נאָך אַ גרעסערע פּעולה, ווי די „קינדער־יאָרן" און וועלן צוגרייטן אַ נײַעם, פֿעסטערן און גאַנצערן און שאַרף־זעעוודיקערן, עפּאָכע אַרומנע־מענדיקן ראָמאַן, מיט אַן אויבן־אָן פֿאַר דעם הויפּט־העלד, וואָס וועט פֿאַרקערפּערן הירשביינען אין גאַנצן. ווו וועט יענער ראָמאַן זיך אָפּשפּילן? מעגלעך אויף דער וועלט־סצענע, וואָס פּרץ הירש־ביין האָט דרײַ מאָל אַרומגערײַזט.

## אָסיפ דימאָוו

# אַ מאָל איז געווען אַ מעשה . . .

צווישן רוסן איז פֿאַרשפּרייט אַ לעגענדע וועגן „קיטעזש גראַד" (די שטאָט קיטעזש). ס'איז געווען אַ מאָל אַזאַ שטאָט, אַזאַ הייליקער אָרט, ווו יעדער איינער איז געווען גליקלעך. די שטאָט איז אָבער פֿאַרשוווּנדן, פֿאַרפֿאַלן געוואָרן . . . מ'זאָגט, אַז זי האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אין אַן אָזערע און ליגט דאָרט אונטערן וואַסער מיט אַלע אירע געביידעס, מיט אַלע אירע גאַסן און גערטנער און קלויסטערס. אין אַ שטילן זומער־טאָג, אָדער גאַנץ פֿרי, באַגינען, קאָן מען הערן אַ מאָל ווײַטע גלאָקן קלינגלען פֿון אונטער דעם וואַסער. „קיטעזש־גראַד" לעבט, „קיטעזש־גראַד" דערמאָנט אַן זיך, — פֿאַרוואָרפֿן, אָבער ניט געשטאָרבן, ניט פֿאַרשוווּנדן — לעבט!

פּרץ הירשביין ווייס פֿון אַזאַ „קיטעזש־גראַד". ער טראָגט אים אין זײַן האַרצן. דאָס איז פֿאַר אים מער ווי אַ לעגענדע — ס'איז זײַן וועלט־אַנשויונג, זײַן וועלט־פֿילונג, יעדנפֿאַלס, זיכער: זײַן קינסטלערישער זיכּרון, וואָס מיינט אין דער זעלביקער צײַט אויך זײַן פּאָעטישער געוויסן.

ערגעץ ווו אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם פּלאַץ געפֿינט זיך הירשביינס לעגענדאַרישער „קיטעזש". עס איז ניט ווײַט פֿון אַ קרעטשמע, וואָס איז אַ מאָל געווען גוט באַזוכט און איצט איז זי פּוסט. דאָס הייסט, אינגאַנצן פּוסט איז זי נישט. אַ מאָל אין אַ טיפֿער זומער־נאַכט פּראַוועט מען דאָרט אַ חתונה — אַ זייער מאָדנע חתונה: די מוזיק שפּילט, ייִדן טאַנצן, ייִדן הולענען און אין מיטן פֿון טאַנצן פֿאַרשווינדט די כּלה. יאָ, זי פֿאַרשווינדט, אָבער ניט מיט דעם חתן — מיט אַן אַנדערן. דער טאַנץ־ניגון הילכט אין הירשביינס אויערן . . . גרינע פֿעלדער ליגן אַרום דעם דאָזיקן אָרט.

דער בלויער הימל בענטשט די פֿעלדער מיט אַן אייביקן זונשײַן און מיט אַ דאָרפֿישן רעגן. אַ יונגער ישיבֿה־בחור שפּאַצירט איבער די פֿעלדער און פֿאַרבלאָנדזשעט אין הויז פֿון אַ דאָרפֿישן ייִדן. אַ יונגער ישיבֿה־בחור פֿון די ענגע ווילנער געסלעך ברענגט צו די פֿעלדער גאָטס וואָרט — און זײַן לערנען מישט זיך צוזאַמען מיט דעם רוישיקן פּלוידער פֿון די בלעטער, מיט דעם פּישטשען פֿון די פֿייגעלעך און דעם קלאַפּן אין דער קוזניע. יאָ, ס׳איז אויך פֿאַראַן אַ קוזניע אין דעם דאָזיקן ווינקל און בײַם שמיד זײַנען פֿאַראַן צוויי טעכטער — מ׳קאָן ניט וויסן ווער פֿון זיי איז די עלטערע — נאָר איינע האָט זיך „אַרויסגעכאַפּט פֿריִער״ — דאָס געדענקט הירשביין גוט. הירשביין דערציילט אונדז אויך פֿון אַנדערע דאָרפֿישע מיידלעך — ווי שטיל און באַשיידן און צנועהדיק האָט געבליט זייער יוגנט, ווי זיי האָבן געטאַנצט און געבויגן זיך אין טאַנצן, ווי ווערבעס בײַ דער אָזערע . . . און אויך די רעוואָלוציאָנערקע אין ליבע געדענקט ער: זי — די דאָרפֿישע סופֿראַזשיסטקע האָט ניט געוואַרט ביז איר באַשערטער וועט זיך אָננעמען מיט מוט, און — געוועזן די ערשטע צו געבן אים אַ קוש. סטייטש? ווי קאָן דאָס זײַן? אָבער דאָס אַלץ האָט פּאַסירט אין דעם געבענטשטן פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל . . . ווען? מיט וויפֿיל יאָרן, אָדער עפּאָכן צוריק? און ווען האָט עס זיך אָנגעפֿאַנגען, און ווען זיך געענדיקט? און ווו איז ער — ווו געפֿינט זיך דער פֿאַרוואָרפֿענער ווינקל?

פֿאַרגעסן דעם אָרט! פֿאַרגעסן דעם וועג אַהין. דוכט זיך, דאָ איז עס געוועזן, הינטער דעם וואַלד. נאָר דער וואַלד איז אויסגעהאַקט און דער טײַך איז אויסגעטריקנט געוואָרן. אַלע וועגן אַהין זײַנען פֿאַרשפּאַרט, ס׳איז ניטאָ וועמען צו פֿרעגן, ס׳איז ניט פֿאַראַן אין וועמענס פֿענצטער אָנצוקלאַפּן און אָנצופֿרעגן:

— ר׳ ייִד, ווייסט איר ניט ווי ווײַט עס איז נאָך צו דעם פֿאַרוואָרפֿן ווינקל?

איין היסטאָרישע דאַטע וועגן דעם פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל ווייסן מיר: ער האָט עקזיסטירט אַן ערך אין דער זעלביקער צײַט ווען אַ מאָל איז געווען אַ מעשׂה — אָדער אַ פּאָר יאָר שפּע־

טער נאָך דעם ווי ביי די פֿרומע ייִדן אין שטוב האָט זיך געגאָסן דער ווייַן ווי וואַסער — שטעל אונטער די עמערס און צאַפּ אָן וויפֿיל דו ווילסט.

הירשביין געדענקט עס, געדענקט יעדע קלייניקייט, יעדן פּישטש פֿון אַ פֿויגל, יעדן שאָרך פֿון אַ וואַלד־חיה. אַ וווּנדער־שיין לאַנד, אַ צויבער־מדינה — שענער ווי רוסלאַנד, האַרציקער ווי בעלאָראַסיע, היימישער ווי ארץ־ישראל אַליין — טאַקע דאָ איז געשטאַנען פּרץ הירשביינס וויגעלע . . . דאָ האָבן זיך גע־עפֿנט זיינע אויגן און ער האָט דערזען דעם כּישוף פֿון גאָטס וועלט. ער איז געקומען צו לויפֿן אין אונדזערע דושנע דרוקערייען, אין די רעדאַקציעס פֿון די צייטונגען און הינטער די קוליסן פֿון די טעאַטערס, כּדי וואָס גיכער צו דערציילן אונדז פֿון דער וווּנדער־באַרער היים זיינער, פֿון פּרץ־פּלאַך און הירשביין־ווינקל — דער־ציילן, באַזינגען, אָפּמאָלן, פֿאַראייביקן דאָס, די וועלט זאָל וויסן, די וועלט זאָל עס געדענקען, און דערנאָך, האָבנדיק פֿאַרענדיקט די מיסיע, וואָס גיכער צוריקקערן זיך, גיין אַ היים, און פֿאַרבלייבן דאָרט אין דעם פֿאַרכּישופֿטן ווינקל זיינעם, לעבן די פֿעלדער און דער קרעטשמע און דער קוזניע, וווּ צוויי שוועסטער זינגען זייער פּרימיטיוו ליבעס־ליד. גיכער, שנעלער, אַ היים! אָבער דער וועג איז פֿאַרלוירן, אַרויסגעפֿאַלן פֿון זיין זכּרון — אוממעגלעך, אומ־מעגלעך אים ווידער צו געפֿינען. און אָט בלאָנדזשעט פּרץ הירש־ביין, ווי אַ חתן שבת ביינאַכט אין וואַלד. בלאָנדזשעט איבער דער גאַנצער וועלט און זוכט און זוכט דעם וועג, זוכט אים אין רוסלאַנד און אין פּוילן און אַמעריקע, און אין אַפֿריקע; אין די בערג פֿון הימאַלאַיאַ און אין די גאַסן פֿון בראָנקס. ער שפּאַנט איבער דער ערד, באַזוכט איין לאַנד נאָך דעם צווייטן, איין קאָנטינענט נאָך דעם אַנדערן, שווימט אַריבער טייכן און ימען, גייט, לויפֿט, וואַנדערט, וואָגלט און זוכט און קלאַפּט אָן אין אַלע פֿרעמדע פֿענצטער פֿון דער גאַנצער וועלט און פֿרעגט די זעלביקע, די אייביקע פֿראַגע זיינע:

— ר' ייִד, ווייסט איר ניט ווי ווייט איז עס נאָך צו דעם פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל?

אָבער נאָך גיכער ווי ער, שפּאַנט איבער דער וועלט די היסטאָריע אַליין. זי צעטרעט מיט אירע שווערע בלוטיקע טריט איין לאַנד נאָך דעם אַנדערן, איין קאָנטינענט נאָך דעם צווייטן, שווימט אַריבער טײַכן און ימען, פֿליט אַריבער הימלען, צערײַסט אין שטיקלעך וואָלקנס, פֿאַרשלינגט שטעט, מדינות, אַרמייען, גאַנצע פֿעלקער, גאַנצע ראַסן. ווייס דערפֿון ניט הירשביין? אַוודאי ווייס ער. עס שטעלט אים אָבער ניט אָפּ. פֿאַרקערט, דאָס יאָגט אים, דאָס טרײַבט אים, מאַכט אים צו אײַלן זיך. דער ווינקל זײַנער, וואָס איז אַ מאָל געווען הינטער אים, אין דער שיינער מעשה׳האַפֿטער פֿאַרגאַנגענהייט, איז אַצינד פֿאַר אים, אין דער נאָך שיינער צוקונפֿט, וואָס דאַרף באַלד, — אָט טאַקע באַלד — קומען. די צוקונפֿט און דער ווינקל איז איינס: זיי דעקן איינער דעם צווייטן, זיי מישן זיך צוזאַמען, זיי האָבן זיך פֿאַראייניקט דאָרט, ווײַט הינטער דעם האָריזאָנט, וועלכן דער דונער, דער מאַרש פֿון דער היסטאָריע האָט נאָך ניט דערגרייכט און וועט קיינמאָל ניט דערגרייכן מיט זײַנע בלוטיקע פֿלי־מאַשינען. און דאָרט איז שלום ושלווה, דאָרט איז שטיל, דאָרט בליִען נאָך אַ מאָל די גרינע פֿעלדער און אַ מאָדנע חתונה ווערט געפּראַוועט, אין אַ טיפֿער זומער־נאַכט לעבן דער פּוסטער קרעטשמע.

אין דעם זוכן איז הירשביינס קראַפֿט, זײַן כישוף, זײַן שיינ־קייט, און דער אויסגעטראַכטער, דער הייליקער אמת, וואָס ער האָט אונדז געשאָנקען אין די זעכציק יאָר פֿון זײַן לעבן.

ח. רויזענבלאַט

# „אויפֿן מיל־ראָד רוישט דאָס וואַסער"

— שטריכן צו דער פּערזענלעכקייט פֿון פּרץ הירשביין
צו זײַן זעכציקסטן געבוירן־טאָג.

אין 1911 איז דאָס געווען.

נאָכדעם ווי אַ פּאָר צענדליק יאָדעשליווע טרעפּלעך האָבן זיך רעכט אויסגעהוסט אונטער דײַנע טריט, האָסטו זיך געפֿונען אויף דער שוועל פֿון אַדמיניסטראַטיוון אָפּיס פֿון „די צוקונפֿט", וועלכער האָט זיך צו יענער צײַט געפֿונען אויף דיוויזשאָן סטריט, ניט ווײַט פֿון „שלומס" רעסטאָראַנט, — די בירזשע פֿון די ניו־יאָרקער ייִדישע שרײַבער.

אָט אין דעם אַדמיניסטראַטיוון צימער האָב איך דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט פּרץ הירשביינען. דאָס איז געווען די וואָך פֿון זײַן אָנקומען קיין אַמעריקע.

הירשביין — אַ שלאַנקער, אַ דינער, אַ נעט־געקליידטער, איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט. אין אַ האַלב־קרײַז, קעגן איבער אים, — אַרום אַ מנין „יונגע" ייִדישע שרײַבער, וועלכע זײַנען נאָך נישט געווען אָפּיציעל אַנערקענט פֿון דער פּראָפּעסיע, און האָבן זיך דערמיט געהאַלטן גרויס: — מיר זײַנען ניט קיין „הענט" אין די רעדאַקציעס. מיר זײַנען פֿרײַע קינסטלער, זײַנען מיר . . .

הירשביין איז פֿאַר אונדז געווען אַ מין נאָווינע. שרײַבער זײַנען צו יענער צײַט ניט אָפֿט געקומען צו אונדז קיין אַמעריקע. אויף אַמעריקע איז נאָך געלעגן אַ מין חרם: אַ רעכטער שרײַבער לאָזט ניט איבער סתם, מיר ניט, דיר ניט, וואַרשע, ווילנע, אָדער אַפֿילו אָדעס און קומט אַהער זיך באַזעצן. אַמעריקע איז דאָס לאַנד פֿון „בלאַף", סענזאַציע, געלן זשורנאַליזם און מינדערווערטי־קער ליטעראַטור. דער ערנסטער ייִדישער קינסטלער דאַרף זיך היטן, דאַרף שאַנעווען זײַן רעפּוטאַציע.

הירשביין, געדענק איך, האָט עפּעס דערציילט אויף זיין שטייגער: פּאַמעלעך, געציילט די ווערטער, ווי ער וואָלט עפּעס געלייענט פון אויסנווייניק. איינער פון די „יונגע", אַ „סמיעלער יאָס", ווי מע זאָגט דאָס ביי אונדז אין אוקראַינע, האָט עפּעס אומגעלומפּערט אַ פּרעג געטאָן: „וואָס טאַקע טוט איר דאָ אין אַמעריקע, קאָלעגע הירשביין?"

הירשביין האָט אויפגעהויבן אויפן „יונגן" די אויגן און אין זעלביקן קילן טאָן, נאָר מיט אַ ביסל פאַראיבל אין קול אים גע־ענטפערט: „ערגעץ דאַרף איך דאָך זיין. נו, — בין איך דאָ".

דער דרייסטער פרעגער האָט זיך אַ ביסל פאַררויטלט און זיך גענומען פאַרענטפערן: אייגנטלעך האָט ער געמיינט דערמיט — וואָס האָט אַזאַ באַרימטער שריפטשטעלער, ווי ער, הירשביין, דאָ צו טאָן. אין אַמעריקע איז נישטאָ קיין אָרט פאַר אמתער יידישער קונסט. אין זיין דערקלערונג האָט געשטעקט אַ צווייענדיקע כוונה: ערשטנס — אַ פאַרגיטיקונג הירשביינען; צווייטנס — אַ שטאָך די יידישע היגע שרייבער, וואָס זיינען ניט מסוגל אויפצונעמען די יונגע, נייע, פרישע, מאָדערניסטישע יידישע קונסט.

מערקווירדיק: פאַר די אַלע דרייסיק יאָר, זינט יענעם אינ־צידענט, האָב איך ניט פאַרגעסן פרץ הירשביינס ברוגזלעכן ענט־פער: „ערגעץ דאַרף איך דאָך זיין. נו, בין איך דאָ".

איצט, בעת איך שרייב די שורות, קלינגען יענע ווערטער הירשביינס אין מיין געמיט אויף, ווי אַ ווייטער און דאָך שאַרפער עכאָ: אַזוי פיל נע־ונדניקייט האָט אַרויסגעקלונגען פון זיינע רייד; אַזאַ היימלאָזיקייט, אַזאַ פאַרלוירנקייט האָט אַראָפּגעאָטעמט פון זיינע ליפּן. איצט, אַז איך באַקען זיך מיט געוויסע פאַקטן פון זיין ביאָגראַפיע, און ווער געוווּיר, אַז אין יענעם יאָר, 1911, איז זיך זיין „הירשביין טרופּע" פאַנאַנדערגעפאַלן, ווערט מיר קלאָרער זיין געדריקט געמיט, בעת אונדזער ערשטער באַגעגעניש.

הירשביין האָט זיך דאָ אין אַמעריקע גרינג אַקלימאַטיזירט. ער איז געווען פון די ערשטע יידישע שריפטשטעלער, וואָס האָבן אָפּגעוואָרפן דעם חרם, וועלכער איז געלעגן אויף דעם נייעם יידישן ישוב. הירשביין האָט זיך גיך דערפילט אינדערהיים. און אַז ער

האָט אַ פּאָר מאָל, נאָך זײַן באַזעצן זיך אין ניו־יאָרק, זיך אָוועק־געלאָזט אויף זײַנע ווײַטע וועלט־רײַזעס, איז ער שוין געפֿאָרן, ווי איינער, וואָס האָט אַ באַשטענדיקע היים און האָט זיך וווהין אומ־צוקערן נאָך זײַנע רײַזעס. ער איז שוין מער ניט קיין נע־ונדניק, קיין סתם וואָגלער אין דער וועלט. ער איז שוין — אַ וועלט־רײַזנדער. דעם פֿאַקט האָט ער באַשטעטיקט דערמיט, וואָס נאָך יעדער רײַזע זײַנער האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אַ בוך איבער זײַנע רײַזעס, פֿאַרצייכנט זײַנע אײַנדרוקן, אויף אַ קינסטלערישן שטייגער. ער האָט אפֿילו שפּעטער, אין יאָר 1932, זיך דערמאָנט דאָ, אין אַמעריקע, אויפֿצושרײַבן אַ פּרעכטיק ליריש בוך וועגן זײַנע קינדערשע און יוגנטלעכע וואַנדערונגען אין דער אַלטער וועלט — „קינדער יאָרן״. איצט פֿאַרעפֿנטלעכט ער זײַנע אינטערעסאַנטע „זכרונות״ אין ניו־יאָרקער „טאָג״. בעת איינער פֿילט זיך אײַנ־געזעסן, אײַנגעוואָרצלט אויף אַן אָרט, דערמאָנט ער זיך דאָס פֿאַרלאָפֿענע . . .

* * *

ניט זעלטן פֿלעגט מיר אויסקומען צוצולייגן אַן אויער צו די גוטמוטיקע רכילותערײַען, וואָס פֿלעגן זשומען אַרום די טישלעך פֿון די ליטעראַרישע קאַפֿעען. אין די געמיטלעכע און ניט זעלטן בייזע רכילותן פֿלעגט מיר אָפֿט אויסקומען צו הערן אויך פּרץ הירשביינס נאָמען. הירשביינס „מאָדנעקייטן״ זײַנען געווען, ניט זעלטן, אַ פּאָפּולערע טעמע. קאָלעגן פֿלעגן אָבער ריידן פֿון הירשביינען מיט דרך ארץ, מיט אַ היפּשער מאָס ליבשאַפֿט, און אוודאי אָן חוזק, אָדער אַפֿילו גרינגשעצונג. מען האָט גערעדט וועגן אים ווי מע רעדט פֿון אַ שיין מיידל, וואָס האָט ליב אַ מאָל אַ קאָקעטיר צו טאָן. עס פּאַסט איר. דער אײַנדרוק בײַ מאַנכע קאָלעגן איז געווען, אַז הירשביין האָט זײַן גאַנצן „סטראַוי״ אַרויפֿ־געצויגן אויף זיך ווי עפּעס אַ מין מאַנטל צוצודעקן, פֿאַרבאַהאַלטן עפּעס אַן אינערלעכקייט, וואָס דאַרף זײַן אַ סוד פֿאַר דער וועלט.

דערציילט איין קאָלעגע, וועלכער איז אַ מאדים אויף אימיטירן אַנדערע, ווי אַזוי הירשביין האָט אַנומעלטן פֿאַרגעסן אַ רעגנשירם אין אָפֿיס פֿון מאָריס שוואַרצעס קונסט־טעאַטער, מאָלט דערבײַ

קינסטלעריש (אויף דעם איז ער דאָך אַ שרײַבער) דעם מאַנאָלאָג הירשביינס, אַזוי:

— הער שוואַרץ: איך האָב איבערגעלאָזן מײַן רעגנשירם בײַ אײַך אין אָפּיס. איצט קאָלערן זיך פּוכקע, ווײַסע, זײַדענע וואָלקנ־דלעך איבערן בראָנז־קאָלירנדיקן הימל, און אַ פּערלדיק רעגנדל האָט גענומען שפּריצן. איך האָב מורא, אַז באַלד זאָל ניט אַ פֿאַל טאָן אַ מבול אויף דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק און איך קען נאָך, חלילה, נאַס ווערן, אאז״וו.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דער גרעסטער טייל איז פֿיקציע, צוגע־פּוצטע בייקע, לעגענדע... פֿונדעסטוועגן נעמט דאָס חברה אָן פֿאַר גוט געלט. זיי ווייסן, אַז ס'איז אויסגעטראַכט, פֿאַר אונדזער פּרץ הירשביינען איז דאָס אָבער כאַראַקטעריסטיש. עס פּאַסט אים ווי דער שמייכל צום פּנים פֿון אַ חנעוודיקער פֿרוי.

אַ צווייטער „לץ״ חזרט איבער צום וויפֿלסטן מאָל דאָס מעשהלע מיט דעם בראַזיליאַנער פּאָפּוגײַ, וואָס הירשביין האָט געהאַט מיטגעבראַכט אַזש פֿון די ווילדע בראַזיליאַנער וועלדער, אומקערנדיק זיך פֿון אַ רײַזע אין יענעם לאַנד.

הירשביין האָט פֿון בראַזיליע, לויפֿט די בײַקע, געבראַכט אַ מוראדיק גרויסן, גרינעם פּאָפּוגײַ. דאָס באַשעפֿעניש האָט נאָך, נעבעך, ניט געקענט ריידן אַ וואָרט. זײַן איינציקע עובֿדה איז געווען קראַקען מיט אַ כאָרכלדיק, הייזעריק קול, וואָס האָט דער־מאָנט אָן אַ טעמפּן זעגן אויף אַ סוקעוואַטן קלאָץ.

הירשביין איז נאָך צו יענער צײַט געווען אַ בחור און האָט געוווינט אין אַ קליין, זויבער צימערל ערגעץ אויף אַ שטילער גאַס פֿון דעם מער עלעגאַנטן ניו־יאָרקער „וועסט־סײַד״. די באַלעבאָסטע פֿון דעם אַפּאַרטמענט־הויז און די שכנים האָבן, קענטיק, ניט איבעריקס הנאָה געהאַט פֿון דעם בראַזיליאַנער מענה־לשון און האָבן דאָס אָפֿן אַרויסגעוויזן. הירשביין האָט דאָס דער־פֿילט און זיך גענומען ציען פֿון איין צימער אין אַ צווייטן. דאָס וואַנדערן האָט אים סוף כל סוף דערעסן און ער האָט באַשיימפּער־לעך אײַנגעזען, אַז דער חלום זײַנער, אַז דער גרינער בראַזיליאַנער וועט זיך מיט דער צײַט, אם ירצה השם, אויסלערנען ריידן ווי

אַ פּאַלנער מענטש און וועט מרעיש־עולם זײַן, ווערן אַ חבר, אַ טרייסט אין זײַנע בחורישע טעג און נעכט, — ווערט צערונען. ער האָט אײַנגעזען, אַז די טעג, ווען ער וועט זיך מוזן צעשיידן מיט זײַן גרינעם חלום, זײַנען ניט ווײַט . . . הירשביין האָט געגומען זאָרגן: ווי אַזוי באַשטאַט מען דעם פֿרעמדן, אייגן־געוואָרענעם חבר זײַנעם מיט עפּעס אַ לײַטישער סטאַנציע. הירשביין, אַזוי דערציילט זיך עס, נעמט אַרומפּעדלען מיט דעם גרינעם אורח, געפֿינען פֿאַר אים אַן אָנשטענדיקע היים, ווו ער זאָל קענען אויס־לעבן זײַנע ניצלעכע יאָרן. ער באַט אָן דעם גרינעם אורח צו אייניקע פֿון זײַנע נאָענטע חברים־קאָלעגן. עס ווערן דערבײַ דערמאָנט אַפֿילו נעמען פֿון חשובע שריפֿטשטעלער. מיר זאָגן אָבער ניט אויס פֿון חדר. די געשיכטע וויל האָבן, אַז בעלנים אויף דעם גרינעם פֿויגל האָבן זיך דווקא יאָ געפֿונען, האָבן אָבער די בעסערע העלפֿטן פֿון די קאָלעגן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פֿון דער מציאה. זייער קוק אויף דעם ענין איז געווען גאָר אַן אַנדערער . . .

דער סוף איז געווען: — הירשביין האָט, נעבעך, מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ געמוזט אָוועקטראָגן דעם גרינעם עוף אין איינעם פֿון די ניו־יאָרקער זאָאָלאָגישע גערטנער און אים דאָרט איבערלאָזן אויף גאָטס באַראָט.

פֿאַר דער גאַנצער געשיכטע קען איך ניט קאַווירן. מן הסתם איז אין דער מעשה פֿאַראַנען אַ היפּש ביסל פֿיקציע, מילד גערעדט. אַ ביסל אמת אָבער איז אַוודאי אין דעם יאָ פֿאַראַנען. וויפֿיל? — דאָס ווייסט זיכער בלויז איין מענטש אין דער גאָרער וועלט . . .

צוואָס דערמאָן איך גאָר אַזעלכע טריוויאַליטעטן און גראָד אין אַזאַ ערנסטן מאָמענט, בעת די יִדישע וועלט קלײַבט זיך צו פֿײַערן דעם זעכציקסטן געבוירנטאָג פֿון אונדזער ליבן פּרץ הירש־ביין? מיר שײַנט, אַז גראָד אַזעלכע דינע שטריכן גיבן צו אַ היפּש ביסל פֿאַרב, ליכט און שאָטן, צו אַזאַ געראָטן לעבן ווי הירשביינס איז.

מיר איז נאָר טשיקאַווע צו דערגיין: וואָס מיינט אָט־די אויסערלעכע אויסשטאַטונג הירשביינס, וואָס האָט און וואָס טוט

אַרויסרופֿן אָט־די אַלע הירשביין לעגענדעס? וויפֿיל האָבן זיי צו טאָן מיט זײַן אינעווייניקסטן וועזן?

שרײַבנדיק די שורות מיט אַ סך ליבשאַפֿט צו דעם, וועמען איך פֿאַרער, פּרוּוו איך זיך אַליין פֿאַרענטפֿערן . . . איך זוך אין די שריפֿטן זײַנע און געפֿין, ווי מיר דאַכט זיך, אַ שליסל צו דעם טיפֿערן פּרץ הירשביין. ווען ניט דער טיפֿערער הירשביין, וואָלטן מיך אַזעלכע בײַקעס גאָרניט אינטערעסירט. זיכער האָבן זיי אַ נאָענטע שײַכות צו זײַנע זעכציק יאָר לעבן.

* * *

פּרץ הירשביין איז געבוירן געוואָרן אין 1880, אויפֿן ישוב, צוויי קל״ט פֿון שטעטל קלעשטשעל, גראָדנער געגנט. דער טאַטע זײַנער — אַ מילנער. דער קליינער פּרצל איז דער גראָאָטנסטער צווישן זײַנע ברידער. ער איז דער יחוס, דאָס שײַנדל אין דער מילנער־משפּחה. אויף אים, ווײַזט אויס, איז געפֿאַלן דער שווערער גורל צו זײַן דער אויסדערוויילטער, דער דערלייזער פֿון ליפּעס געזינד. דער טאַטע זײַנער — אַ פּשוטער פֿאָלקס מענטש, אָבער אַ ייִד וואָס האָט אַ היפּשע ידיעה אין די שוואַרצע פּינטעלעך. אָן פּרצלען האָט ליפּע מילנער אָנגעקניפּט זײַנע ליכטיקסטע חלומות: פּרצל וועט זײַן אַ בן־תורה, אַ לַמדן, אַ רבֿ! פּרצל, דערוואַרט ער, וועט „פּלוצלונג אַ זאָג טאָן אַ שטיקל תורה, וואָס זאָל אָנפֿילן די גאַנצע שטוב און פֿאַרהילכן דאָס קלאַפּן פֿון מיל אויף יענער זײַט וואַנט״. אויך די מאַמע זײַנע, אַ גוטהאַרציקע ייִדישע מאַמע, וואָס האָט געציטערט איבער אירע קינדער און געקוקט אויף איר ייִנגל ווי אויף אַן אבֿן טובֿ, האָט דאָס אייגענע געפֿילט. דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז איר קינד וועט זײַן אַ ליכטיקער שטערן אויף איר כמאַרנעם הימל; זי האָט געפֿילט, אַז איר ייִנגל רײַסט זיך ערגעץ אין דער ווײַטער, ווײַסער וועלט אַרײַן. זי האָט געשפּירט דאָס קינדערשע הערצל זײַנס: „מיך האָט עס אויך, מײַן קינד, אין דער יוגנט געריסן אין דער ווײַטער וועלט אַרײַן. האָט מען נישט קיין פֿליגל, היניעט מען אָפּ דאָס ביסל יאָרן. אַוודאי האָט עס געקענט זײַן אַנדערש. זע איך דאָך, ווי מיר איז באַשערט צו זען,

ווי אַ קינד מײַנס קריכט אַרויס פֿון דער בלאָטע אין דער פֿרײַער וועלט אַרײַן. איך פֿאַרהאָף, אַז דיר וועט זײַן גוט אויף דער פֿרעמד". („קינדער יאָרן"). אַזוי זאָגט צו אים די מאַמע זײַנע בשעת זי פֿירט אים אַוועק אין דער פֿרעמד. זי ווייסט, אַז בײַ איר קינד שפּראָצן שוין פֿליגעלעך, און אַז ניט הײַנט, איז מאָרגן, — ער וועט אַ פֿאָך טאָן מיט זיי און—פֿ־ר־ר־ר־ר! אַוועקגעפֿלויגן!

ליפּע, דער טאַטע זײַנער, ווייסט אויך, אַז זײַן זון רײַסט זיך ערגעץ אין אַנדערע וועלטן אַרײַן. ער איז אים חושד, אַז „פּרץ האָט אין ווילנע עפּעס אַנדערש געלערנט . . . וואָס אַזעלכעס האָט זײַן זון געלערנט?" — ווילט זיך אים וויסן. ער פּרוּווט פֿונדעסט־וועגן טרעפֿן. ער מאָנט בײַ אים: „פֿאַרוואָס האָסטו טאַקע ביז איצט קיין סמיכה נישט אַרויסגענומען? זײַנען טאַקע נישט פֿאַ־ראַנען קיין אַכצן־יאָריקע יונגעלײַט מיט סמיכה?"

פֿון איין זײַט האָט די וועלט גערופֿן און געמאָניעט דעם יונגן פּרצן אין דער ווײַטער מיסטעריעזער וועלט אַרײַן, פֿון דער צווייטער זײַט האָט אים ליפּעס מיל געטריבן אין דער נאָענט־ווײַטער וועלט אַרײַן . . . ביידע וועלטן זײַנען פֿאַרן יונגן פּרץ הירשביין געווען ווײַטע, נײַע און פֿרעמדע, און דער עיקר — קעגנגעזעצטע וועלטן. דער פּועל יוצא איז אָבער פֿאָרט געווען דער: — דער יונגער פּרצל איז שוין, פֿון זײַנע יינגסטע יאָרן אָן, געווען אַ גאַסט, אַ פֿרעמדער אין ליפּעס מיל.

ליפּעס מיל האָט געפֿילט טיף אין האַרצן אַז פּרצל איז, אין בעסטן פֿאַל, אַ געבאַרגטער, אַן אורח, אַ פֿרעמדער: ניט הײַנט איז מאָרגן: דאָס יינגל וועט זיך לאַנג ניט האַלטן לעבן דער גרעבליע, זיך ניט שפּיגלען מער אין דעם סטאַווס וואַסער, זיך ניט אײַנהערן צו דעם קלאַפּ־קלאַפּ פֿון דער מיל; פּרצל אַליין האָט דאָס שוין לאַנג געפֿילט. אמת, אים איז זיך שווער מיטאַמאָל אָפּצו־רייסן פֿון דעם אַלעמען. „געפֿילט האָב איך", דערציילט ער אײַך אין זײַנע מעמואַרן, „ווי אַ יונג ביימעלע, וואָס מען האָט דאָס מיט די וואָרצלען אַרויסגעשלעפּט פֿון דער ערד, אַ סך וואָרצלען זײַנען אַרויס גאַנץ, און אַ סך האָבן געפּלאַצט בײַם ציען פֿון דער ערד. זיי טוען עס עפּעס וויי. ערגעץ וואו האָט מיר ווי געטאָן אין מײַן אַליין זײַן".

אין דער פרעמד, מיט אַ פּויסט צוקאַפּנס, אויף דער האַרטער באַנק פון קאַלטן, פוסטן בית־המדרש, אין וועלכן מען פלעגט נאָר אין די קאַלטע ווינטער מעת לעתן הייצן איין מאָל אין טאָג, און עס פלעגט דעריבער סײַ ווי זײַן קאַלט אין די לאַנגע נעכט, האָט ער אָפּט פאַרנומען דאָס רופן פון ליפּעס מיל. אָט הערט ער, ווי דאָס וואַסער פון האַנטפּאַס רופט „און שלעפּט פאָרט אַוועק די מחשבות אַהין, צום היימישן טײַך, וואָס ווינטערט אונטערן אײַז״. ער וווּנדערט זיך אַפילו „צי מוז טאַקע אַ האַנטפּאַס טריפן ?״ דאָס האַנטפּאַס פלעגט אָבער טריפן און פאָרט וועקן מיט זײַן „טריף־טראַפּ״ . . . נישט געלאָזט רוען. קוים אָבער האָט ער זיך אַ היים אומגעקערט „מיט אַ האַרץ, וואָס מאָנט און נאָגט, מיט אַ שכל, וואָס איז שוין פאַרפירט געוואָרן פון רויקן ברעג״, דערפילט ער ערשט, אַז — „איצטער האָב איך גאָר אָפּט געטראָטן דעם היימישן אויסגעטראָטענעם שטעג, ווי אַ פרעמדער״.

און ווי דער האַנטפּאַס אין דעם קאַלטן, פרעמדן בית־המדרש האָט אים דערמאָנט אָן היימישן טײַך, אַזוי האָט אים דער היימישער טײַך דערמאָנט אָן ברייטן, ווײַטן ים, וואָס פאַרמאָגט נאָר איין ברעג — דער ברעג אויף וועלכן זײַנע פיס שטייען. דער אַנדערער ברעג אָבער ליגט שוין ערגעץ — ווײַט, ווײַט ! און אפשר איז גאָר אין גאַנצן קײַן צווייטער ברעג נישטאָ ? ווער ווייסט ? !

פּרץ הירשביין, בין איך זיך משער, האָט אין איין שיינעם טאָג געמוזט בײַ זיך באַשטימען : — אַ סוף, אַן עק זאָל דאָס נעמען, איך מוז אָפּשנײַדן מיט ליפּעס מיל. איך מוז ווערן דער, וואָס מיר איז באַשערט צו זײַן :

„איך בין ניט איך !
איך בין אַן אַנדערער —
אַן אומבאַקאַנטער פון אַ ווײַטן, ווײַטן לאַנד :
אַ פרעמדער מענטש בין איך, אַ וואַנדערער !

און אַלצדינג וואָס אַ וואַנדערער דערציילט —
איז נײַ . . . איז וווּנדערלעך אַזוי : —

די ווײַטע לענדער שטענדיק גרין,
דער פֿרעמדער הימל — אייביק בלוי.
(ה. ר. „בלויע פֿלאַמען“)

אין יענעם טאָג האָט פּרץ הירשביין אָנגעטאָן אויף זיך די זײַדענע קאַפּאָטע, וואָס האָט געדאַרפֿט פֿאַרדעקן און פֿאַרבאַהאַלטן דעם שטויב פֿון ליפּעס מיל. אגב וועט אים דער זײַדענער בגד שוין אָפּשיידן פֿון די פֿאַרמעליקטע ברידער זײַנע, ער וועט שוין ווערן אַ יום־טובדיקער צווישן וואָכעדיקע; אַ ווײַטער, אַ פֿרעמדער. אין יענעם טאָג האָט ער געענדערט זײַן טראָט, זײַן וואָרט, זײַנע געוווינהייטן: — פּרץ ליפּעס איז געוואָרן — פּרץ הירשביין.

ניט זעלטן אָבער, בעת אַ ווינט טוט אַ ווייע, פֿאַרקאָשערט די זײַדענע פּאָלע, טוט אַ שימער אַרויס דער שטויב, גיט אַ שמעק די וואַרעמע מעל, טוט אַ זיפּ ליפּעס מיל. עס דערהערט זיך דער אַלטער, ליבער, כמורנער „טריפּ־טראַפּ, טריפּ־טראַפּ“, און אין האַרצן לעכצט אויף די בענקעניש.

וואָרים, — וואָס זײַנען זײַנע אידיליש־לירישע דראַמען — „דאָס פֿאַרוואָרפֿענע ווינקל“, „גרינע פֿעלדער“, „דעם שמידס טעכטער“, „די פּוסטע קרעטשמע“ אאַז״וו, — אויב ניט דער וואַרעמער שטויב פֿון ליפּעס מיל? דער געהילך פֿון וואַסער־ראָד, דער אַראָמאַט פֿון דעם אָטשערעט, וואָס וואַקסט בײַ די ברעגן פֿון טײַך? אומזיסט זיך געמיט צו פֿאַרדעקן אָט יענע שאָטן־געשטאַלטן, פּונקט ווי עס איז אומזיסטע טירחה צו פֿאַרשרײַען יענע קלאַנגען אָנגעווייעט פֿון די ווײַטע, ווײַסע און פֿרעמדע וועלטן, וואָס הירשביין האָט אַרײַנגעזאַפּט אין זײַן געמיט — די סימבאָלישע, מיסטישע געזאַנגען — „פֿון מײַן אַלבום“, „פֿראָסט בלומען“ „אויף יענעם זײַט טײַך“, „צום ברייטן וועג“, „דעמער־רונג“, „קברים בלומען“, און נאָך אַנדערע ווערק זײַנע. כאָטש די אַלע דערמאָנטע ווערק האָבן אים געזאָלט דינען ווי די זײַדענע קאַפּאָטע, — זײַנען זיי אָבער ניט צום פֿאַנאַנדערטיילן מיט יענע אידיליש־לירישע ווערק זײַנע. ביידע צוזאַמען פֿאַרמאָגן אייגנ־

שאַפּטן, וואָס שפּראָצן אַרויס — איינס פֿון דעם אַנדערן. אַ זעלטן געראָטענע קאָמבינאַציע.

איך, וואָס האָב געהאַט די פּריווילעגיע צו קענען זיך מיט פּרץ הירשביינען עפּעס מער ווי דרײַ צענדליג יאָר, און האָב געהאַט דאָס גליק אים צו האָבן אַלס נאָענטן פֿרײַנט און חבר, האָב אים ניט זעלטן געכאַפּט, — ווי זאָל איך דאָס זאָגן — פֿאַר דער מילנערשער פּאָלע. אַ פּאָר מאָל איז פֿון אים אַרויסגעשפּרונגען דער מילנער — דער געזונטער, גאַנצער פֿאָלקס מענטש מיט אַלע זײַנע מעלות.

שפּאַצירנדיק אַ מאָל, מיט אַ פּאָר צענדלינג יאָר צוריק, מיט אים איבער דעטראָיטער גאַסן, איז אונדז אויסגעקומען אַריבער־צושפּרײַזן אַ גאַס, וואָס רופֿט זיך דזשאָן אַר. איינע פֿון די אַריס־טאָקראַטישע גאַסן אין שטאָט, אָבער נאָר אין דעם העכערן טייל פֿון שטאָט. ווי נאָר זי דערנענטערט זיך צום דעטראָיטער „דאַון־טאַון", נעמט זי אײַנשרומפּן אין דער ברייט, ווערט ענגער, בלאָטיק און צעפּאָקט, ווי אַ רעשעטע.

סוף ווינטער איז דאָס געווען. דער שניי האָט נאָך אויבנ־אויף געשימערט, אָבער אונטער אים זײַערט זיך שוין אַ שיטער בלאָטקעלע. די הײַזער פֿון ביידע זײַטן גאַס, שטייען קליין, אײַנ־געהויקערט, מיט אָפּגעקראָכענע לאָדנס, וואָס הענגען אַרונטער פֿון די זאַוויעסעס, ווי פֿליגלען בײַ אַ קראַנקן עוף. הירשביין און איך זוכן אַן אָרט וווּ מען קען מיט איין שפּרונג אַריבער־שפּרינגען דעם פֿאַררעטערישן רינשטאָק. מיר האַלטן זיך אין איין מושטירן, מאַכן מאַנעוורעס, און קענען ניט באַשטימען וווּ דאָס מזלדיקע אָרט איז. פּלוצלים יאָגט אָן אַ רײַכער, גרויסער לימאָזין פֿון די הויכע פֿענצטער, און מיר זעען איין, אַז טרוקן וועלן מיר שוין ניט אָפּשנײַדן, גיבן מיר אַ פֿאַרהויב די פּאָלעס פֿון אונדזערע ווינטערדיקע מאַנטלען און טוען אַ שפּרונג אויף גאָטס באַראָט. אָפּגעקומען בלויז מיט פֿולע קאַלאָשן וואַסער. איך קוק זיך אום: הירשביין זיצט ממש אויפֿן טראָטואַר און קײַכט פֿון געלעכטער. וואָס לאַכט איר? פֿרעג איך אים. — איך האָב זיך דערמאָנט, ענטפֿערט מיר הירשביין, בײַ אונדז אין

דער היים איז געווען אַ ראבע הון. איז דאָס געווען אַן אויס־וווּרף פֿון אַ הון, אַ ווילדע צעלאָזענע זאַך, אַן אמתע מרשעת. פֿלעגט פֿאַרפֿאַלן ווערן אויף גאַנצענע טעג. אומקערן זיך פֿלעגט זי אַ מידע, אַ צעשויבערטע, אַן אויסגעמאָגערטע, מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָם אויפֿן קאָפּ, קוים מיט די פֿיס געפּלאָנטער. פֿלעגט זי וועלן אַריבערשפּרינגען דעם פּלויט, און האָט ניט געקענט, זי האָט פּשוט קיין כּוח ניט געהאַט; ווי אָבער דעם שכנס רויטער הונט פֿלעגט אָנלויפֿן און אָנפֿאַלן אויף איר מיט זײַן הייזעריקן „אוו־אוו", פֿלעגט זי מיט אַ מאָל ווערן פֿיפּיק, אַ פּאַטש טאָן מיט די פֿליגלען און — באַץ אַריבערן פּלויט. אָט אַזוי האָבן מיר אויסגעזען בשעת מיר האָבן אַ שפּרונג געטאָן איבער דער קאַנאַווע.

ליפּעס מיל האָט אים געלאָזט גריסן.

אַן אַנדערש מאָל, בעת איך בין נאָך אַ ניו־יאָרקער תּושב געווען, זיצן מיר אין דער ליטעראַרישער קאַוויאַרניע און זופּן קאַפּע. מיט אונדז זיצט אַ „יונגער" דיכטער, וועמעס אַ זאַך איז נאָר וואָס דערשינען אין די באַרימטע „שריפֿטן". דאָס איז געווען דאַן, ווען די „יונגע" האָבן געמאַכט זייער ערשטע אײַנ־וואַזיע אויף די „אַלטע". אַרום די קאַפּע טישלעך האָט זיך עס געטומלט. אַן אמתער בירגער־קריג. דער „יונגער" אורח בײַ אונדזער טיש, ווייל דווקא וויסן ווי האָט זײַן זאַך אויסגענומען. הירשביין טראַכט אַ רגע און ענטפֿערט אים: „בײַ אונדז אין דער היים איז געווען אַ גביאַדער פֿערד. אַ ווויל פֿערד געווען. גע־געסן ווינציק און געשלעפּט אַ סך. איין פּראַקליאַטע טבע האָט ער אָבער געהאַט: פֿלעגט לויפֿן, לויפֿן — און פּלוצים זיך אויפֿשטעלן דובאָם, זיך געבן אַ דריי אויס פּאָפּערעק, קרייצ־ווייַ, אַזוי, אַז די האָלאָבליעס פֿלעגן בלײַבן שטעקן אין דער ברייט פֿון זײַן קריזש, מיט די שפּיצן אין הימל אַרײַן. דער פֿאַרגלײַך איז געווען טרעפֿלעך. הירשביין אַליין האָט זיך אַזוי צעלאַכט, אַז טרערן זײַנען אים ממש געלאָפֿן פֿון די אויגן. הירשביין אַז ער צעלאַכט זיך שטאַרק — וויינט ער.

דער „יונגער" האָט זיך געריוטלט, אָבער צוגעגעבן אַז די כאַראַקטעריסטיק איז אויסגעצייכנט, בילדלעך . . .

דאָ ניט לאַנג צוריק, שוין בײַ אונדז אין לאָס־אַנגעלעס, האָט אים אַ היגע מאָדערנע שול אײַנגעלאַדן צו איר גראַדויִר־אָוונט. די פֿאַרוואַלטונג האָט אים מכבד געווען מיט אויסטיילן די דיפּלאָמאָס צו די גראַדואַנטן. הירשביין, איידער ער האָט גענומען דאָס וואָרט, האָט ער זיך אַנטשולדיקט, מחמת ער גייט נוצן אַ זייער פּראָסטאַטשקן פֿאַרגלײַך. „אין דער היים בײַ אונדז אויפֿן ישובֿ האָבן מיר געהאַט אַ קליין, יונג לאָשיקל. פֿלעגט דאָס אַרומבריקעווען, אַרומשפּרינגען, געוואָלט אַריבערשפּרינגען דעם פּלויט. איז אָבער דער פּלויט געווען צו הויך און עס האָט ניט געקענט באַוויזן אַריבערשפּרינגען. איין מאָל איז אים יאָ געלונגען אַריבערצעשפּרינגען. דאָס לאָשיקל האָט אָוועקגעגאַלאָפּירט איבער פֿרעמדע גערטנער, סעדער און פֿעלדער. פֿאַרנאַכט איז דאָס אַ היים געקומען, מיד, אויסגעמאַטערט, און שטאַרק הונגעריק. אַריבערשפּרינגען דעם פּלויט האָט דאָס שוין ניט געקענט. קײַן כּוח ניט געהאַט. עס האָט שוין געזוכט די שמאָלע פֿאָרטקע, מחמת דער טויער איז שוין פֿאַרמאַכט געווען . . . דער טאַטע, געדענק איך, האָט געמוזט עפֿענען די שמאָלע פֿאָרטקע. דער פֿאַרגלײַך איז געווען אויסגעצייכנט. דער עולם האָט אים באַגריפֿן און אויפֿגענומען מיט וואַרעמע אַפּלאָדיסמענטן. ליפּעס מיל איז אים דאָ בײַגעשטאַנען.

דאָס אייגענע איז מיט זײַנע ווערק. די טרעפֿלעכסטע, די בילדלעכסטע זײַנען די, ווו ער באַרגט זײַנע אילוסטראַציעס פֿון ליפּעס מיל. די מערסטע פֿון זײַנע ווערק זײַנען דורכגעפֿלאָכטן מיט די בילדער פֿון זײַנע קינדער און יוגנט יאָרן. אָט דערציילט ער אײַך דעם עפּיזאָד מיט דער ניט דערקוילעטער קאַטשקע.

ערבֿ יום־טובֿ ברענגט ער צוריק פֿון שוחט די געשאָכטענע עופֿות. צווישן די געקוילעטע עופֿות געפֿינט זיך אַ קאַטשקע, וועלכע דער שוחט האָט ניט דערקוילעט. די קאַטשקע „לעבט", שפּאַנט אַרום ווי אַ שיכּורע, עסט און טרינקט, נאָר די וואַסער רינט אַרויס פֿון דעם ניט אין גאַנצן איבערגעשניטענעם האַלדז.

דרײַ מעת לעת מוטשעט זיך די אומגליקלעכע קאַטשקע און פֿאַר־
שטערט דער משפּחה זייער יום־טובֿ, ביז זי פֿאַלט אַוועק און
גייט אויס מיט אַ שווערן טויט. דאָס בילדל איז אַזוי טראַגיש,
— כּמעט סימבאָליש.

אַ צווייט בילדל: „איצטער, ווען דער ווייסער שניי האָט
אַריבערגעדעקט אונדזער וועלט אַרום, ווען דער טאַטע לאָזט
אַרויס פֿון שטאַל דאָס ווײַסע פֿערדל, וואָס קוקט אַרויס פֿון
שטאַל אַנטקעגן פֿענצטער פֿון שטוב — זע איך אים, אונדזער
פֿערדל, אַז אויפֿן ווײַס פֿון שניי איז ער קלענער געוואָרן . . .״
(קינדעריאָרן).

פּרץ הירשביין, דער וועלט־רײַזנדער, דער באַדערנער, הײַנט־
וועלטיקער ייִד, קערט זיך פֿון צײַט צו צײַט צוריק אום אַ היים,
צו ליפּעס מיל. אַזוי אין זײַנע דראַמעס, אַזוי אין זײַנע ראָמאַנען,
אַזוי אין זײַנע זיכרונות און אַזוי אין זײַן פּערזענלעכן טאָג
טעגלעכן לעבן.

אין די מערסטע ווערק זײַנע, מישן זיך אויף אַזאַ אופֿן אויף
צוויי עלעמענטן — די ווײַטע, פֿרעמדע וועלט און די היימישע
מילנערישע וועלט. אידילישקײַט מיט געזונטן פֿאָלקסטימלעכן
ראָמאַנטיזם — אַ זעלטן אײַנגעגעבענע קאָמבינאַציע.

* * *

אין דער ייִדיש־ליטעראַרישער וועלטל צירקולירן האַלב־
לעגענדאַרישע מעשׂהלעך וועגן הירשביינס גבֿורהשאַפֿטן. הירש־
ביין אַליין באַרימט זיך אָפֿט, אַז ער האָט אין די יונגע יאָרן
געקענט צעבייגן אַ קופּערנע מטבע, געקענט זיך באָרען מיט דעם
שטאַרקסטן און אים בײַקומען. בעת ער איז נאָך אין חדר געגאַנ־
גען פֿלעגט ער באַווײַזן גרויסע ווונדער פֿאַר זײַנע חבֿרים.

— „איך קען באַווײַזן אַ קונץ. איך וועל צעקײַען גלאָז און
נישט מאַכן קײַן בלוט אין מויל״, באַרימט ער זיך פֿאַר די
ייִנגלעך, און תּוך כּדי דבור, הייבט ער אויף אַ שטיק גלאָז, וואָס
ליגט אויף דער ערד — גלאָז פֿון אַ צעבראָכענער פֿלאַש — לעגט
דאָס אַרײַן אין מויל אַרײַן און נעמט דאָס קײַען מיט זײַנע שאַרפֿע

ציין. די קינדער גאַפֿן, פֿאַרקרימען דאָס פּנים, קוקנדיק ווי ער גראַמזשעט גלאָז . . .״

— ווי קענסטו עס? — גאַפֿן די קינדער.

— „איך בין אַ מילנער; אַזוי מאָלן די שטיינער בײַ אונדז אין מיל״, ענטפֿערט ער זיי.

נאָך הײַנט, זיצנדיק בײַ די „באַרימטע״ ווײַס־געדעקטע טישן, אַרום וועלכע מיר פּראָווען באַנקעטן און שׂמחהלעך, איז מיר אויס־געקומען אים כאַפּן, ווי ער שלעפּט אַראָפּ אַ לעפֿל אָדער גאָפּל פֿון טיש, פֿאַרשטעקט אים אונטערן טישטעך און קנעט, בויגט ביז ער ווערט פֿאַרטיק. דאַן לעגט ער אַוועק לעבן טעלער — אַ צעדרייטן שלשלת. דאָס אַלץ טוט ער מיט אַ מינע ווי ער וואָלט עפּעס געטאָן אַ הייליקע אַרבעט. אַז דער שלשלת ליגט שוין פֿאַר זײַנע אויגן, שפּילט־אויף אויף זײַנע דינע ליפּן אַ לײַכטער שמייכל: אָ־האָ! נישט צו פֿאַרזינדיקן.

אַ גרוס פֿון ליפֿעס מיל.

* * *

הײַנט, צו זײַנע זעכציק יאָר, האָט זיך הירשביין מיט זײַן גע־טרײַער, ליבער אסתּר שומיאַטשער, זײַן חבֿרטע אין לעבן, מיט זײַן זעקס יאָריקן בן־יחיד, עמוס, באַזעצט אויף אַ לענגערע צײַט אין דעם רחבֿותדיקן לאָס־אַנגעלעס. די הירשביינס וווינען אין אַ גריך, פֿאַרוואָרפֿן ווינקל פֿון שטאָט, אָבער נאָענט צו ייִדן, זײַן הויז איז אָפֿן פֿאַר די אומצייליקע פֿרײַנט, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט פֿון די פֿילע פֿריערדיקע יאָרן, בעת ער פֿלעגט אַהער קומען אַלס גאַסט, און די נײַע פֿרײַנט, וועלכע ער האָט אויפֿגעקליבן איצט, ווען ער איז כּמעט אַ תּושבֿ דאָ.

פּרץ הירשביין איז אַ ביסל גרויער, אָבער דאָס פּנים און די אויגן האָבן זיך כּמעט ניט פֿאַרענדערט. דער גאַנג איז זיכער, די שטימע יונג, די ענערגיע וואַך. ער איז נאָך פּונקט אַזוי שע־פֿעריש, ווי אין די פֿריערדיקע יאָרן. דאָס ייִדישע וואָרט, די ייִדישע ליטעראַטור איז נאָך כּסדר זײַן וועלט. ער איז נאָר אַ ביסל מער באַזאָרגט איבערן תּכלית פֿון ייִדן און ייִדישער לי־טעראַטור.

מיט עמוסן פֿירט ער אָפּט „מחלוקת״. עמוס איז צו ספּיר־טאָווגע, פֿאַרשאַרט, ווײַל ניט זײַן קיין „לײַט״, פֿאָלגט ניט דער מאַמען.

דער קלײנער, געראָטענער און קלוגער עמוס ווערט ווינציק וואָס נתפּעל פֿון טאַטנס מוסר זאָגערײַ. ער וועט שוין מיט אים דורכקומען. ער האָט זיך זײַנע פֿאַרטלען ווי אַזוי דעם טאַטן זײַנעם איבערצובעטן. עמוס זעצט זיך אַוועק בײַ דער פּיאַנע, די דינע, עלאַסטישע פֿינגערלעך לאָזן זיך אַוועק איבער די ווײַסע ביינדלעך, דער אינסטרומענט זינגט אויף. ווייכע, ציטערדיקע, וואַרעמע טענער קלינגען זיך פֿאַנאַנדער איבערן הויז. עמוס איז מיט אַ מאָל געוואָרן אַ „לײַט״! אויס שטיפֿער, אויס פֿאַרשאַרטער בחור.

הירשביין זיצט און הערט זיך אײַן, דאָס פּנים זײַנס ליכטיקט זיך אויף, אַ דינער, אײַנגעהאַלטענער שמייכל מינעט זיך אויף זײַנע ליפּן. אסתּר שומיאַטשער, די חנעוודיקע דיכטערין און צאַרטע מאַמע קוועלט פֿון נחת. זי קוקט אויף איר פּרצלען, דעם „שטרענגן״ פֿאָטער פֿון איר זון, מיט אַ מינע פֿון וועלכער עס רעדט אַרויס: נו, וואָס זאָגסטו עפּעס איצט? דער קלײנער עמוסל פֿילט, אַז ער האָט מנצח געווען, ער איז בײַגעקומען דעם טאַטנס כמורנעקײַט, און ער שפּרינגט אַריבער אויף זײַן אייגענעם שטייגער, אייגענע אימפּראָוויזאַציע.

אין שטוב בײַ די הירשביינס וואַקסט אַ נײַער, געראָטענער פּרצל, וואָס הייסט עמוס — עמוס הירשביין.

פֿון אַ שטילן ווינקל פֿון שטוב וויספּערט אַרויס אַ געמיטלעך, ווייך שושקעניש: ניט געזאָרגט, פּרץ הירשביין! בלויז די ערשטע זעכציק יאָר זײַנען די שווערסטע. מען געוווינט זיך צו, — זײַנען שוין די אַנדערע זעכציק יאָר אַ סך גרינגער. ניט געזאָרגט, פּרץ הירשביין: בעסערע, ליכטיקערע טעג זײַנען אויפֿן וועג . . . זיי גייען און וועלן קומען, וועלן קומען.

## מלך ראַוויטש

# פֿון די מסעות בנימין השלישי ביז די מסעות פּרץ הירשביין

1

אונדזער לעבן איז פֿול מיט פּאַראַדאָקסן און אונדזער ליטע־ראַטור — נישט ווייניקער. יעדעס קינד, וואָס ווייסט שוין גאָר־נישט וועגן ייִדן, ווייסט אָבער איינס, אַז ייִדן זײַנען אַ וואַנדער־פֿאָלק. און נישט גלאַט אַ וואַנדערפֿאָלק, נאָר אַ וועלט־וואַנדער־פֿאָלק. דער אהאַסוועער פֿון דער וועלט. איז שוין מער ווי לאָגיש, אַז אַ וואַנדערפֿאָלק זאָל האָבן אַ ברייט־פֿאַרצווײַגטע וואַנדער־ליטעראַטור און וואַנדער־ליטעראַטור איז דאָך רײַזע־ליטעראַטור. אָבער פֿון דעם איז קײַן שפּור נישט בײַ אונדז. אונדזער רײַזע־ליטעראַטור פֿאַרנעמט בײַ אונדז ווײַט ווײַט נישט דעם פּלאַץ, וואָס אַזאַ מין ליטעראַטור דאַרף פֿאַרנעמען אפילו בײַ אַ זיץ־פֿאָלק — מכל שכן בײַ אַ וואַנדערפֿאָלק.

און עס קען גאָר געמאָלט זײַן, אַז דווקא ווײַל מיר זײַנען אַ וואַנדערפֿאָלק איז אונדזער רײַזע־ליטעראַטור אַזוי נישט אַנט־וויקלט. פֿאַר לויטערביימער דערזעט מען נישט אַ וואַלד און פֿאַר לויטער וואַנדערן דערזעען מיר נישט, פֿילן מיר נישט די נויטווענדיקײַט פֿון נאָך אַן עקסטראַ רײַזע־ליטעראַטור —

מען וואָלט זיך אויף דעם אָרט געקענט פֿאַרגינען אַ פּאַראַ־דאָקס בן פּאַראַדאָקס, אַז אונדזער גאַנצע ליטעראַטור איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר רײַזע־ליטעראַטור. מיר געפֿינען זיך אין אַ פּערמאַנענטן רײַזע־צושטאַנד.

אָבער לאָמיר אָפּלאָזן די פּאַראַדאָקסן און לאָמיר דאָס זאָגן גאַנץ פּשוט און עס וועט זיך אַרויסשטעלן, אַז דער פּאַראַדאָקס איז גאָר אמת. אָט האָט איר עס:

אונדזער יידישע ליטעראַטור, ווי אַלע אירע שוועסטערן אין דער וועלט איז אַ בליענדיק געוויקס, אַ בוים. אַ בוים מוז האָבן אַ שטאַם און אַ שטאַם מוז זײַן ערגעץ־ווו פֿאַרוואָרצלט. האָט אָט דער שטאַם פֿון דער ליטעראַטור אונדזערער אין די לעצטע דרײַ צענדלינק יאָרן דרײַ מאָל געביטן דאָס לאַנד ווו ער האָט זיך געפֿונען. אַלט־רוסלאַנד, פּוילן, אַמעריקע. און דאָ קומט שוין ווידער אַ פּאַראַדאָקס. כאָטש דער שטאַם האָט זײַן לאַנד געביטן זײַנען די וואָרצלען זײַנע געבליבן אויף איין אָרט שטענדיק — ווײַל די וואָרצלען זײַנע, די וואָרצלען פֿון דעם שטאַם יידישע ליטעראַטור, זײַנען נישט אין ערד אײַנגעגראָבן, נישט אין אַ לאַנד, נאָר אין אַ מעכטיקער אַבסטראַקציע, וואָס מיר קענען עס אַזוי אין אײַלעניש אָנרופֿן: לעבנס־ווילן פֿון יידישן פֿאָלק, אייביקער לעבנס ווילן.

און ווידער צום שטאַם:

אַ שטאַם האָט צווײַגן און די צווײַגן פֿון אונדזער יידישן ליטעראַטור־שטאַם זײַנען איבער דער גאַנצער ברייט פֿון דער וועלט צעשפּרייט. אין דעם פּרט זײַנען מיר איינציק צווישן די ליטעראַטורן פֿון דער וועלט. און אָט וואָס איך האָב אַ מאָל באַמערקט: בשעת גרויסע ליטעראַטורן קענען זיך פֿאַרגינען נאָר פֿון צײַט צו צײַט צו דעלעגירן איינצלנע פֿאָרשטייער זייערע, אַלס רײַזע־באַשרײַבער, אין געוויסע ווײַטע לענדער, לאָמיר זאָגן אַרגענטינע, אָדער גאָר אויסטראַליע, האַלטן מיר — אָרימע יידישע ליטעראַטור — אין אָט די לענדער און אין כמעט אַלע לענדער פֿון דער וועלט כּסדרדיקע גרויסע קאָלאָניעס, בפּירוש צווײַגן גאַנצע.

און אָט אַזוי קומען זיך די צוויי עקן פֿון דעם פּאַראַדאָקס צוזאַמען און בילדן אַ קײַלעכדיקן אמת, אַ פּאַראַדאָקסאַלן אמת . . . אוודאי וואָלט געווען איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז אונדזער גאַנצע ליטעראַטור איז אַ רײַזע־ליטעראַטור, אָבער אַז אַ גוט דריטל פֿון איר איז עס — איז שוין גאָרנישט איבערגעטריבן צו זאָגן.

אָט למשל פֿון שטאַנדפּונקט פֿון אַרגענטינער יידישן ישובֿ איז אַ גוט שטיק פֿון אונדזער אַמעריקאַנער ליטעראַטור — דאָרט

ווו עס באַשרײַבט זיך אַמעריקע און דאָס ייִדישע לעבן פֿון אַמע־ריקע — רײַזע־ליטעראַטור אין בעסטן זינען פֿון וואָרט. און אַזוי די ליטעראַטור, די ייִדישע פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד. אַקעגנ־זשע דער צווײַג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור פֿון אַרגענטינע איז דאָך אוודאי און אוודאי רײַזע־באַשרײַבונג־ליטעראַטור פֿאַר אַלע איבעריקע צווײַגן און פֿאַר דעם יעדעס־מאָליקן שטאַם.

אוודאי זײַנען זיי נישט ווייניק פּאַראַדאָקסאַל, די אַלע זאַכן, אָבער עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אָט די פּאַראַדאָקסן דער־קלערן טאַקע דעם נישט־באַפֿרידיקנדיקן מצבֿ — רעלאַטיוו צו אַנדערע ליטעראַטורן — פֿון אונדזערע רײַזע־שילדערונגען.

2

דער שרײַבער פֿון די שורות איז נישקשה באַקאַנט מיט דער ייִדישער רײַזע־ליטעראַטור — און עס איז קײַן גרויסע קונץ נישט, ווײַל איר קוואַנטום איז זייער מינימאַל. און די נעמען פֿון די אויסגעשפּראָכענע רײַזע־שרײַבער, בײַ ייִדן אויף ייִדיש, איז ממש אויף די פֿינגער פֿון איין האַנט אויסצוציילן.

פֿאַראַנען בײַ אונדז אַ היפּש ביסל ביכלעך וועגן ארץ־ישׂראל, אין די גאַנץ לעצטע יאָרן האָבן זיך באַוויזן אַ פּאָר ביכלעך וועגן ראַטן־פֿאַרבאַנד, פֿאַראַנען אַ פּאָר ביכלעך וועגן אַרגענטינע, אַ פּאָר ביכלעך וועגן אַמעריקאַנער פֿאַרייניקטע שטאַטן און דאָס איבע־ריקע איז שוין צופֿאַל. לויטער צופֿאַל. מיט איין איינציקער אויסנאַם — פּרץ הירשביין. זײַנע רײַזעס האָבן געהאַט סיסטעם, זײַנע רײַזע־ביכער האָבן סיסטעם. ער איז נישט אויסן געוועזן בלויז דאָס אַקטועלע, אַזוי ווי עס זײַנען אויסן געוועזן אפֿילו אַזעלכע גלענצנדיקע רײַזע־ביכער ווי למשל די ביכער וועגן ראַטן־פֿאַרבאַנד פֿון י. י. זינגער און ה. ד. נאָמבערג, ער — הירשביין — איז אויסן געוועזן דאָס אַקטועלע אויך, אָבער אין דער ערשטער רײַע האָט ער געוואָלט געבן כאַראַקטעריסטיקעס פֿון יענע לענדער, וואָס ער האָט באַשריבן.

דער שרײַבער פֿון די שורות האָט אַ בלעטער געטאָן — צו־גרייטנדיק זיך צו דעם דאָזיקן יובל־אַרטיקל וועגן פּרץ הירשביין,

דעם וועלט־רײַזנדער — אַ היפּשן טייל פֿון די רײַזע־באַשרײַ־
בונגען, וואָס אונדזער ליטעראַטור פֿאַרמאָגט, און מאָדנע —
דאָס ערשטע בוך וועגן אַ גרויסער וועלט־רײַזע בײַ אונדז איז
דאָך אונדזער ליבן זיידנס מענדעלעס באַשרײַבונג פֿון דער רײַזע
פֿון זײַן העלד בנימין דעם דריטן און כּמעט, כּמעט שוין דאָס
קומענדיקע בוך רײַזע־באַשרײַבונגען איז די באַשרײַבונג פֿון די
רײַזעס פֿון אונדזער ערשטן און ביז איצט נישט איבערגעטראָפֿענעם
וועלט־רײַזנדער און וועלט־רײַזעס באַשרײַבער פּרץ הירשביין —
פֿאָלג מיך אַ גאַנג: פֿון מסעות בנימין השלישי ביז מסעות
פּרץ הירשביין.

3

בשעת איך שרײַב די ווערטער ליגט פֿאַר מיר אַ קליינע
וועלט־מאַפּע — ווײַל שרײַבן וועגן פּרץ הירשביין, דעם וועלטן־
רײַזנדער, קען מען נישט — נישט האָבנדיק דאָס בילד פֿון דער
וועלט פֿאַר די אויגן. מען קען בלאָנדזשען.

פֿון איין זײַט ליגט די וועלט־מאַפּע און פֿון דער אַנדערער זײַט
טיש ליגן די רײַזע־ביכער פֿון פּרץ הירשביין און אַזוי שאַף איך
מיר דאָס בילד פֿון דעם צוזאַמענהאַנג פֿון דער וועלט־־מאַפּע
מיט אַט די וועלט־רײַזע־ביכער. זײַנען אָבער נאָך נישט אַלע רײַזע־
באַשרײַבונגען פֿון פּרץ הירשביין דערשינען אין דער פֿאָרם פֿון
ביכער און נישט וועגן אַלע זײַנע רײַזעס האָט ער געשריבן אַזוי
אויספֿירלעך ווי ער וואָלט געקענט און געדאַרפֿט. דאָס אַלץ זײַ־
נען טעכנישע מניעות, וואָס האָבן שוין ווידער אַ שײַכות צום נישט
נאָרמאַלן צושטאַנד פֿון אונדזער ליטעראַטור.

אָט איז דער ריכטיקער פּונקט אין דעם אַרטיקל אײַנצושליסן
אַ ווונטש, אַז עס זאָל הירשביינען גאָר גיך באַשערט זײַן אין רו
און האַרץ־פֿרידן צוזאַמענצונעמען אַלץ, אַלץ, וואָס ער האָט וועגן
זײַנע רײַזעס געשריבן און צוזאַמענצושטעלן איין גרויסע — לאָמיר
זאָגן צענבענדיקע — אויסגאַבע פֿון אַלע זײַנע רײַזע־בריוו
פֿון אַן ערך דרײַסיק יאָר און פֿון אַלע עקן וועלט. אָט די אויס־
גאַבע וואָלט געדאַרפֿט פֿריש רעדאַגירט ווערן — הגם נישט פֿריש

באַרבעט. זי וואָלט געדאַרפֿט פֿאַרזען ווערן מיט דאַטעס און באַ־
מערקונגען און — דער עיקר — מיט פֿאָטאָגראַפֿישע בילדער.
מעגן רייזע־באַשרייבונגען זיין נאָך אַזוי גוט, מעגן זיי זיין אַזוי
גוט, ווי עס זיינען הירשביינס בילדער — מאַכן זיי אַלע מאָל נאָך
בעסער, נאָך קלערער, נאָך געדענקעוודיקער. אָבער לאָמיר זיך
אומקערן צו דער מאַפּע.

דאָס איז נישט קיין צופֿאַל, וואָס די געאָגראַפֿן האָבן איינגע־
טיילט די וועלט אין פֿינף טיילן. נישט נאָר אויסערלעך, ריין
געאָגראַפֿיש, זיינען די לאַנדמאַסן פֿון אונדזער פּלאַנעט איינגע־
טיילט אין פֿינף טיילן, זיי זיינען אויך אינערלעך, לויט זייער נשמה
איינגעטיילט אין פֿינף טיילן. זיי זיינען אויך — אין אַ געוויסן
זינען — לויט זייער געשיכטע איינגעטיילט אין פֿינף טיילן.

איך וואָלט געוואָגט צו זאָגן, אַז אַזיע איז טאַקע באַוווינט
דורך אַזיאַטן, אַפֿריקע דורך אַפֿריקאַנער, אייראָפּע דורך איי־
ראָפּעער, אַמעריקע דורך אַמעריקאַנער און אַפֿילו אויסטראַליע
איז באַוווינט דורך אויסטראַליער . . . איך האָף, אַז איך וועל
דאָ נישט פֿאַלש פֿאַרשטאַנען ווערן. די מענטשן, אָדער ריכטיקער
די מענטשהייטן פֿון די פֿינף טיילן פֿון דער וועלט, האָבן זייערע
באַזונדערע כאַראַקטעריסטיקעס און ערשט אַלע זיי צוזאַמען בילדן
די גאַנצע מענטשהייט פֿון אונדזער פּלאַנעט . . . און ווער עס איז
אַ וועלט־רייזנדער מוז האָבן באַזוכט אַלע פֿינף טיילן פֿון דער
וועלט אונדזערער. אַזיסט איז ער סתם אַזוי אַ רייזנדער, און ער
קען אַפֿילו זיין אַ גוטער רייזנדער, און אַ גוטער באַשרייבער, אָבער
אַ וועלט־רייזנדער איז מען נאָר דעמאָלט ווען מען האָט באַזוכט
אַלע פֿינף טיילן פֿון דער וועלט. און אין דעם זינען איז פּרץ
הירשביין דער אומצווייפֿלהאַפֿטער פּיאָנער אין אונדזער ליטע־
ראַטור, ער — צווישן די יידישע שרייבער — האָט דער ערשטער
צוגעלייגט זיינע זוילן צו אַלע טיילן פֿון אונדזער פּלאַנעט און דער
ערשטער צוגעלייגט זיין פּען צום פּאַפּיר אויף צו שרייבן אויף
וועלט־רייזע־טעמעס.

לאָמיר גיין לויט דער ריי:

הירשביין האָט אין אַזיע — דעם גרעסט־עלטסטן וועלט־

טייל — גרונטיק באַזוכט אינדיע, כינע, יאַפּאַן און ארץ־ישראל. האָבנדיק באַזוכט די פיר פּרינציפּיעלע — סײַ פון ייִדישן און סײַ פון אַלגעמיינעם שטאַנדפּונקט — לענדער פון אַזיע, האָט ער באַזוכט און געזען אַזיע. און אין אַלע די אויסגערעכנטע לענדער האָט ער האַלב־יאָרן־לאַנג געוווינט.

הירשביין האָט באַזוכט דרום־אַפריקע און טיילווײַז אויך צפון־אַפריקע. אויך דאָ האָט ער פאַרבראַכט גענוג לאַנג נישט נאָר צו זען די לענדער, נאָר זיך אָנצוזאַפּן מיט זיי. כדי צו באַשרײַבן אַ לאַנד מוז מען עס האָבן אויפגענומען אין זיך מיט מער חושים ווי מיט בלויז דעם חוש פון זען, מען מוז עס דערהערן, דערפילן — און צו דעם איז נויטיק צײַט. דערזען קען מען גיך — איר ווייסט דאָך, דער שטראַל לויפט מיט אַ געשווינדקייט פון דרײַ הונדערט־טויזנט־קילאָמעטער אין אַ סעקונדע, לאַנגזאַמער, אָן אַ שיעור לאַנגזאַמער לויפט די כוואַליע פון קלאַנג און גאָר לאַנגזאַם גייט די כוואַליע פון אַ ריח. און נאָך לאַנגזאַמער לויפן די אויגן איבער בלעטלעך פון ביכער, וואָס מען מוז אַלע מאָל שטודירן ווי אַ הוספה צו דעם, וואָס מען זעט אין אַ לאַנד.

אונדזער וועלט־רײַזנדער האָט צוויי מאָל באַזוכט דעם דרום־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, באַזונדערס די ייִדישע קאָלאָניעס פון אַרגענטינע. אויב איך האָב נישט קיין טעות איז ער דער סאַמע ערשטער געווען צווישן די ייִדישע שרײַבער, וועמען עס איז אײַנגעפאַלן, אַז מען דאַרף די קאָלאָניעס באַזוכן און נישט נאָר עקאָנאָמיש און פּאָליטיש, נאָר אויך אַרטיסטיש באַשרײַבן. הירש־ביין איז אויך אַ סך מאָל דורכגעפאָרן און האָט נישט זעלטן באַ־שריבן דעם צפון פון דער וועלטס צווייט־גרעסטן קאָנטינענט — אַמעריקע.

און פון אייראָפּע איז דאָך אָפּגערעדט — נישטאָ דאָרט כמעט קיין לאַנד ווו הירשביין האָט נישט גערײַזט — און דאָס באַרײַזטע פאַרצייכנט: אין ראַטן־פאַרבאַנד איז ער געווען מער ווי איין מאָל און צוויי גרויסע ביכער וועגן דעם לאַנד האָט ער געשריבן, איינס וועגן ייִדן ספּעציעל מיט דעם נאָמען „שוואַרץ־ברוך" און דאָס אַנדערע „פּ. ס. ס. ר." וועגן ראַטן־פאַרבאַנד בכלל.

און אַחרון, אַחרון חביב — הירשביין איז איינער פֿון די ווײ־ניקע ייִדישע שרײַבער, וואָס איז געוועזן אין דעם פֿינפֿטן וועלט־טייל — אין אויסטראַליע. ער איז דער ערשטער אַהין געפֿאָרן. ער האָט אויסטראַליע — און דער עיקר דאָס ייִדישע אויסטראַליע — בפועל ממש אַנטדעקט.

אָט דאָס איז — אין ברייטסטע און אַלגעמיינע שטריכן — הירשביינס וועלט־רײַזע־מאַפּע.

איך האָב מיט אַ כּיוון נישט געצייכנט קיין דעטאַלן. אַגבֿ, וואָלט עס מיר שווער געוועזן צו טאָן אָן הירשביינס פּערזענלעכער הילף — און ער געפֿינט זיך איצט אין קאַליפֿאָרניע אַ פּאָר טויזנט מײַל פֿון קאַנאַדע, ווו איך געפֿין זיך. וואָלט אין אַזאַ פֿאַל לײַכט געוועזן די רשימה צוזאַמענצושטעלן מיט דער הילף פֿון הירשביינס ביכער און אַרטיקלען — זײַנען אָבער די ביכער, ווי מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, נישט אַלע געדרוקט, — און די צעוואָרפֿענע אַרטיקלען אין דער פּרעסע קען מען נישט צוזאַמענקלויבן אַזוי לײַכט.

זאָלן־זשע די אַלגעמיינע שטריכן פֿון הירשביינס וועלט־רײַזע־מאַפּע זײַן דערווײַל גענוג.

4

איך מוז זיך מודה זײַן, אַז נישט איין מאָל בין איך געוואָרן אומגעדולדיק לייענענדיק הירשביינס רײַזע־באַשרײַבונגען. נישט איין מאָל ווילט זיך אויפֿשפּרינגען מיט כּעס: פֿאַרוואָס אַזוי לאַנגזאַם, פֿאַרוואָס אַזוי פּאַוואָליע? וואָס האָט ער אַזוי פֿיל צײַט?

אַזוי איז הירשביינס אופֿן, אַזוי איז ער אין אַלץ, וואָס ער שרײַבט, אַזוי איז ער אין זײַנע ראָמאַנען, אַזוי אין זײַנע דער־ציילונגען, אַזוי אין זײַנע דראַמעס, אַזוי אין זײַנע געטאָקטע רע־דעס און אַזוי אפֿילו אין פּריוואַטן געשפּרעך. ער אײַלט זיך ניט. דאָס איז אָריענטאַלישער נאַראַטאַרישער סטיל, נאָר הירשביין האָט דעם דאָזיקן סטיל זײַנעם נישט געלערנט ערשט אויפֿן אָריענט, ער האָט אים שוין אַ פֿאַרטיקן אויפֿן אָריענט מיטגעבראַכט מיט זיך



פּרץ הירשביין אויף דעם טײַך גאַנגעס
אינדיע, 1927



פּרץ הירשביין און חיים נחמן ביאַליק
ארץ־ישׂראל, 1927

פֿון דעם מאַנאָטאָנעם גאַנג פֿון די מילרעדער פֿון זײַן טאַטנס מיל אין קלעשטשעל.

אין דער אמתן איז אָבער נישט וויכטיק צי הירשביין דערציילט פּאַמעלעך אָדער שנעל, דער עיקר איז צי דערציילט ער, צי זאָגט ער אַ סך. און וויפֿיל פּאַפּיר פֿאַרברויכט ער דערצו. איז אַז איר נעמט אין האַנט אַרײַן הירשביינס אַ רײַזע־בוך זעט איר, אַז פֿאַרברויכן פֿאַרברויכט ער דערצו נישט מער — און אפֿילו אָפֿט ווייניקער — פּאַפּיר ווי יעדער אַנדערער רײַזע־שרײַבער און דער רעזולטאַט איז אָפֿטמאָל אַ בעסערער אפֿילו. פֿון הירשביינס רײַזע־ביכער לערנט מען אַ סך. אָט אַזוי לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, אָט אַזוי דערציילנדיק עפּיזאָד נאָך עפּיזאָד און מעדיטירנדיק שעה נאָך שעה גיט ער דיר איבער דעם עיקר פֿון אַ לאַנד. די גאַנצע צײַט דאַכט זיך דיר, אַז ער דערציילט נאָר וועגן זיך און וועגן יעדן שריט זײַנעם אין דעם באַשריבענעם לאַנד באַזונדער — נאָר, אַז דו פֿאַרמאַכסט דאָס בוך נאָכן לעצט בלעטל — איז נישט נאָר הירשביין אין יענעם ווײַטן לאַנד געוועזן, נאָר אויך דו ביסט דאָרט — מיט אים — געוועזן. און אָט דאָ קומט ערשט קלאָר צום אויסדרוק דער ווערט פֿון אָט דעם לאַנגזאַמען און אולטראַפּערזענלעכן דערציילן. זיי נאָר אַביסל געדולדיק, גיי נאָר מיט מיט הירשביינען, לאָז דיך נאָר פֿירן פֿון אים, פֿרעג נאָר נישט קיין שאלות און די רעזולטאַטן וועלן באַלד קומען און דו וועסט אויף אַ שיינעם, הירשביינישן אופֿן זיך באַקענען מיט אַ נײַ און אינטערעסאַנט לאַנד, מיט אַ נײַעם און אינטערעסאַנטן ייִדישן ישובֿ.

הירשביינס סטיל אין אַלגעמיין און הירשביינס רײַזע־באַשרײַבונגס־סטיל בפֿרט איז נישט קיין דינאַמיש־אַמעריקאַנישער, נאָר אַ סטאַטיש־אָריענטאַלישער. אָבער דער עיקר זײַנען דאָך די רעזולטאַטן. און די רעזולטאַטן זײַנען אַלע מאָל גוטע. די באַשרײַבונגען דערגרייכן זייער ציל.

זאָל מיר דאָ דערלויבט זײַן אַ פּערזענלעכע באַמערקונג. מײַן ווייניקײַט האָט באַזוכט אַ היפּשן טייל די לענדער, וואָס הירשביין האָט באַזוכט. מאַנכע פֿון זײַנע רײַזע־ביכער — למשל דאָס בוך וועגן אַרגענטינע — האָב איך געלעזן צוויי מאָל, איין מאָל פֿאַרן

פֿאָרן אין יענעם לאַנד און אַ צווייט מאָל בשעתן זײַן דאָרט. בײַם ערשטן מאָל לעזן האָט זיך מיר דאָס לאַנד פֿאָרגעשטעלט אַזוי ווי איך האָב עס טאַקע געטראָפֿן — לויט הירשביינס בוך. און בײַם צווייטן מאָל לעזן האָב איך געפֿונען די פֿולשטענדיקע באַשטע־טיקונג אין שריפֿט פֿון דעם אײַנדרוק אין דער ווירקלעכקײַט, נאַ־טירלעך מיט די ענדערונגען, וואָס זײַנען אין דער צײַט פֿאָרגע־קומען, ווײַל הירשביין האָט אַרגענטינע באַזוכט אין 1914 און איך מיט 24 יאָרן שפּעטער. אין 24 יאָרן ענדערן זיך יונגע לענדער גאַנץ שטאַרק.

5

אין אַ שרײַבערס וואָרט זוכט מען דעם אמת, זײַן אמת און גאָרנישט מער. און באַזונדערס זוכט מען אָט דעם אמת אין רײַזע־באַשרײַבונגען. אָבער נישט צו אָפֿט געפֿינט מען אָט דעם אמת. נישט זעלטן ווערן רײַזעס אונטערגענומען לויטן אויפֿטראַג פֿון פּאַרטייען, געזעלשאַפֿטן, צײַטונגען, — דער עיקר צײַטונגען, — און זיי באַאײַנפֿלוסן זייער שליח.

מיט אַ זעלטענער לויטערקײַט צייכענען זיך אויס אין דעם זינען פֿון אויפֿריכטיקייט הירשביינס רײַזע־באַשרײַבונגען. אַז דו הויבסט אויף די אויגן פֿון זײַנע רײַזע־בריוו באַגעגנסטו הינטער זיי נאָר הירשביינען — קיינעם נישט מער און גאָרנישט מער. שלעכט אָדער גוט אין פֿאָרם און אין אינהאַלט — אַזוי האָט ער געזען און פֿאַרשטאַנען און אַזוי גיט ער עס איבער דעם לייענער.

איך האָב מיט אַ גוט צענדליק יאָרן צוריק בײַגעוווינט אַ חבֿרישן געריכט צווישן פּרץ הירשביין און ש. י. יאַצקאַן, דעם טעמפּעראַמענטפֿולן רעדאַקטאָר פֿון וואַרשעווער „הײַנט". יאַצקאַן האָט באַשולדיקט הירשביינען אין פּאַרטייִשקײַט בײַם באַהאַנדלען טעמעס פֿון סאָוויעטישן ייִדישן לעבן. הירשביינס אויפֿרעגונג האָט גאָר קיין גרענעצן נישט געהאַט. דאָס איינציקע מאָל — זינט די העכער צוויי צענדליק יאָר, וואָס איך קען אים פּערזענלעך, ווען איך האָב אים געזען אַזוי אויפֿגערעגט און אויפֿגערייצט. די ערלעכקײַט זײַנע צו זיך אַליין און צום אָביעקט, וואָס ער באַ־

שרײַבט, האָבן גאָר קײן גרענעצן נישט. און דאָ איז ווער געקומען און געוואָלט אָפּפרעגן דעם סאַמע פונדאַמענטאַלסטן שטריך פון פּרץ הירשביינס כאַראַקטער.

דרך אגבֿ — איינע פון די וויכטיקסטע באַדינגונגען פון אַ שרײַבער אַ רײַזנדן איז אַט דאָס אַבסאָלוט אָביעקטיווע זען און אָבסערווירן. דאָס אָביעקטיווע דורך דעם סוביעקטיוון פענצטער פון דער אייגענער נשמה, און אַט דאָס מאַכט הירשביינס רײַזע־באַשרײַבונגען, דער עיקר די ייִדישע, באַזונדערס ווערטפול פאַר קומענדיקע צײַטן. אַזוי ווי הירשביין האָט דאָס אַלץ געזען, אַט אַזוי איז עס אויך אין אמת געוועזן — מינוס, נאַטירלעך, די פעלערן אין דער אָבסערוואַציע, וואָס זײַנען אומפאַרמײַדלעך בײַ יעדן שרײַבער.

## 6

און צום שלוס, כאָטש עס איז אין אַ יובֿל־אַרטיקל, וועגן עט־לעכע פעלערן פון הירשביינס אופן באַשרײַבן זײַנע רײַזעס.

זעלטן ווען איר וועט אין פּרץ הירשביינס רײַזע־בריוו געפינען סטאַטיסטישע ציפערן, זעלטן ווען איר וועט דאָרט בכלל געפינען ציפערן אָדער היסטאָרישע דאַטעס, אָדער גענויע געאָגראַפישע באַצייכנונגען, — דאָס אַלץ, וואָס איז אַן אינטעגראַלער טייל פון באַשרײַבונגען פון ווײַטע לענדער, פעלקער און ייִשובֿים.

הירשביין גיט אונדז נאָר זײַנע אימפּרעסיעס. אימפּרעסיעס זײַנען גוט, זייער גוט, דער עיקר, ווען זיי זײַנען אַזוי שיין אימפּרעסיאָניסטיש ווי אין דעם פאַל — אָבער אימפּרעסיעס זײַנען נאָך בעסער ווען זיי באַגלייטן רעאַלע קעגנשטאַנדן ווי זייער שאָטן, אָבער נישט ווען זיי ווערן דיר דערלאַנגט ווי בלויזע שאָטנס און דו זאָלסט דיר אַליין לויט דעם שאָטן קאָנסטרואירן דעם קעגנשטאַנד, וואָס האָט אַט דעם שאָטן געוואָרפן. אפשר איז די באַמערקונג אַ ביסל צו שאַרף, און אפשר שוין איבערגעטריבן, דאָס איז אָבער אָפּט דער אײַנדרוק פון איינצלנע הירשביין־אַרטיקלען וועגן רײַזעס. לויט מײַן מיינונג קענען אַזעלכע זאַכן לײַכט פאַרריכט ווערן אין בוך־אויסגאַבעס. די פעלנדיקע ציפערן,

די גענויע געאָגראַפֿישע באַצייכנונגען, די היסטאָרישע דאַטעס
קענען אויף אַ ריין מעכאַנישן אופֿן צוגעשטעלט ווערן — אפֿילו
דורך אַנדערע פּערזאָנען.

הירשביינס כאַראַקטעריסטישע פֿראַגע צו ייִדן, וואָס ער באַ־
געגנט אין אַלערליי לענדער פֿון דער וועלט איז: פֿון וואָס
לעבט אַ ייִד, ווי פֿילט זיך אַ ייִד אין דעם ווײַטן לאַנד? — אָבער
זעלטן ווען האָט הירשביין דעם באַשריבענעם בעל דבֿר פֿרעגן ווען
ער איז אין דעם לאַנד געקומען, ווער נאָך איז מיט אים מיטגע־
קומען און — וויפֿיל.

אַ מאָל האָט מען אפֿילו דעם אײַנדרוק, אַז הירשביין היט
זיך פֿאַר ציפֿערן און נאַטוראַליסטישער עקזאַקטקייט, עפּעס אַזוי
ווי עס וואָלט גאַרנישט געפּאַסט פֿאַר דעם ראָמאַנטישן רײַזע־
באַשרײַבער, פֿון דעם, וואָס באַמיט זיך די לענדער און פֿעלקער
צו דערזען אין שפּיגל פֿון זייערע נשמות, צו דערזען אויך דעם
נאַקעטן רעאַליזם, וואָס שפּיגלט זיך אַלע מאָל צום בעסטן אָפּ
אין ציפֿערן, אין פּראָזאַישע פֿאַקטן.

7

און בײַם סאַמע סוף בעט איך דערלויבעניש אי בײַם יובילאַר
און אי בײַ די חשובֿע לעזער צו זאָגן אַ פּאָר פּערזענלעכע ווער־
טער: דאָס איז געווען מיט צוועלף יאָרן צוריק, אַרום 1929.
הירשביין און אסתּר שומיאַטשער, זײַן דיכטערין־פֿרוי, וואָס האָט
די לאַנג־יאָריקע און צען טויזנטער־מײַליקע מיטרײַזעס מיט איר
פּרצן פֿאַרוואַנדלט אין צאַרטע לידער־ביכער, זײַנען געווען בײַ
מיר אין סעקרעטאַריאַט פֿון ייִדישן ליטעראַטן־פֿאַריין אין וואַרשע,
זיי האָבן מיך אײַנגעלאַדן אויף אַ שפּאַציר. איך האָב מיך אַנט־
שולדיקט, איך האָב נישט געקענט מיטגיין, ווײַל איך האָב נאָך
געהאַט אַרבעט. האָט מיר הירשביין מיט זײַן אָריענטאַלישן טאָן
אין רעדן געזאָגט: ראַוויטש — איר מוזט מאַכן אַ וועלט־רײַזע
— און ער האָט באַלד זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַ רעקאָ־
מענדאַציע צו זײַנעם אַ פֿרײַנט אין דרום־אַפֿריקע . . . די זאַך
האָט דעמאָלט אויסגעזען אַזוי נישט רעאַל, אַזוי טרוימעריש, אַזוי



פּרץ הירשביין און זײַן פֿרוי אסתּר שומיאַטשער
אין יאָהאַנעסבורג, דרום אַפֿריקע — 1921

הירשבייניש . . . אָבער דער טרוים איז מיר טיף אין דער נשמה אַרײַן און מיט אַ יאָר שפּעטער האָב איך הירשביינס רעקאָמענ־דאַציע־בריוו פּערזענלעך איבערגעגעבן אין אַפריקע דעם אַדרע־סאַט . . . מיט אַ צען יאָרן שפּעטער, נאָך אַ סך צען טויזנט־מײַליקע רײַזעס האָב איך אַ מאָל אין טיפער התפּעלות און מיט טיפּסטער דאַנקבאַרקײַט געשריבן צו הירשביינען: איך האָב אײַך ליב, הירשביין, מיט אַ זעלטענער ליבע — איך האָב אײַך ליב, ווײַל פּונקט ווי מײַן מאַמע האָט מיך געלערנט גיין איבער אונדזער שיינער וועלט, האָט איר מיך געלערנט פאָרן איבער אָט דער שיינער וועלט — —

נישט נאָר דעם שרײַבער פון די שורות האָט פּרץ הירשביין געלערנט פאָרן איבער אונדזער שיינער וועלט — ער איז דער פּיאָנער פון אונדזער גאַנצער רײַזע־ליטעראַטור.

אַ גרויס שטיק וועג איז אָפּגעגאַנגען אונדזער ייִדישע ליטע־ראַטור פון די מסעות בנימין השלישי ביז הירשביין איז אין איר געקומען אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט און אויך הירשביין אַליין איז אַ גרויס שטיק פון זײַן אייגענער וועלט אָפּגעגאַנגען צו פוס ביז ער האָט געמאַכט זײַן ערשטע רײַזע און אָנגעהויבן די מסעות פּרץ הירשביין. מיט זיי האָט זיך אָנגעהויבן די אַנטוויק־לונג פון אַ נײַעם צווײַג אין אונזער ליטעראַטור. און אָט דער צווײַג וועט זיך ערשט צעוואַקסן שטאַרק און מעכטיק נאָך דער איצטיקער וועלטן־מלחמה. און וואָס שטאַרקער עס וועט וואַקסן די רײַזע־בריוו־ליטעראַטור בײַ אונדז, — און זי וועט נויטיק און נוצלעך זײַן נאָך דער איצטיקער מלחמה, אַלץ מער וועט קלאָר ווערן דער אויפטו פון פּרץ הירשביין, וואָס האָט נישט נאָר די וועלט אַרײַנגעטראָגן אין דער ייִדישער ליטעראַטור אַרײַן, נאָר אויך די ייִדישע ליטעראַטור אין דער וועלט אַרײַן.

אומפאַרגעסלעך זײַנען הירשביינס באַזוכן אין אַ סך, אַ סך לענדער, זיי זײַנען דאָרט געווען דער אָנהויב פון אַ נײַער תקופה. אין אויסטראַליע זינגט מען הירשביינס ליד „ימים רוישן" שטייענ־דיק ווי ווען מען זינגט אַ הימן — דער וואַנדער־הימן פון אַ וואַנדערפאָלק פאַרפאַסט פון זײַן האַרציקסטן וועלט־וואַנדערער.

## דוד פינסקי

# פרץ הירשביין דער דראַמאַטיקער

זומער 1903, דער פּאָגראָם אין קישינעוו, די שטאַרקע אויפֿ־רודערונג אין ייִדישן לעבן. ווילנע אָרגאַניזירט הילף פֿאַר די געליטענע פֿון דעם פּאָגראָם: ברויט און תּכריכים. קהילה־משולחים זײַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן איבער די ייִדישע הײַזער פֿון ווילנע צו קלײַבן נדבות. אַ יונגער ישיבה־בחור פּרץ הירשביין איז געווען איינער פֿון די משולחים. זײַן גאַנג איז געווען צווישן די אָרימסטע אין דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון מיט אירע אָרימעלײַט באָרימטער ווילנע. וואָס ער האָט זיך אָנגעזען אויף זײַן מצווה־גאַנג איבער די הײַזער פֿון ווילנער נויט און עלנט, דער וווּנדערבאַרער אָפּרוף אויף דעם הילף־געשריי פֿון דער פּאָלקס־קאַטאַסטראָפֿע, די הילפֿבאַרייטקייט, די אָפּפֿערווילִיקייט, דאָס אַוועקגעבן דעם לעצטן ביסל פֿון מויל, האָבן אים גערירט ביז טרערן, און ער איז לאַנג אַרומגעגאַנגען אונטער דעם אײַנדרוק פֿון זײַנע איבערלעבונגען אין יענעם טאָג. אַזוי דערציילט ער איצטער אין זײַנע זכרונות.

באַלד נאָך דעם זעצט ער זיך אַוועק צו שרײַבן אַ דראַמע. מיט צען יאָר פֿריער וואָלט ער זיך אַוועקגעזעצט שרײַבן אַ דערציילונג. די יונגע מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור האָט זיך נאָכגעפֿונען אונטער דעם אײַנפֿלוס פֿון דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור. די רוסישע ליטעראַטור איז אין דעם 19טן יאָרהונדערט געווען הויפּטזעכלעך אַ דערציילערישע. אַלע אירע גרויסע שאַפֿער זײַנען געווען דער עיקר דערציילער און ראָמאַניסטן, וואָס האָבן אויך פֿאַרבײַגייענדיק געשריבן דראַמעס. און אַזוי איז אויך געווען די יונגע ייִדישע ליטעראַטור. אָבער צום סוף פֿון דעם יאָרהונדערט האָט דער דערציילער אַנטאָן טשעכאָוו, וואָס האָט

באַאײנפֿלוסט די רוסישע און אַנדערע ליטעראַטורן מיט זײַנע דער־צײלונגען, אָנגעהויבן צו שרײַבן דראַמעס און באַלד באַאײַנפֿלוסט זײַן צײַט מיט זײַנע דראַמעס ווי מיט זײַנע דערצײלונגען. פֿריערדיקע דערצײלער ווי גאָרקי, אַנדרײעוו, טשיריקאָוו א״אַ האָבן זיך גע־נומען צו שרײַבן דראַמעס. דאָס איז אויך געשען מיט די ייִדישע שרײַבער. אַפֿילו י. ל. פּרץ הייבט אָן צו שרײַבן דראַמעס, און פּרץ הירשביין הייבט גלײַך אָן אין דראַמאַטישער פֿאָרם.

איז זײַן ערשטע דראַמע דער אויסדרוק פֿון יענעם קאָלאָסאַלן דערשיטערנדיקן אײַנדרוק, וואָס די מערקווירדיקע איבערלעבע־נישן אין דעם זאַמלטאָג נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם האָבן אויף אים געמאַכט? ניין. אין יענעם טאָג האָבן עלנטע וויסטע אָרימע־לײַט אויפֿגעהויבן זיך צו דער מדרגה פֿון פֿאָלקסהעלדן, פֿאַרקער־פּערער פֿון דער ייִדישער פֿאָלקס־נשמה. אָבער הירשביין האָט אײַנגעזען, אַז סוף כּל סוף זײַנען זיי שטענדיק העלדן, טרעגער פֿון דער אײביקער ייִדישער מידה פֿון רחמנות.

זײַן ערשטע דראַמע „באַרג אַראָפּ״, געשריבן אין 1904, איז די געשיכטע פֿון אַ פֿאַרפֿירטער מיידל, וואָס זינקט אַרײַן אין „הײַזל״. אַ סטערעאָטיפּישע מעשׂה מיט אַן אָרימער, עלנטער יתומה און אַ רײַכן שאַלטיק. אָבער שמעון דער שוסטער, זײַן ווײַב דבֿורה, זײַן טאָכטער לאה און יונה, לאהס חתן, בײַ וועמען די אומגליקלעכע מרים האָט געוווינט, זײַנען געשטאַלטן פֿון דער ייִדישער פֿאָלקס־מאַסע, וועמעס טיפֿע גוטסקייט און רחמנות פּרץ הירשביין איז אַרויסגעקומען צו דערווײַזן.

אַ יאָר שפּעטער שרײַבט ער זײַן צווייטע דראַמע „ווו דאָס לעבן פֿאַרגייט״. אין פֿלוג אַן אומפּאַסיקער נאָמען. דאָס לעבן פֿאַרגייט דאָך אומעטום. אין רײַכע פּאַלאַצן, ווי אין די קעלער־וווינונגען. אָבער ווער עס קען הירשביינען און ווייס זײַן כּוונה, וועט אויך וויסן, וויפֿיל ווייטיק און רחמנות ער האָט אַרײַנגע־לייגט אין די דאָזיקע ווערטער פֿון דעם טיטל צו זײַן דראַמע. עס איז אַן אַרויסקרעכץ, און מיר לאָזן זיך אַראָפּ אין דער קעלער־וווינונג, ווי אין אַ גרוב, אין וועלכער עס געפֿינען זיך מענטשן, פֿאַראורטײלטע צום טויט אָן זייער שולד.

דאָ אין דער קעלערשטוב פֿאַרגייט דאָס לעבן פֿון אַ גאַנצער פֿאַמיליע. זיי מוזן זיך דערנערן פֿון פּאַפּיראָסן־מאַכערײַ, און דער טאַבאַק דערשטיקט זיי איינעם נאָכן אַנדערן. אויך אַ גאַנץ געװײנלעכע מעשׂה, אָבער הירשביינס קעלער־איינוווינער זײַנען אַזוי שיין און צאַרט און גוט און ערלעך, און אײַער רחמנות איז דאָ נישט אויף דעם אַרבעטער, נאָר אויף דעם מענטש.

פּרץ הירשביין איז דאָ נישט קיין קלאַסנקעמפֿער, וויל נישט אויפֿווײַזן די אומגערעכטיגקײַטן פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, וויל נישט אויפֿרייצן די אַרבעטער קעגן די אַרבעטגעבער. ער וויל נאָר אויפֿווײַזן די אומגערעכטיקײַטן פֿון לעבן בכלל. און נאָך וויל ער אויפֿווײַזן, ווי שיין דער ייִדישער פֿאָלקסמענטש איז אין זײַן לײַדן און זײַן אונטערגאַנג.

דערפֿאַר אויך האָט ער געקאָנט שרײַבן זײַנע ערשטע דראַמעס אין העברעיִש. ער האָט זיי נישט געשריבן פֿאַר זײַנע קעלער־מענטשן, נאָר קודם כּל, ווי אַ דיכטער, פֿאַר זיך אַליין. זיי האָבן אַרויסגעזונגען פֿון אים; זײַנע געשטאַלטן, די טרעגער פֿון דער אייביקייט, פֿון איידעלער ייִדישער מענטשלעכקייט, און ער, דער ישיבֿה־בחור, דער לערנער, האָט אויסגעדריקט זײַן געזאַנג אין דער שפּראַך פֿון דער ייִדישער אייביקייט.

זײַנע ערשטע צוויי דראַמעס שרײַבט הירשביין אין דעם סטיל פֿון די דײַטשע נאַטוראַליסטן אין די נײַנציקער יאָרן פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט. וואָס ווייניקער באַוועגונג, וואָס ווייניקער האַנד־לונג. דאָס לעבן גייט און פֿאַרגייט אָן שטורעמס, אָן טאַראַראַם. פּשוטע מעשׂיות פֿון פּשוטע מענטשן. מיט „נבֿלה", וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין 1907, באַווײַזט ער, אַז ער קאָן אויך שרײַבן ווי די דראַמאַטישסטע אונטער די נאַטוראַליסטן. די דאָזיקע דראַמע פֿון מענטשן, וואָס שטייען גאַנץ נידעריק אויפֿן שטאַפּל פֿון אונדזער געזעלשאַפֿט, האָט טעמפּעראַמענט און אינטערעסירט אײַך מיט דער דינאַמיק, וואָס זי טראָגט אין זיך.

אָן אויפֿברויז אין דעם דראַמאַטיקער הירשביין; און אָט ווידער עפּעס אַנדערש: „אויף יענער זײַט טײַך", „צווישן טאָג

און נאַכט", „אויפֿן שיידוועג" . . . סימבאָליזם, אומקלאָרקייט, רעטעניש, סטרינדבערג, מעטערלינק . . .

אין סטרינדבערגס איינאַקטער „ווינטמילן" געפֿינען מיר דעם פֿאָלגנדיקן דיאַלאָג:

דער יעגער: צו טרעפֿן רעטענישן איז דאָך אויך אַ גוטער צײַטפֿאַרטרײַב.

די מיידל: וואָס פּשוט איז נישט אַזוי טײַער.

דער יעגער: אָ, ניין! אויך וואָס פּשוט קאָנען מיר נישט פֿאַרשטיין אָן פּירוש . . .

און ווײַל „אויך פּשוט קאָנען מיר נישט פֿאַרשטיין אָן אַ פּירוש", האָבן סטרינדבערג און מעטערלינק און אַלע אַנדערע סימבאָליסטן אַוועקגעלאָזן זיך פֿאַרגעבן רעטענישן. אַפֿילו דער נאַטוראַליסט גערהאַרט האופּטמאַן האָט זיך אין יענע יאָרן אַרײַנגעלאָזן אין רעטענישן.

הירשביין האָט אין דעם סימבאָליזם דערקענט עטוואָס, וואָס איז אים זייער נאָענט, — נאָענט זײַן מהות, זײַן עצם. ער דאַרף נישט נאָכמאַכן סטרינדבערגן אָדער מעטערלינקן. זיי אפֿשר האָבן זיך געדאַרפֿט דערטראַכטן צו טאָן און סטיל, ער האָט זיי געטראָגן אין זיך. ער האָט זי בירושה — הערט זיך־צי צו די זאָגונגען פֿון זײַן מוטער, ווי ער ציטירט זיי אין זײַנע דערינערונגען פֿון די קינדער־יאָרן. ער האָט זיי אויפֿגענומען פֿון זײַן אָרום, — קוקט זיך־צו צו דער סודותדיקייט פֿון זײַן טאַטנס מיל. קינדווײַז האָט ער געדאַרפֿט אַרויסהערן שטימען פֿון אונטער דעם גערויש פֿון די וואַסערן, וואָס האָבן געטריבן די מיל, און ער איז אויסגעוואָקסן צו הערן שטימען טיף אונטער דעם גערויש פֿון דער אַלטעגלעכקייט, און מער געטראָפֿן זיי ווי געהערט. האָט ער זיך צוגעוווינט צו ענטפֿערן אויף אַנונגען. ערגעץ טיף אין אים, ערגעץ ווײַט אין אים בלאַסט אויף אַ געדאַנק, און ער רעאַגירט אויף דעם, ווי דער געדאַנק וואָלט געווען קלאָר און דייטלעך.

און הירשביין הייבט אָן צו שרײַבן אין רעטענישן.

אַ רעטעניש „אויף יענער זײַט טײַך". וואָס איז דער טײַך? וועמען צעטיילט ער? וואָס איז אויף דער זײַט און וואָס קומט פֿאַר

אויף יענער זײַט? איז עס געוויסער־צײַט בײַ ייִדן אָדער אין דער וועלט? איז עס ייִדישע השׂכּלה אָדער רוסישע רעוואָלוציע? דער בלינדער אַלטער הייסט מנשה — איז עס ייִדישע בלינדע אַלטקייט אָדער איז עס די בלינדע אַלטקייט פֿון אונדזער ציוויליזאַציע? וואָס איז זײַן אייניקל מירל? ווער איז דער אומבאַקאַנטער? וואָס איז דאָס פּאַר אַ קמיע, וואָס מירל טראָגט אויפֿן האַלדז און מנשה שרעקט זיך אויפֿעפֿענען זי? וואָס איז די צווייטע קמיע, וואָס די באָבע היינגט איר אָן און מירל וואַרפֿט אַרײַן אין וואַסער? פֿאַרוואָס קאָן דער אומבאַקאַנטער נישט קומען צו איר בײַטאָג? . . .

אַ רעטעניש „צווישן טאָג און נאַכט”. פֿינף סימבאָלישע געשטאַלטן; פֿיר טראָגן ביבלישע נעמען: נתן, נדב, הימן, תּמר, די פֿינפֿטע הייסט גאָר — זיזי. ליגט אין דעם עפּעס אַ מיין? נתן איז דער פֿאָטער פֿון נדב און הימן, נדב איז דער פֿאָטער פֿון תּמר און זיזי. ווער איז נתן, וואָס ווען ער איז געבאָרן געוואָרן, האָט אים אַ מלאך מיט אַ חוזק־שמייכל אָנגעוויזן אויף אַ גרויסן מדבר, אין וועלכן ס׳האָט איין מענטש עלנט אַרומגעבלאָנדזשעט, צו דער ערד זײַן קאָפּ געזונקען, און האָט געזאָגט: „אַזוי עלנט און פֿאַרביטערט וועסטו אין לעבן צווישן דײַנע אייגענע געדאַנקען אומבלאָנדזשען”? ווער איז נתן, וואָס איז זײַן „גאַנצן לעבן אַליין געגאַנגען” און נאָך דעם, ווי זײַנע ביידע זין זײַנען געבאָרן געוואָרן, האָט ער זיך „פֿון אַלץ מיאש געווען” און איז געוואָרן „דער יאוש אַליין”? ווער איז זײַן זון נדב, וואָס „א׳יז גוט ווי אַ מלאך געבאָרן געוואָרן” און זיצט אויבן בײַ זיך אין צימער און זײַן האַרץ „איז צופּלאָגט; גאָט האָט עס מיט צאָרן אָנגעפּילט”? ווער איז הימן, וואָס „איז בייז ווי אַ שלאַנג געווען פֿון זײַן געבאָרענעם טאָג” און איז געוואָרן אַ „רויבער מיט פֿליגל”, און נתן הערט „דעם גערויש פֿון זײַנע פֿליגל” און שפּירט „ז׳ײַנע שאַרפֿע נעגל”? ווער איז תּמר, וואָס וועט „אויף איר טאָטנס באַפֿעל” אויסשפּרייטן די אָרעמס, לויפֿן צווישן אַלע מענטשן און רופֿן מיט אַלע כּוחות: „האָט רחמנות, ברידער, איינער אויף דעם אַנדערן!” ווער איז ענדלעך זיזי, וועלכע גייט אַרויף צו נדבן צו זינגען אים אירע

נײַע לידער און זינגט אים בלויז „דאָס ליד פֿון אומשולד, דאָס איינציקע ליד, וואָס איז נאָך פֿאַרבליבן״ ?

אַ רעטעניש „אויפֿן שיידוועג״, די דראַמע פֿון אַ קינסטלער, וואָס . . . טאַקע וואָס ?

און אַזוי נאָך דראַמען־רעטענישן. מען קאָן זיי פֿאַרענטפֿערן, מאַכן אַ פּירוש. אפֿילו תּלי תּלים דערקלערונגען און פּירושים. אָבער זיי זײַנען גאַרנישט בויטיק, ווײַל ווען מיר לייענען די דאָזיקע רעטענישן, פֿילן מיר שווערן מענטשלעכן געראַנגל מיטן שיקזאַל, מיטן לעבן, מיט זיך אַליין, לײַדן מיר־מיט מענטשלעכע ווייטיק און מענטשלעכער הילפֿלאָזיקייט, לעבן מיר דורך מענטשלעכע טראַגעדיע אין איר פֿילגעשטאַלטיקייט, און אָפֿטמאָל טוט זי מער וויי, ווען מיר אָנען זי בלויז.

„נישט שטענדיק דאַרף מען פֿאַרשטיין, בעסער אַז מען פֿילט״, זאָגט דער אומבאַקאַנטער אין „אויף יענער זײַט טײַך״.

אָבער באַלד שרײַבט הירשביין איינע נאָך די אַנדערע „די פּוסטע קרעטשמע״, „אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל״, „דעם שמידס טעכטער״, און „גרינע פֿעלדער״. נישט מער קיין רעטענישן. פֿאַרשטאַנד און געפֿיל זײַנען פֿאַראייניקט. מען פֿאַרשטייט זיי אַזוי גוט און מען פֿילט זיי אַזוי גוט די דאָזיקע אויסגעצייכנטע דאָרפֿמענטשן אויסגעטראָגענע אין דער גאַנצער וואַרעמקייט און ליבשאַפֿט פֿון דעם דיכטערס ליבנדיקן האַרץ.

עס איז פֿינףאונצוואַנציק יאָר זינט פּרץ הירשביין האָט אָנגעשריבן „גרינע פֿעלדער״. וואָס ער האָט געשריבן שפּעטער אין דראַמאַטישער פֿאָרם איז ווייניק אָדער גאָרנישט באַקאַנט. צו האָט ער זיך אַנטוויקלט צו נײַע פֿאָרמען אָדער איבערגעחזרט אַלטע, צו האָט ער געשאַפֿן נײַע קלאָרקייטן אָדער פֿאַרגעבן נײַע רעטענישן — דאָס טישקעסטל, אין וועלכן עס ליגן אַנגעהורבעט זײַנע מאַנוסקריפּטן, האָט געוויס דעם ענטפֿער. ווי קריגט מען אים פֿון דאָרטן אַרויס ?

ה. לייוויק

# שנירעלע פערל, גילדערנע פאָן

וועגן פרץ הירשביינען, דעם באַרופֿענעם ייִדישן דראַמאַטורג, וועט מען, בין איך זיכער, נאָך אַ סך און אויספֿירלעך שרײַבן. און שרײַבן וועלן עס די, וואָס וועלן צו גיין צו הירשביינען מיט אַ גרינטלעכער צוגרייטונג. זיי וועלן אַרויסברענגען די פֿולע דערשײַנונג הירשביין. וועט זיך באַקומען דעמאָלט אַן אַרומנעמענדיקע מאָנאָגראַפֿיע, וואָס וועט געבן דעם לייענער אַ גאַנץ און קלאָר בילד פֿון הירשביינס ווערק, פֿן הירשביינס גאַנג, זוכענישן און דערגרייכונגען, פֿון הירשביינס סטיל און מעטאָדן. זיי וועלן אויך קלאָר מאַכן פֿאַר אונדז די גאַנצע עפּאָכע אין וועלכער הירשביין איז אויפֿגעקומען, אויפֿגעקומען און באַווירקט אונדז מיט דעם באַזונדערן העלן חן פֿון זײַנע פֿאַרשוינען און דראַמאַטישע קאָנפֿליקטן זייערע, — קאָנפֿליקטן אויפֿן פֿאָן פֿון ייִדישער בענקשאַפֿט, פֿאָלקסטימלעכקייט, פֿריידיקייט — קאָנפֿליקטן וואָס כאָטש זיי שפּילן זיך אָפּ אין אַ באַגרענעצטער, דוכט זיך, סבֿיבֿה, ווערן זיי, אַ דאַנק דער אייגנאַרטיקער הירשביינישער באַלײַכטונג אַלגעמיין ייִדיש און: פֿון זיך אַליין אַלגעמיין מענטשלעך.

מען קאָן שוין איצט רעדן וועגן הירשביינס אַ וועלט און וועגן אַ הירשביינישער דראַמע. ער, הירשביין, שטייט פֿאַר אונדז רייף אין זײַן אומדערמידלעכער שעפֿערישקייט. ער שטייט פֿאַר אונדז אַ גאַנצער. אַן אייגענער. אַ נאָענטער. אַ וואַרעם־ייִדישער. זײַן גרויער קאָפּ זאָגט עדות אויף אַ סך ייִדישע שטורעמס, אויף אַ סך וואָגל און וואַנדערונגען און — אויף אַ סך געדולד, אויסגעהאַלטנקייט אין גלויבן. ער שטייט פֿאַר אונדז אַ פֿעסטער מיט יענע גרונט־שטריכן אין זיך, וואָס מיר געפֿינען אין די מערסטע

פֿון זײַנע דראַמאַטישע פֿאַרשוינען. ד״ה יענע שטריכן, וואָס ער האָט אויסגעטיילט פֿון זיך צו אַלע העלדן. אָדער פֿאַרקערט: די גרונט־שטריכן, וואָס זײַנע העלדן האָבן אויסגעטיילט אים, הירש־ביינען. אין תּוך איז עס דאָך איינס און דאָס זעלביקע. די פֿאַרשוינען טראָגן אויף זיך דעם חותם פֿון זייער באַשאַפֿער און דער באַשאַפֿער טראָגט אויף זיך דעם חותם פֿון זײַנע העלדן.

ס׳איז ניט אין מײַן מעגלעכקייט, זאָג איך, צו געבן אַ פֿול בילד פֿון הירשביינס דראַמאַטורגיע. איך וואָלט וועלן אָבער אָפּ־שטעלן זיך אויף איין גרויס־מאָטיוו, וואָס טיילט אַרויס הירשביינען, נאָך מײַן מיינונג, אין זײַן פֿולער אויסגעשפּראָכנקייט. אַ מאָ־טיוו, וואָס גייט דורך ווי אַ ריכט ליניע, דוכט זיך מיר, דורך אַלע זײַנע ווערק און וואָס מאַכט אַלע זײַנע ווערק, אפֿילו די אַביסל שוואַכערע, זייער נאָענט אונדז צום האַרצן. איך רוף אָן דעם דאָזיקן גרונט־מאָטיוו פֿון הירשביינס דראַמעס, — און ניט נאָר פֿון זײַנע דראַמעס, אויך פֿון זײַנע ראָמאַנען: דער קאָנפֿליקט פֿון דער גוטסקייט.

די מערסטע ווערק פֿון די דראַמאַטורגן פֿון דער וועלט זײַנען געבויט אויף דעם מאָטיוו פֿון דער מענטשלעכער שלעכטסקייט. „יצר לב האדם רע מנעוריו״ — הענגט ווי אַן אייביקע דראָונג, ווי אַן אייביקע וואָרנונג, ווי אַן אומפֿאַרמײַדלעכע דערקענטעניש, פֿון וועלכע די שטאַרקסטע נאַטורן אפֿילו קאָנען זיך קוים אַרויס־ראַטעווען. שלעכטס קעמפֿט אַן אייביקן קאַמף מיט זיך אַליין, כּדי וואָס? — כּדי כאָטש ווען עס איז זוכה זײַן צו באַפֿרײַען זיך פֿון זיך, אויסגעלײַטערט ווערן און ווערן גוטס. דאָס הייסט, קומען צו אַ צושטאַנד פֿון פּשטות, פֿון תּמימות, צו אַ מדרגה פֿון אמתער שותּפֿותדיקייט מיט די קלענסטע פֿון דער נאַטור, — צו נשמה־רו, וואָס אין איר אידעאַלער דערגרייכונג ווערט זי דאָס, וואָס דאָס פֿאָלק רופֿט אָן צדקות. ניט שטייפֿע, שטרענגע צדקות, נאָר פֿאָלקסטימלעכע, שטילע און בענטשנדיקע.

און הירשביין הייבט גלײַך אָן מיט דעם, מיט וואָס אַנדערע ווילן ענדיקן. אָנשטאָט צו זען אין דער גוטסקייט, ווי די מערסטע זעען, דעם סוף — אַ ניט־דערגרייכבאַרן כּמעט, אַ פֿיקציע —

נעמט הירשביין די גוטסקייט גלײַך פֿון אָנהייב פֿאַר אַ זיכערן אויסגאַנגס פּונקט און וויקלט פֿונאַנדער פֿאַר אונדז אירע, דער גוטסקייט, אייגענע קאָנפֿליקטן. וואָרום עס זעט זיך אַרויס, אַז אויך די גוטסקייט מאַכט דורך קאָנפֿליקטן און ווערט דראַמאַטיש, און אָפּטמאָל אויך טראַגיש.

עס קאָן אפֿשר זײַן, אַז שלעכטס איז אַ שטאַרקערער שטאָף פֿאַר דראַמע און טראַגעדיע, האָט מער מעגלעכקייטן פֿאַר אויפֿרײַס, פֿאַר פּלאָנטער, פֿאַר פֿאַטאַלע צוזאַמענברוכן, פֿאַר ווילדע שטורעמס. דערפֿאַר אָבער באַצאָלט דער דראַמאַטורג, וועמענס דראַמע איז געבויט אויף דעם שלעכטס־פּרינציפּ, מיט דעם וואָס אים געלינגט זייער זעלטן צענויפֿצוגיסן זיך מיט פֿאָלקס שאַפֿונג, מיט פּשטות פֿון ערד, מיט גליקזעליקייט פֿון פֿעלד און וואַלד, מיט דער רויִקייט פֿון שעפּס און מיט דער ווײַסקייט פֿון מילך — מיט די אַלע קליינע און איינפֿאַכע זאַכן פֿון דער וועלט וואָס, כאָטש זיי מײַדן אויך ניט אויס קיין צוזאַמענשטויסן, זײַנען זיי אָבער אַזוי עלעמענטאַר און אַזוי צוגעבונדן צו געזעצלעכקייט, צו שטייגער און טראַדיציע, אַזוי איינגעפֿונדעוועט אין זיך אַליין, אַז אַלע זייערע צוזאַמענשטויסן קאָנען ניט גיין צו־ווײַט. ס'איז אין זיי דאָ אַן עפּעס, וואָס גיט אַכטונג אויף זיי; אַ גלייכגעוויכט, וואָס נעמט אָועק די שאַרפֿקייט פֿון די קאָנפֿליקטן. ווערן, אַזוי אַרום, מחלוקתן ניט מער ווי גוטמוטיקע ברוגזן, און אַפֿילו שנאה ווערט ניט קײַן אַנדער זאַך ווי נאָר אַן עטוואָס־פֿאַרטונקלטע גוטסקייט, וואָס בײַ דער ערשטער געלעגנהייט גיט זי אַ צערײַס די אייגענע פֿאַרטונקלקייט און עס גיט אַ לויכט־אויף מיט נאָך אַ שטאַרקערער ליכטיקייט.

דער גוטסקייט־פּרינציפּ איז דער יסוד פֿון כמעט אַלע הירשביינס דראַמעס. ער זעט זיך אַמבולטסטן אַרויס אין די דראַמעס פֿון ייִדישן דאָרפֿס־לעבן „גרינע פֿעלדער", „פּוסטע קרעטשמע", „אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל" און דערגרייכט זײַן העכסטן פּונקט אין דער פּיעסע „צוויי שטעט", וועלכע איז, אגבֿ, אויך דער העכסטער פּונקט צו וועלכן די פֿריערדיקע דראַמעס האָבן זיך געצויגן. די אַלע דראַמעס זײַנען אין תּוך אַן אויסשטראַלונג פֿון הירשביינס

סעריע איינאַקטערס, ווו דער אייגנאַרטיקער גוטסקייט־פּרינציפּ איז צום ערשטן מאָל דורך הירשביינען געקומען צום קלאָרן אויסדרוק. דוכט זיך מיר דערפֿאַר, אַז גראָד די איינאַקטערס, די ניט צופֿיל פֿאַרוויקלטע, זײַנען דער אמתער שליסל צו הירש־ביינס מענטשן און וועלטן. זיי זײַנען אויך דער ריינסטער שפּיגל, אין וועלכן די שיינקייט פֿון אַלע זײַנע דראַמעס שלאָגט זיך אָפּ.

לייענענדיק די איינאַקטערס, האָב איך געפֿילט ווי זײַ פֿאַרכאַפּן מיט זייער פֿאָלקסטימלעכער ציכטיקייט. איך האָב דערשפּירט פֿון דאָס ניי דעם כּישוף פֿון פּשוטע זאַכן, וואָס ווערן פֿאַרוואַנדלט אין וווּנדער. ס'איז מיר אָנגענעם צו שרײַבן די עטלעכע ווערטער וועגן די איינאַקטערס און באַטאָנען זייער וויכטיקייט. פֿאָלקס גורל איז אין זיי. און זיי זינגען זיך אַרײַן אין אַלע גרעסערע ווערק הירשביינס. דורך זיי האָט הירשביין אויפֿגעעפֿנט דעם פֿאָלקס אוצר און מיט אַ היימישער האַנט אַרויסגעבראַכט חן־געשטאַלטן: די ליבלעכע אַלטעטשקע פֿון „ראַזשינקעס און מאַנדלען", דעם ליכטיקן אורח פֿון „אליהו הנבֿיא", דעם חתונה־חלום אין „פֿראָסט־בלומען" און די פֿאַנטאַסטישע פֿרייד פֿון „אַ זאַווערוכע".

דאָ האָט הירשביין זיך צוזאַמענגעטראָפֿן אויף איין וועג מיט י. ל. פּרצן, אויף דעם וועג פֿון „פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן". אָנ־געקומען זײַנען זיי פֿון פֿאַרשיידענע וועגן, פֿון פֿאַרשײַדענע סבֿיבֿות, מיט גאָר באַזונדערע כּוונות. אָבער דערזען האָבן זיי איינעם און דעם זעלביקן ניט אויסשעפּלעכן קוואַל — דעם פֿאָלקס קוואַל. פּרץ האָט דערזען דעם בינטל האָלץ־טרעגער פֿון „אויב ניט נאָך העכער", די „דרײַ מתּנות", „בײַם חולה צוקאָפּנס„ א"אַ. ער האָט זיי באַדאַרפֿט אַרויסוויקלען, אַרויס־אַנטפּלעקן פֿון אונטער באַהעלטענישן, פֿון אונטער פֿאַרשאָטנ־קייט. פּרצן, זעט אויס, איז עס אָנגעקומען ניט גרינג. ער האָט דורכגעמאַכט טיפֿן געראַנגל מיט זיך, ביז ער האָט דערזען דעם קוואַל אונטער די באַהעלטענישן. הירשביינען, טראַכט איך, איז עס אָנגעקומען לײַכטער. הירשביין האָט דאָך די דאָזיקע וווּנדער־געשטאַלטן, די דאָזיקע טרעגער פֿון פֿאָלקס־גורל, געזען אין זײַן קינדהייט, אין די דאָרפֿישע היימען, אויף די ווײַסע

שליאַכן פֿון אַמאָליקן ווײַס־רוסלאַנד, געזען זיי אַריבערטרעטן די שוועל פֿון זײַן אייגענער אַמאָליקער היים ניט ווײַט פֿון דער מיל, און ער האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך זייערע ווערטלעך און זייער רויִקע זיכערקייט. און ער האָט ניט באַדאַרפֿט קיין סך ראַנגלען זיך מיט זיך כדי צו זאָגן צו זיך אַליין: זע, אָט שפּאַנען זיי דאָך נאָך אַרום לעבעדיק די אורחים און די כישופֿדיקע באָבעס מיט די פֿולע זעק אויף די פּלייצעס, מיט די ליבשאַפֿט־שמייכלען אויף זייערע ליפּן, מיט די ברכות־שטראַלן אין זייערע אויגן. אָט שפּאַ־נען זיי אַרום, און אָט קומען זיי אָן, טרעטן אַריבער די שוועל ניט אָנקלאַפּנדיק אַפֿילו אין טיר, ווײַל סאיז אונדזער אַלעמענס טיר. זיי קומען אַרײַן אין שטוב און זעצן זיך הײמיש בײַם טיש. ס'איז די שטוב פֿון אַלע ייִדן און דער טיש — פֿון אַלע ייִדן. זיי עפֿענען אויף זייערע טאָרבעס, זייערע זעק, און זיי נעמען אַרויס פֿון דאָרט אַלץ, וואָס דאָס האַרץ נאָר געלוסט. זייערע זעק זײַנען אָנגעפֿילט מיט כּל־טוב. זיי זײַנען אַלע שלוחים פֿון אליהו הנבֿיא. זיי זײַנען פֿאַרשטעלטע אליהו הנביאס. און שאַ — אָט איז אליהו הנבֿיא אַליין, בכבֿודו ובעצמו.

ער קומט אָן טומל און טאַראַראַם. ער קומט אַלע מאָל ווען מען דאַרף אים. אַלע מאָל ווען מען וואַרט אויף אים. ווען מען רופֿט אים מיט אַן אמת. ער אַנטוישט קיין מאָל ניט. זײַן האַרץ איז אָנגעלאָדן און איבערגעלאָדן מיט גוטסקייט אַזוי ווי זײַן טאָרבע — מיט מתּנות. זײַן איינציקער ווונטש איז: אויסטיילן פֿון זיך וואָס מער מתּנות צו די, וואָס וואַרטן אויף אים. וואָרום, אַז ער האָט ניט וועמען צו טיילן זײַנע מתּנות ווערט זײַן גוט־האַרץ איבערגעגאָסן פֿון בענקשאַפֿט און עס גייט אים אויס דאָס חיות נאָך מענטשן, נאָך ישובֿ, נאָך אַ שוועל. דאָס איינציקע וואָס ער פֿאַרלאַנגט פֿון מענטשן איז: זיי זאָלן זײַן ערלעך, זיי זאָלן ניט האָבן קיין גרויסע אויגן, קיין ווילדע יצר־הרעס, זיי זאָלן וויסן, אַז מילך פֿון אַן עמער טאָר מען ניט אַרויסגיסן צוליב ווײַן, און קדוש־ווײַן טאָר מען ניט אַרויסגיסן צוליב רענדלעך.

הירשביין ווייס דעם סוד ווי אַזוי צו איבערצייגן אונדז אין

דער גורלדיקער קרובֿהשאַפֿט פֿון אַ פֿרעמדער אַלטינקער, אַ דורכ־גייערין, מיט אַ גאַנצער משפּחה ערגעץ אין אַ דאָרפֿיש שטיבל. ער ווייס דעם סוד ווי אַזוי צו באַשאַפֿן גלײַך אַן אַטמאָספֿערע פֿון פֿולער היימישקייט צווישן די פֿאַרשווינען, אַ שטייגער, פֿון „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען" און דער אַלטינקער אורחטע, וואָס איז אויך בבֿחינת אליהו הנבֿיא. — זי, די אַלטע, ווערט גלײַך ווי אַ מאַמע אין די אויגן פֿון דער פֿאַרבענקטער פֿריידעלע, כאָטש פֿריידעלע זעט זי צום ערשטן מאָל. עס ווערן בטל אַלע מחיצות. דאָס רעאַלע ווערט ניסימדיק און נס ווערט פּשוט און פֿאַרשטענד־לעך. ניטאָ מער קיין פֿרעמדס און קיין אוממעגלעכעס. אויך קראַנקייט און טויט ווערן ליכטיקע אויסשטראַלונגען פֿון אַ גוטן ווילן.

אין אַ קליין אָרעם דאָרפֿיש שטיבל גיט פֿריידעלע אַכטונג אויף איר קראַנקן ברודערל. די מאַמע איז געשטאָרבן. דער טאַטע איז ניטאָ אין שטוב. ער האָט אַוועקגעפֿירט אַ וואָגן האָלץ אין ישוב אַרײַן צום פֿאַרקויפֿן. פֿריידעלע איז טרויעריק. עפֿנט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן אַן אַלטע פֿרוי מיט אַ פּאַק אויף דער פּלייצע. געבויגן. זי קושט די מזוזה. און ווי נאָר זי טרעט אַריבער די שוועל, ווערט זי גלײַך היימיש. שפּרייט גלײַך אויס אַזוינע מאַמעשע פֿליגלען איבער אַלע ווינקעלעך. — מײַן ליכטיקע טאָכטער, זאָגט זי, העלף מיר אַרונטערנעמען דעם פּאַק פֿון פּלייצע. אַ שווער פּעקל. גוטע מענטשן מיר שווער געמאַכט דאָס פּעקל. האָבן מיר צוגעבונדן דאָס פּעקל צו דער פּלייצע. אָנגעשטאָפּט מיט אַלדאָס גוטס און איצטער טראָג זיך מיט אים. — — —

אַזוי זאָגט זי.

איז דאָך עס טאַקע ווונדערלעך. ניט קיין טאָרבע מיט שמאַ־טעס, נאָר אַ פּאַק אָנגעשטאָפּט מיט אַלדאָסגוטס. און ס'איז שווער צו טראָגן אַליין אַזוי פֿיל גוטס. זאָל דאָס גוטס אָנקומען אויך צו אַנדערע. זאָל דער פּאַק ווערן לײַכטער.

און אַז עס קומט אַרײַן אַ יונגערמאַן און דערזעט די אַלטע אורחטע, אויך צום ערשטן מאָל, זאָגט ער: — כ'קאָן שווערן, אַז אײַער פּנים, באָבישע, איז מיר באַקאַנט. זאָגט די אַלטע: — אַ

יידיש פּנים, אין דײַן באָבען גערעטן. אַ צווייטער ייִד, דערבײַ פרעגט: — אַ קרובה מסתמא? זאָגט די אַלטע: — אַוודאי אַ קרובה. און עס פּאַלט אַרײַן מיט אַ מאָל פֿריידעלעס טאַטע מיט אַן אומגליקלעכער בשורה, אַז אין זײַן וואָגן האָט זיך צעבראָכן אַן אַקס, און פֿריידעלע נעמט וויינען, זאָגט די אַלטע: — קיין סכנה נישט, ייִדן וועלן העלפֿן. און דער טאַטע דערזעט טאַקע אַ פֿולע שטוב מיט ייִדן.

און ווען אַלץ איז ווידער אײַנגעשטעלט: בראָכן זײַנען גאַנץ געוואָרן, טרויער איז צעזייט געוואָרן, פֿרייד פֿון אַ כלה איז אויפֿ־געגאַנגען איבער אַלע ווינקעלעך, זאָגט זיך די אַלטינקע: — נו, כ׳וועל שוין גיין. און נעמט זיך קלײַבן אין וועג. פֿאַרוואָרפֿט דאָס פּעקל אויפֿן פּלייצע און גיט זיך אַ זאָג: — געלויבט איז גאָט, אַ ביסל גרינגער געוואָרן דאָס פּעקל.

ווערט אונדז, די לייענער, אויך גוט אויפֿן האַרצן, וואָס דער אַלטינקער אורחטע האָט אָפּגעגאָלטן און זי האָט אָנגעטראָפֿן מענטשן, וועמען זי האָט געקענט אויסטיילן חלקים פֿון איר פֿולן וווּנדער־זאַק, און איר משא גוטסקייט, וואָס זי טראָגט אויף אירע פּלייצעס, איז איר אַ ביסל גרינגער געוואָרן.

ווער עס טראָגט אויף די פּלייצעס משאות מיט שלעכטס, מיט רשעות, ווער עס טראָגט אויף די אַקסלען ביקסן, שווערדן, זעק מיט פּולווער און גיפֿט, טויט־קאַסעס, און ווער — כלו גוטסקייט, לויטער מתּנות, לויטער ברכות און איז גליקלעך די מתּנות אַוועק־צוגעבן צו די, וואָס וואַרטן אויף זיי.

(איך טראַכט דערבײַ, ווי נאַכלעסיק עס זײַנען אונדזערע טעאַטערס און רעזשיסאָרן, וואָס האָבן ביז הײַנט ניט דערזען הירש־ביינס איינאַקטערס און די וווּנדער־מעגלעכקייטן, וואָס זיי פֿאַר־מאָגן אין זיך, ווי עכט יידישע פֿאָלקסטימלעכע פֿאָרשטעלונגען. אָבער צי דען נאָר דאָס האָבן אונדזערע טעאַטערס פֿאַרנאַכלעסיקט? וואָס האָבן זיי דען ניט פֿאַרנאַכלעסיקט?! — — — )

די זעלביקע פֿרייד פֿון אויסטיילן גוטסקייט און וווּנדער פֿילן מיר אויך ביים לייענען דעם איינאַקטער „אליהו הנביא“. מיר דערפֿילן אויך דערבײַ אַ זיסן ציטער, ווען מיר דערזען, ווי די

מענטשן פֿון דעם דאָרפֿסשטיבל, דעם אָרומגערינגלטן מיט ווײַסן זילבערנעם שניי און מיט דער בענקשאַפֿט פֿון שבת־צונאַכט, ווערן אַרומגעכאַפּט מיט דער שטילקייט און גוטסקייט, וואָס דער אורח ווייעט אָן אויף זיי. און ווען דער אורח שיידט זיך אָפּ פֿון זיי און לאָזט זיי איבער אין אַ צושטאַנד פֿון נס און חלום — הייבן זיי אָן זיך צו פּלאָנטערן אין די אייביק־מענטשלעכע שוואַכקייטן ביז זיי פֿאַרפּלאָנטערן זיך ווי קינדער, און כאַפּן זיך מיט אַ מאָל, אַז זיי האָבן אַליין בידים גענומען און פֿאַרשווּעכט דעם נס און דעם חלום, פֿאַרשוועכט און — דער חלום איז אויסגערונען. ניטאָ מער דאָס מילך. ניטאָ מער דער ווײַן. ניטאָ מער די רענדלעך.—

אָבער כאָטש ניטאָ — קלינגט נאָך אַלץ אין די אויערן די רויִקע אמונה־ווערטער פֿון דעם אורח: „קיין בייז, אַז מען גייט צופֿוס, קומט מען גיכער". און „אויפֿן דאָרף זײַנען פֿאַראַן נאָך כשרע ערלעכע ייִדן", און „וואָס הייסט פֿאַר אַן אָרעמאַן בלאָנ־דזשען? ער בלאָנדזשעט, בלאָנדזשעט און געפֿינט אַ ייִדן". — — און איבער אַלעם דעם הערן זיך די חרטה־ווערטער פֿון די חלום־פֿאַרשווּעכער: אויסגעגאָסן דעם ווײַן, האָט מען גאָטס חסד אַרויסגעגאָסן . . .

דערפֿאַר אָבער ווערט אין איינאַקטער „פּראָסט בלומען" דער חלום ניט נאָר ניט פֿאַרשווּעכט, נאָר אויסגעלעבט און דורכגעלעבט אין זײַן פֿולער דערהייבנקייט און ריינקייט. אין איין האַלבער שעה גייט דורך אַ גאַנץ לעבן, געשעענישן לעבן זיך איבער אַ צווייטן מאָל, פֿאַרגאַנגענע דורות גייען אויף, אַוועקגעגאַנגענע קומען צוריק און ס'מזל שפּילט זיך איבער נאָך אַ מאָל. און נאָך אַ מאָל הערן אַלע אויערן ווי כּלי־זמר שפּילן, ווי דער בדחן זינגט, ווי פּיס טאַנצן און ווי מענטשן שרײַען: מזל טובֿ, מזל טובֿ, און איבער זיי אַלעמען אַ גאַר דין־געזאַנג:

שנירעלע פּערל, גילדערנע פֿאָן,
משיח בן דוד זיצט אויבן־אָן. — — —

### י. אָפּאַטאָשו

## דער רויטער ניגון

מיט פּרץ הירשביינען האָב איך זיך באַקאָנט אין דער בראָנקס סוף נײַנצן עלף. ס׳איז געווען ערגעץ אויף הונדערט פֿינף און זיבעציקסטער גאַס. אַ גרויס צימער. גאַרדינען אַרום די פֿענצטער, פּאָרטיערן אַרום די טירן. אויף דער וואַנט — אַ טיראָלער יעגער מיט אַ יאַגהונט. אויפֿן שרײַבטיש — פֿרישע רויזן און לאַנגע זײַטלעך פֿליס־פּאַפּיר, באַשריבן מיט אַ דינעם, צעפֿלויגענעם כּתבֿ, ענלעך אויפֿן פֿיליגרין געפֿלעכט פֿון הירשביינס האָר.

ס׳איז געווען פֿאַרנאַכט. אין דרויסן האָט די זון זיך געהאַלטן אין זעצן. בײַ דער פּיאַנע איז געזעסן הירשביין און האָט אימ־פּראָוויזירט. פּלייצעס — גלײַכע. האָר — בלאָנדע, צעפּאַטעלטע, זײַנען געפֿאַלן איבערן שטערן, איבער די שלייפֿן.

אַ וואַרעם שטיק ליכט, ווי ברוינער האָניק, איז אַ פֿאַל געטאָן דורכן אָפֿענעם פֿענצטער. דאָס שטיק ליכט האָט אויף אַ רגע זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין הירשביינס האָר. זײַן פּראָפֿיל, ווי דער פּראָפֿיל פֿון אַ יונגן אָדלער, איז געוואָרן דיק, איז געוואָרן שאַרף ווי אַ קלינג. באַלד האָט ס׳ליכט זיך אויסגעלאָשן און אין צימער איז געוואָרן טונקעלער. הירשביין האָט געשפּילט מיט צוויי פֿינגער. איך האָב זיך טיפֿער אַרײַנגערוקט אינעם פֿאָטעל, ווו כ׳בין גע־זעסן, און כ׳האָב פֿאַרמאַכט די אויגן.

אומזעבאַרע פֿעדים האָבן זיך פֿון ערגעץ־ווו גענומען ציען, גענומען ציטערן און דערציילן, אַז עטלעכע שפּאַן פֿון מיר זיצט דער מחבר פֿון „איינזאַמע וועלטן", פֿון „קבֿרים בלומען", פֿון „דעמערונג".

און ווו איז געווען דער מחבר פֿון דער „נבֿלה", פֿון דער „פּוסטע קרעטשמע"?

הירשביינען פֿון דער „פּוסטע קרעטשמע״ — אגב, איינע פֿון די בעסטע דראַמעס אין יידיש — האָב איך אַ לאַנגע צייט נישט געקענט אויפֿכאַפּן. ביי זיך אין צימער, צווישן באַקאַנטע — פֿאַר מיר איז הירשביין געווען צו אויסטערליש. זיין אויסזען, זיין הילוך, זיין ריידן — צו סטיליזירט. איך האָב אין אים געזוכט דאָס שטעטל קלעשטשעל, געזוכט ליפּעס מיל, געזוכט ווערטער, וואָס שמעקן מיט פֿריש ראָזעווע ברויט, מיט זשאַבע גראָז, מיט בהמה־מיסט, מיט יונג־מויד. ערשט חדשים שפּעטער, ווען כ׳האָב זיך מיט הירשביינען אַוועקגעלאָזט אין די פּרימאָרגנס אויף לאַנגע שפּאַצירן, דאָ אין דזשעראָם וועלדל, דאָ אויף די בערג, ווו ס׳ציט זיך היינט דער „גרענד קאָנקאָרס״, ערשט יעמאָלט האָב איך דער־זען פֿאַר זיך, ריכטיקער דערשפּירט, דעם הירשביין פֿון דער „פּוסטע קרעטשמע״, פֿון די שפּעטערע איינאַקטערס, פֿון זיינע „קינדער־יאָרן״ און אַפֿילו פֿונעם ראָמאַן „רויטע פֿעלדער״.

יענע יאָרן בין איך געווען אַ שפּרייזער. נישט אומזיסט זיינען די ווערטער „שפּרייזן״ און „שפּאַנען״ אַזוי באַליבט ביי מיר. דאָס שפּרייזן האָט איין גרויסע מעלה. ווי דער מוח זאָל זיך נישט הייבן איבער די וואָלקנס בשעת מען שפּאַנט, האַלטן זיך די פֿיס אויף דער ערד, דערמאָנענדיק, אַז מען טאָר נישט פֿאַרלירן ס׳גלייכ־געוויכט. נישט בלויז דער מוח דאַרף אַרבעטן, אַלע רמ״ח אבֿרים דאַרפֿן זיך באַוועגן, נאָר יעמאָלט וועקט זיך אינעם מענטשן אַ נייע מחשבֿה, אַ נייער רעיון. אין דעם ליגט דער סוד פֿון „כּל עצמותי תּאמרנה״.

די געגנט, ווו הירשביין און איך האָבן געשפּאַצירט, איז געווען אַ דייטשישע. ס׳איז געווען אַ צענדליק יאָרן ווי די דייטשן האָבן געהאַט אַרויסגעשטופּט די שאָטלענדער, די פּיאָנערן, וואָס האָבן זיך געהאַט פֿאַרקליבן אַהער אין די זעכציקער און די זיבעציקער, פֿון נייננצנטן יאָרהונדערט.

די שאָטלענדער האָבן געהאַקט פֿאָסן וואַלד, אויפֿגעשטעלט צוויי־גאָרנדיקע הילצערנע שטיבלעך מיט ברייטע ווערענדעס, מיט שאָטלענדישע אויוונס. און פֿון אַ ווילדערניש איז געוואָרן אַ יישוב, אַ שטילער פֿאַרוואָרפֿענער יישוב. יעדער איינוווינער

האָט זיך געהאַט זײַן קו, זײַן פֿערד און וועגעלע, זײַן הונט. פֿרילינג, זומער ביז אַ שטיק אין האַרבסט אַרײַן, האָט ס׳יונגוואַרג געטריבן די קי אויף די לאָנקעס, ווו ס׳איז הײַנט טרימאָנט עוועניו, דזשעראָם עוועניו, און גרענד־קאָנקאָרס.

מיט דער צײַט איז דאָ און דאָרט אויסגעוואַקסן אַ דײַטשישע ברויערײַ מיט אַ ריזיקן קוימען, וואָס האָט טאָג און נאַכט גע־וואָרפֿן רויך.

פֿון די ברויערײַען, ווי פֿון פֿעסטונגען, האָבן די דײַטשן גע־שטורעמט די געגנט, אויפֿגעשטעלט דאָ אַ סאַלון, דאָרט אַ טרינק־שטוב און אין פֿופֿצן יאָר צײַט איז אין דער גאַנצער געגנט קיין איין שאָטלענדער נישט געבליבן.

די דײַטשן האָבן די צעוואָרפֿענע שטיבלעך איבערגעבויט. איבער די וועראַנדעס — הילצערנע באַלקאָנען, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אויף געשניצטע קאָלאָנעס, באַפּוצט מיט געזימסן, מיט געזימסלעך. ווו אַ ליידיק שטיקל פּלאַץ — אומעטום יונגע אויבס־ביימער, בלומען און פֿלאַנצן. אַ שטיק דײַטשלאַנד האָט מען אַריבערגעפּעקלט אין דער בראָנקס, עס אײַנגעפֿונדעוועט מיט שטיין, מיט ציגל, עס באַפּעסטיקט און פֿאַרוואָרצלט מיט דײַטשי־שער מוזיק, מיט דײַטשישן פֿאָלקסליד און ס׳האָט אויסגעזען, אַז קיין שטורעם וועט דעם קליינעם יישובֿ נישט אַרויסרײַסן.

ייִדן האָבן געשטורעמט די דײַטשישע פֿעסטונג. זיי זײַנען אָנגעקומען פֿון דער „איסט־סײַד״, פֿון מאַנהעטן. די מלחמה האָט אָנגעהאַלטן יאָרן. יעדעס דײַטשישע שטיבל — אַ פֿעסטונג, ווו ס׳איז געווען אַ געפּאַר פֿאַר אַ ייִד דורכצוגיין. אויף יעדער ווערענדע — הילכיקע צערייצטע הינט ווי וועלף. די בלויע דײַטשישע אויגן זײַנען גרין געוואָרן פֿון שנאה צום ייִד.

ייִדן אָבער האָבן זיך גערוקט אַלץ העכער און העכער. די אַלטע פּריוואַטע שטיבלעך האָט מען אײַנגעלייגט. גאַנצע טעג האָט דינאַמיט געריסן שט״ינערנע בערג. שטאָלענע עגבערס האָבן מיט אַ קלאַפּערײַ זיך געביסן אין קיזל־שטיין, שלעפּ־מאַשינען האָבן געברעוועט און אין דעם שטילן אַרום האָט אויסגעבראָכן אַ גהינום. און פֿון דעם גהינום האָט זיך אויסגעשמידט און אויסגעהאַמערט

די שענסטע געגנט אין דער בראָנקס — דער גרענד־קאָנקאָרס.

דאָ, אין די בערג, אויף אונדזערע לאַנגע שפּאַצירן, האָב איך דערזען הירשביינען פֿון קלעשטשעל. ס׳איז גענוג געווען ער זאָל זיך צורירן צו אַ שטיינדל, צו אַ שטיקל ערד, צו אַ פֿלאַנץ, צו אַ פֿליגעלע — ביי אים אויף דער האַנטפֿלאַך האָט אַלץ באַקומען אַן אַנדער אויסזען, אַלץ האָט אויפֿגעלעבט, אַלץ איז געוואָרן חבר מיט הירשביינען. יעדעס שטיקל דומם מיט זיין ריח, מיט זיין ניגון.

און ס׳איז אַ גרויסע פֿרייד ווען מען איז חבר מיט דער ערד און מיט אירע פֿלאַנצן, מען איז חבר מיט די באַשעפֿענישן וואָס אויף דער ערד.

און דאָס איז הירשביין. און דאָס זיינען זיינע „קינדער יאָרן”. ס׳איז אַ מענטשלעך בוך. מען לייענט און מען לעבט איבער צוזאַמען מיט הירשביינען דעם פֿרילינג־אומרו, די זומער־פֿרייד, דעם האַרבסט־שרעק און די ווינטער־נויט. ס׳איז אַ שטיל געזאַנג וועגן לאַנקעס, וועגן טייכן, וועגן מענטשלעכער פּראַצע, אַ געזאַנג וועגן מענטש, פֿלאַנץ און ערד — ס׳געזאַנג וועגן שרהלעס וויג און וועגן דעם הונדערט יאָריקן זיידעס אייביקן שלאָף. ס׳איז דעם זיידעס „ראַבער ניגון”, וואָס ציט זיך פֿון וויג ביזן קבר, דאָס אייביקע און אומפֿאַרמיידלעכע אינעם מענטש.

און דער „ראַבער ניגון” ווערט אין די „רויטע פֿעלדער” פֿאַרוואַנדלט אינעם זיידעס „רויטן ניגון”.

און ווי שווער ס׳איז ס׳לעבן פֿון יעדן פּיאָנער, פּונקט אַזוי שווער איז אַנצושרייבן אַ ראָמאַן וועגן פּיאָנער. ווען רעימאָנט האָט אָנגעשריבן „כלאָפּי”, האָט ער געהאַט אַ פּויערים־טראַדיציע פֿון איבער טויזנט יאָר. אַרבעט איז ביים פּויער נישט קיין קללה. ס׳איז אַ פּריווילעגיע, ס׳איז אַ ברכה. און אַז באַרינאַ צעשרייט זיך — „Kopta no, ludzie, kopta” — (קאָפּעט נאָר, מענטשן, מיט די מאָטיקעס, קאָפּעט), איז דאָס נישט קיין באַפֿעל. דאָס איז דער לייט־מאָטיוו, דאָס איז ס׳געזאַנג, וואָס גייט דורך איבערן גאַנצן ראָמאַן רעימאָנטס.

וואָס פֿאַראַ מענטשן־מאַטעריאַל האָט הירשביין געהאַט, ווען ער האָט זיך גענומען פֿאַר די „רויטע פֿעלדער” ?

נעכטיקע הענדלער, צעוויטיקטע, דערשלאָגענע, וואָס מען האָט אויסגעריסן פֿונעם שטעטל און איבערגעוואָלד אַריבערגע־פּעקלט קיין קרים, קיין כערסאָן.

פֿון דעם מאַטעריאַל האָט הירשביין געשאַפֿן די „רויטע פֿעל־דער". און בײַ אַלע חסרונות — דער ראָמאַן האָט חסרונות — האָט הירשביין געגעבן לאַנען, וואָס קויפֿט אויס די חסרונות.

לאַנע וואַקסט אָפּט אויס נישט בלויז אין אַ קינסטלערישן סימבאָל, נאָר אין אַ מיטאָלאָגיש געשטאַלט. לאַנע — פּראַצע, גערעכטיקייט, רעוואָלוציע — די לאַנע טוט אָפּט אַ בלאָז אויף אונדז מיט אור־אַלטע צײַטן, מיט מאַטריאַרכאַט, ווען די פּרוי האָט געהערשט איבערן מאַן.

מערקווירדיק, מענער קושן דאָך לאַנען נישט. זי קושט מענער. און מען נעמט נישט לאַנען פֿאַר קיין ווײַב. זי נעמט זיך אַ מאַן, פֿאָרט אַרויס מיט אים איבער די קרימער פֿעלדער אין אַן אָקסן־געשפּאַן פֿאָרט אַקערן. לאַנע ווערט דער סינאָנים פֿון שפּײַזער, פֿון דער מאַמע ערד. זי טראָגט אין זיך דעם ייִדעס „רויטן ניגון", הירשביינס ניגון פֿון קלעשטשעל, פֿון הינטער „ליפּעס מיל".

ווערט מען געבוירן מיט אַזאַ ניגון, טראָגט מען זיך מיט אים שוין אַרום ס׳גאַנצע לעבן.

ווייל איז הירשביינען, וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט אַ ניגון.

מנחם באָריישאָ

# ווי איך האָב געזען הירשביינען

פּרץ הירשביינען געדענק איך קנאַפּע פֿערציק יאָר. און אַז איך וויל אָנכאַפּן דעם שליסל צום מענטשן, זע איך — גאַנצקייט. גאַנצקייט אין זיך. אַנדערע אַרבעטן אַ לעבן אויפֿצובויען אין זיך די גאַנצקייט. פּרץ הירשביין בײַ דער מיל אין טאַטנס הויז איז מיט איר געבוירן געוואָרן. פֿון איר — זײַן גרויסע פּשטות און זעלטענע ציכטיקייט. פֿון איר — זײַן גוטע חבֿרשאַפֿט און דאָס קענען געבן פֿון זיך. פֿון איר — די כמעט־אומבאַמערקטע מחיצה, וואָס ער האַלט אויף צווישן זיך און מענטשן, ווי נאָענט ער זאָל מיט זיי נישט ווערן. פֿון איר די פֿייַקייט אויפֿצוהאַלטן און אַרומצוטראָגן אַ געשטאַלט — די געשטאַלט הירשביין — אין אַלע וואַנדערונגען און פֿאַרוואַנדלונגען, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען.

אָט די געשטאַלט איז געווען דאָס ערשטע, וואָס כ׳האָב דער־זען מיט קנאַפּע פֿערציק יאָר צוריק. געקומען אַ יינגל צו גאַסט צו מײַן ברודער אין וואַרשע. דער ברודער, אבֿרהם גאָלדבערג און שמואל טשערנאָוויטש (ספֿוג) — ביידע שוין אויפֿן עולם האמת — זײַנען געווען מיטאַרבעטער אין „הצפֿירה" און נאָענטע שכנים. בין איך איינמאָל אַן אָוונט אַרויפֿגעפֿירט געוואָרן צו טשערנאָוויטשן אין הויז און דאָרט געטראָפֿן הירשביינען. דער אָוונט איז אַריבער אין טשאַד פֿון אַ יינגל, וואָס פֿאַרמעסט זיך אַליין צו שרײַבן לידער און באַגעגנט זיך מיט אמתע שרײַבער. האָב איך פֿון הירשביינען, דעם גלײַכן, דינעם, מיטן קאָפּ האָר, אַ גאַנצן אָוונט קיין אויג נישט אָפּגעטאָן און געבליבן איז מיר פֿון יענעם אָוונט אין זיכרון בלויז אַ געשטאַלט.

ווײַטער גייען בילדער, אין וועלכע הירשביין איז דער צוגע־לאָזטער, נאָענטער, חבֿרשער, אָבער מיט אַ מחיצה.

אַ צימער אין אַן אַכסניה אויף נאָוואָליפּיע, ווו עס וווינט א. מ. ווײַסנבערג. דאָס צימער איז שמאָל, כּמעט אין גאַנצן פֿאַר־נומען פֿון בעטל. אין אָט דעם צימער פֿאַרמעסטן זיך צוויי גבֿירים — דער קורצער געפּאַקטער ווײַסנבערג און דער הויכער דינער הירשביין — אויף אַ גראַנגל. מען „באַרעט" זיך — ווער וועמען וועט אַוועקלייגן — און עס בלײַבט „רעמי". דער־פֿאַר קען הירשביין באַווײַזן אַן אַנדער קונץ. צוריקגעבראַכט די געשטאַלט אין אָרדנונג נאָכן גראַנגל, זעצט ער זיך, נעמט אַ קאָ־פּיקע צווישן צוויי פֿינגער און צעבייגט זי. דאָס קען נישט ווײַסנבערג. די צעבויגענע קאָפּיקע בלײַבט בײַ מיר אַ סך יאָרן — אַ מתּנה פֿון הירשביינען.

אַן אַנדער צימער. כּמעט אַ קעלער־צימער מיט אַן אַספֿאַל־טענעם דיל און אַ פֿענצטער, וואָס הייבט זיך אַרויס פֿון די שטיי־נער פֿון הויף כלאָדנע 8. דאָס איז די ביוראָ פֿון דער ייִדישער טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַניזאַציע. יעדן נאָכמיטאָג קומט אַ ייִד מיט געדיכטע פֿאַרדרייטע וואָנצעס, שרײַבט לאַנגע דײַטשע בריוו צו ישׂראל זאַנגווילן און לאַנגע רוסישע צירקולאַרן צו די מורשים. איך בין דער סעקרעטאַר פֿון ביוראָ. שלאָף איך דאָרט אויף אַ לײַוונטן בעטל, און ווען איך דאַרף נישט העקטאָגראַפֿירן די לאַנגע צירקולאַרן צו די מורשים, שרײַב איך. וואָס איך שרײַב איז דער־שלאָגן און חושכדיק. קומט הירשביין, און איך לייען אים פֿאָר. ער הערט געדולדיק און איך זע, אַז ער האָט נישט קײַן הנאָה. אַז איך ווער פֿאַרטיק, זאָגט ער:

— אַז מען וווינט נישט אין אַזאַ פֿינצטערן צימער, שרײַבט מען נישט אַזעלכע פֿינצטערע זאַכן.

דאָס וואָרט האָקט זיך אַרײַן ווי אַ קלין אין מח. וואָס איך געדענק פֿון יענעם מאַנוסקריפּט זײַנען בלויז די לאַנגע בויגנס פּאַפּיר, וואָס איך האָב גענוצט פֿאַר די צירקולאַרן צו די טעריטאָ־ריאַליסטישע מורשים. דעם אינהאַלט פֿון מאַנוסקריפּט האָט הירשביין מיט איין זאָג אַרויסגעקלאַפּט.

נאָך אַ בילד. מיר גייען שפּאַצירן אין זאַקסישן גאָרטן. פֿון איין זײַט הירשביין, פֿון דער צווייטער זײַט איך, און אין מיטן —

נידריקער פֿון אונדזביידן — פּרץ. דאָס האָב איך, דער בריסקער, זיי אַרויפֿגעבראַכט אויף דער טעמע: בריסק. הירשביין דער־ציילט, ווי ער איז געפֿאָרן לערנען קײַן בריסק און איז געשלאָפֿן אויף דער טרוקענער באַנק אין ליסקער בית־המדרש. איך האָב אויך עפּעס צו זאָגן וועגן מײַן היימשטאָט. אין מיטן פֿאַרקי־רעוועט פּרץ דעם שמועס אין אַן אַנדער זײַט. ער טוט עס מיט אַ כיוון, כּדי ער זאָל קענען אַ זאָג טאָן:

— הירשביין וועט מיר קיין מאָל קיין שׂונא נישט זײַן, ווײַל ער איז מיר קיין מאָל קײַן תּלמיד נישט געווען.

דער פּזמון איז מיר באַקאַנט. איך האָב געהערט וועגן די „שׂונאים“ מיט אַ קורצער צײַט פֿאַר דעם, ווען נאָמבערג האָט אים מיט עפּעס פֿאַרטשעפּעט. איצט איז עס געצילט אין מיר. עפּעס זײַנען מיר נישט דורכגעקומען וועגן האָנאָראָר פֿאַרן פּראָג־מענט „שלמה“, וואָס ער האָט געדרוקט אין זאַמלבוך „יִדיש“, האָט ער מיך פֿאַרמסרט פֿאַר אַשן (אַש האָט עס מיר שפּעטער אויסגערעדט), און איצט, מיר אין די אויגן, פֿאַר הירשביינען. ווען הירשביין איז נישט דערבײַ, וואָלט איך זיך אָנגעצונדן ווי אַ פֿאַרליבטער, אין וועמענס ליבע מען צווייפֿלט. אָבער הירשביין, אויף זײַן געלאַסענעם אופֿן, מאַכט צונישט די טענה, און צו אים הערט זיך פּרץ צו. ער איז בײַ פּרצן אַ בן־בית׳מער ווי אַלע. אַלע אַנדערע זײַנען בלויז אַרײַנגייער. הירשביין האָט אַ געלעגער אויף דער סאָראָטענער קאַנאַפּע אין פּרצס קאַבינעט אין אויפֿנעם־צימער, דער קאַנאַפּע, אויף וועלכער פּרץ אַליין דרימלט יעדן נאָכמיטאָג. ער, דער ליטוואַק, האָט אויסגענומען בײַם פּוילישן הויז: בײַ דער פּריצישער מאַדאַם פּרץ, בײַ דער ברייטער גויע, דער דינסט, וואָס באַלעבאַטעוועט איבערן הויז און איבער פּרצן, און ער האָט אויך באַוויזן זיך צונויפֿצוחבֿרן מיט לוציאַנען, פּרצס זון, וואָס וווינט אין אַ צווייטן צימער און האַלט זיך ווײַט און אָפּגעפֿרעמדט פֿון פֿאָטער. וואָס האָט צונויפֿגעבונדן די צוויי, אין תּוך ווײַטע מענטשן? איז עס דער דזשענטלמען /אין הירש־ביינען, וואָס אימפּאָנירט לוציאַנען מיט זײַנע בייגונגען צו ענגליש־קייט? איז עס די נאַטירלעכקייט און פּשטות אין אים, וואָס האָט

דאָס גאַנצע הויז איינגענומען? ווי עס זאָל נישט זיין, איז הירש־ביין געוואָרן אויך אַ בריק צווישן פֿאָטער און זון, און מיר אַלע זענען דעם אָפּשיי און וואַרימקייט וואָס פּרץ פֿילט צו אים. הערט ער אים אויס, און אַז הירשביין איז מבטל די „שנאה" פֿון די תּלמידים, פֿאַרשעמט ער זיך און פֿאַרגעסט וועגן דעם.

ווען הירשביין קומט נאָך אַ מאָל קיין וואַרשע — דאָס מאָל מיט זיין טרופּע — בין איך אַ סאָלדאַט און האָב האַרצווייטיק. איך וואָלט געקענט אָפּצאָלן הירשביינען אַ חוב, וואָס איך בין אים שולדיק. איין מאָל איז קיין בריסק געקומען אַ יידישע טרופּע מיטן גאָרדין־רעפּערטואַר. עס איז געווען פֿאַר מיר אַן אַנט־פּלעקונג און איך האָב וועגן די פֿאָרשטעלונגען אָנגעשריבן אַ רעצענזיע פֿאַרן וואַרשעווער „הײַנט". אין אַט דער רעצענזיע האָב איך פֿאַרבײַגייענדיק פֿאַרטשעפּעט הירשביינען: אַוועק־געשטעלט גאָרדינס רעאַליסטישע פּיעסע קעגן הירשביינס מעטער־לינקישע. עס האָט מיך דערנאָך באַנג געטאָן. האָב יאָרן דערנאָך געשריבן טעאַטער־רעצענזיעס אין „הײַנט" און וואָלט געקענט איצט, ווען הירשביין איז דאָ מיט זיין טרופּע, אויסקויפֿן מיין חטא. בין איך אָבער געווען אַ סאָלדאַט און נישט זוכה געווען די טרופּע צו זען. ווען איך האָב זיך באַפֿרײַט, איז שוין הירשביין אַוועק אויף זיינע וואַנדערונגען איבער דער וועלט. די ערשטע באַגעגעניש נאָכדעם איז געווען — די בראָנקס.

מיט דער בראָנקס און איסט־בראָדוויי ענדיקט זיך דאָס „געווען" און עס הייבט זיך אָן דער „איז". וועגן „איז" מעמור־אַריזירט מען נישט. אָבער צוויי מאָמענטן פֿון די 25 יאָר וויל איך דאָך פֿאַרצייכענען.

אַ חודש נאָך מיין אָנקומען אַהער האָב איך זיך געדאַרפֿט פֿאַרנויגן פֿאַרן אַמעריקאַנער עולם. עס האָט געהייסן — אַ קבלת פּנים. איך האָב געדאַרפֿט פֿאַרלייענען און אויך — האַלטן אַ דרשה. אוף וויפֿיל איך בין געווען אַ מאַדים אויף פֿאַרלייענען, איז מיטן ענין דרשות האַלטן בן איך גאַר נישט געווען אין דער היים. בין איין מאָל געניזוקט געוואָרן אין וואַרשעווער „הזמיר" ווען איך האָב געדאַרפֿט האַלטן אַ רעפֿעראַט און די בינע האָט



זיצן (פֿון לינקס): 1. י. בערשאַדסקי. 2. מ. קאַבאַק. 3. בערטע טשערנאָוויץ.
4. טשערנאָוויץ. 5. פּרץ הירשביין.
שטייען: 6. י. ד. בערקאָוויטש, און 7. ערנעסטינע ראַבינאָוויטש (שלום־עליכם)
ווילנע, 1905



פּרץ הירשביין (שטייט). זיצן (ערשטע ריי פֿון רעכטס): יאַשאַ ראָזענבוים,
שׂרה הירשביין. 2טע ריי: י. ד. בערקאָוויטש, סאָניע עלמית. ווילנע, 1913

ביי מיר אָפּגענומען ס׳לשון. וויפּיל נאָמבערג, דער פאָרזיצער, האָט מיך נישט געפּורקעט, איז עס נישט געגאַנגען. פאַרן ערשטן אויפטריט אין ניו־יאָרק האָב איך מורא געהאַט און זיך פאַר־טרויט הירשביינען. האָט ער מיר געעצהט אָנצושרייבן די דרשה און זי אויסחזרן אויף אויסווייניק. איך האָב געפאָלגט. און אָט איז געקומען דער זונטיק נאָך מיטאָג און איך, אין אַ שוואַרצן וואַרשעווער אַנצוג, מיט אַן אײַנגעחזרטער דרשה אין קאָפּ, בין גרייט צו גיין. אין הויז ווו איך וווין, אויפן זעלביקן שטאָק, וווינט י. י. שוואַרץ און בײַ אים אין אַ צימער י. אָפּאַטאָשו. דאַכט זיך — פאַראַן מיט ווען צו פאָרן אין „פאָרווערטס״־האָל. און מיט אַ מאָל שטעלט זיך אַרײַן הירשביין. געהייסן האָט עס — ער איז גלאַט אַרויפגעקומען צו די שוואַרצס ווי אַלע מאָל, איז ער אַריינגעקומען זאָגן אויך מיר, אַז מיר וועלן פאָרן צוזאַמען. אָבער אין דעם אופן ווי ער באַטראַכט מיך און טאַפּט בײַ מיר דעם דופּק מיט די אויגן, פיל איך, אַז ער איז נישט געקומען גלאַט אַזוי. דאָס האָט ער, אַן עלטערער חבר פון דער היים — ער איז דאָך גאַנצע אַכט יאָר עלטער פון מיר — געהאַלטן פאַר זײַן חוב צו קומען אַכטונג געבן, אַז אַלץ זאָל גיין כשורה מיטן חתן־בחור. און אויך זײַן בײַ מײַן זײַט ביז דער נסיון וועט אַריבער. טאַקע נישט געווען קיין תלמיד בײַם רבין, אָבער פאָרט . . .

דאָס צווייטע, וואָס איך קען נישט פאַרגעסן, איז אַ באַגע־געניש אין קענזעס סיטי. איך האָב אָפּגעוווינט אַ יאָר אין שיקאַגאָ, אָפּגעריסן פון חברים, און כמעט ווי אָנגעשריבן אַ בוך. אַ גאַנץ יאָר, אַ גאַנץ בוך און כאָטש ווער צעזעצט — נישטאָ פאַר ווען אַ שורה איבערצולייענען און ספקות דלובען. דאָס בוך איז גע־בויט אויף אַן עקספּערימענט: מאַכן פון ייִדישקײַט נישט אַ כלל־ישׂראל ענין, נאָר די יחידישע איבערלעבונג און דראַמע פון דור. קום איך מיטן מאַנוסקריפּט קיין קענזעס סיטי — דאָרט האָט גע־וווינט מײַן ברודער און דערוויס זיך: הירשביין איז אין שטאָט. איך טרעף זיך מיט אים און דערצייל אים: איך חלש איבערלייענען אַ בוך. אַ בוך? — זאָגט ער, — גוט! און ער באַשליסט: צו מײַן ברו־דער אין הויז טויג נישט. בײַ אים אין צימער — אויך נישט.

עס איז אָנגעשטעלט מיט זײַנע מאַלערײַען וואָס ער מאָלט אין וואַסער־פֿאַרב. ווען מיר דינגען אַ צימער אין אַ האָטעל און זיך אָוועקזעצן אויף אַ טאָג לייענען. אַזוי האָבן מיר אויף מאָרגן פֿאַרבראַכט דעם טאָג: מיט די רעקלעך אַרונטער, אין הוילע אַרבל, מיט אַ גאַנשער וואַסער און גלעזער אויפֿן טיש. אין תּוך האָט יענער טאָג דעם סדר העולם נישט געענדערט. שרײַבער האָבן אַלע מאָל פֿאַר שרײַבער געלייענט און וועלן עס ווײַטער טאָן. אָבער די חכמה פֿון לעבן שיין, וואָס איז אַ טייל פֿון הירש־ביינען, איז די חכמה פֿון קענען אינסצענירן די דראַמאַטישע מאָ־מענטן פֿון דער טאָג־טעגלעכקייט. עס איז געווען „דראַמע״ אין דער באַגעגעניש פֿון צוויי ייִדישע שרײַבער אין דער גרויסער שטאָט בײַם גרענעץ פֿון דער אַמעריקאַנער פּרעירי, און אין צי־מער פֿון האָטעל אין קענזעס סיטי איבער אַ בוך מיט ייִדישע פֿערזן איז די „דראַמע״ אויסגעלעבט געוואָרן ביזן דעק.

עד כּאן „מעמואַרן״.

* * *

אַ מענטש קען זען די „ראַקי מאַונטעינס״ און די הימאַלאַיען, לעבן בײַם האָדסאָן און בײַם גאַנגעס, מיט ייִדישע קאָלאָניסטן אין אַרגענטינע און אין קרים, אָבער אַז דער שרש זײַנער איז אין אַ לאַנדשאַפֿט און אַ סבֿיבֿה אַרום אַ מיל אין אַ קליין ליטוויש שטעטל, וועט יענע לאַנדשאַפֿט מיטן וואַסער און דיביימער און דער שטוב בלײַבן די היים, צו וועלכער דער מענטש וועט כּסדר צוריקקומען. ווײַל זי איז שטענדיק אין אים און ער טראָגט זי מיט זיך אומעטום וווּ ער גייט. ווײַל זי איז זײַן גאַנצקײַט. און אַרום דעם אמת פֿון יענער לאַנדשאַפֿט און סבֿיבֿה דרייט זיך זײַן לעבן, אַזוי ווי די ערד דרייט זיך אַרום איר אַקס.

דראַמעס שטאָטישע, סימבאָלישע. לירישע לידער אין פּראָזע. און אַ קער צוריק צו די היימישע „גרינע פֿעלדער״, צום „פֿאַר־וואָרפֿן ווינקל״. בענד מיט רײַזע־בילדער, באַשרײַבונגען פֿון אַלע עקן וועלט, און ווידער אַ קער אַהין, צום ישובֿניק, צו וועמען אליהו הנבֿיא קומט מיטן אוצר. ווידער וואַנדערונגען, גרויסע ראָמאַנען

און נאָך אַ מאָל אַ קער אַהין, צו דער פֿאַרוואָרצלטקייט און לוי־טערקייט פֿון די „קינדער־יאָרן". דאָרט איז שרש.

אָט דעם שרש האָט הירשביין געבראַכט אין ייִדישן טעאַטער. דאָס וואָס פֿאַרן מאָסקווער קונסט־טעאַטער איז געווען טשעכאָוו מיטן „קאַרשן־גאָרטן", מיטן „פֿעטער וואַניאַ", די „דרײַ שוועס־טער", איז פֿאַרן ייִדישן קונסט־טעאַטער געווען הירשביין מיטן „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל", דעם „שמידס טעכטער", די „גרינע פֿעל־דער", דער „פּוסטער קרעטשמע". יענער איז געקומען מיטן אומעט פֿון פֿאַרגייענדיקן רוסישן פּריצימטום און פֿון דער פֿאַר־לאָרענער אינטעליגענציע — דעם אומעט וואָס איז געווען דאָס נאַטירלעך געמיט פֿון די אינטעליגענטן, וועלכע האָבן דאָס טע־אַטער צוזאַמענגעשטעלט. הירשביין איז געקומען מיט דער פּראָסטקייט, ריינקייט און פֿרומקייט פֿון פֿאַרערדישטן ייִדישן פֿאָלקס־מענטש און האָט סײַ אין עולם, סײַ אין אַקטיאָר, אָנגע־שלאָגן אויף אַ באַהאַלטענעם גילדענעם אָדער. און פּונקט ווי יענער האָט געבראַכט יום־טובֿ און געשאַפֿן עפּאָכע אין רוסישן טע־אַטער, אַזוי האָט עס געטאָן הירשביין מיטן ייִדישן טעאַטער.

יעדע קונסט קען זיך אַראָפּלאָזן צו זנות און דערהייבן צו קדושה, און טעאַטער — מער ווי אַלע. אויף די גאָר־נידעריקע מדרגות ווערט כּמעט ווי אָפּגעווישט די גרענעץ צווישן טעאַטער און זנות־הײַזל. אויף די הויכע מדרגות ווערט דאָס טעאַטער אַ בית־תּפֿילה און די פֿאָרשטעלונג — אַן עבֿודה פֿון כּהנים. אונדזער ייִדיש טעאַטער איז נאָר אין זעלטענע פֿאַלן דערגאַנגען צו דער קדושה פֿון דער הויכער מדרגה און זעלטן ווען דערגרייכט דעם דעק פֿון דער נידעריקסטער מדרגה. עס האָט זיך געוויגט אין מיטן. אויף די זעלביקע בינע־ברעטער אין דער זעלביקער האַלבער שעה האָבן אַקטיאָרן געשפּריצט מיט אומצוכט פֿון אומ־ריינע מײַלער און געטאַנצט מיט דער „תּורהלע". און זייער אָפּט איז עס געווען נישט קיין געשטוקעוועטער צוזאַמענשטעל, נאָר אַ נאַטירלעכער. ביידע עלעמענטן האָבן זיך נאַטירלעך געפּאָרט אין די מענטשן סײַ אויף דער בינע, סײַ אין פּובליקום.

עס איז דאָ אַ סך צו דערציילן וועגן דעם. פֿאַר מיר אַליין

ווערט דער עטישער אויפשטײַג פון טעאַטער סימבאָליזירט אין דער געשטאַלט פון אַ פרוי, אַן אַקטריסע, וועלכע איך האָב געקענט מיט אַ יאָר דרײַסיק צוריק. דאָס איז געווען די צײַט, ווען צווישן ייִדישע אַקטיאָרן האָבן זיך גענומען באַווײַזן אינטעליגענטן — פון דער ישיבה פון דער עקסטערן־באַנק און פון דער פרויען־גימנאַזיע. ביז דעמאָלט איז דער מין נישט געווען — אַקטיאָרן זײַנען רעקרוטירט געוואָרן פון „פאָלק". יענע פרוי איז אויך געווען ווײַט פון אינטעליגענטישקײַט. וואָס עס האָט געצויגן צו איר איז געווען אַ פערזענלעכע דראַמע, וואָס זי האָט אָפן פאַר אַלעמען דורכגעטראָגן מיט זעלטענעם פרומען יאוש און אויסשטראַלונג פון גוטסקײַט. אָבער דאָס קול איז בײַ איר געווען הייזעריקלעך און זי האָט געהאַט אַ שוואַכקײַט זיך אָנצוטאָן אַזוי, אַז מען זאָל זי „זען". זי האָט געקענט יום־כפור אין שול אַרײַן זיך אויספוצן אין בלאָע שיכלעך און אַ הוט מיט רויט־געפאַרבטע שטרויס־פעדערן. אָט די הייזעריקײַט און די קליידונג איז געווען אַן איבערבלײַב פונם „צעך", דעם עלטסטן פרויען־צעך אין דער וועלט, צו וועלכן זי האָט געהערט איידער זי איז געקומען אויף דער בינע. האָבן עס אַלע געוווּסט און מ'האָט זי ליב געהאַט. מ'האָט נישט געקענט אַנדערש. די דראַמע וואָס זי האָט דורכגעלעבט צוואַנציק יאָר נאָכדעם ווי זי האָט זיך באַפרײַט פון אַמאָליקן צעך, איז אין אַ געוויסן זין געווען אַ שטראָף פאַר יענע זינד. זי האָט די שטראָף אָנגענומען. און זיצן בײַ איר טיש איבער אַ שיסל באָרשטש מיט פלייש און דערנאָך רויכערן פאַפיראָסן מיט איר איז געווען ווי לייענען / אַ טיף־נשמהדיק בוך געשריבן אויפן האַרבן לשון פון רויען פאָלקס־מענטש. זי האָט זיך שפעטער פון איר דראַמע דערלייזט און געשטאָרבן אַ פרוי פון אַן אָרימען העברעיִשן לערער. יענע פרוי סימבאָליזירט דאָס טעאַטער, וואָס האָט זיך דערלייזט פון זײַן „ערשטן חטא". נישט אַלע מאָל אָבער האָט זיך עס דערלייזט.

ווען הירשביין איז צוגעקומען צום טעאַטער אין אַמעריקע, האָט עס שוין דורכגעלעבט צוויי עפּאָכעס: די גאָלדפאַדען־עפּאָכע פון נאַציאָנאַלער העראָיִק און פאָלקס־הומאָר און די גאָרדין־עפּאָכע

פון דער דראַמע, וואָס האָט זיך געוויגט צווישן ליטעראַטור און נערוון־צופנדיקער מעלאָדראַמע. נאָך גאָלדפאַדענען איז געקומען אַ סעריע עפּיגאָנען, וואָס האָבן ביידע עלעמענטן אין אים וווּלגאַריזירט. פון דער פרימיטיווער נאַציאָנאַלער העראָיק איז געוואָרן דער לאָקריצדיקער שאָוויניזם פון „פינטעלע ייד", און פון זײַן בײַסיקן פאָלקס־הומאָר — די אומריינע קונסט פון, קיצלען דעם עולם אונטער דער פאַכווע. דער גאָרדין־רעפּערטואַר ווידער האָט געעפנט די בינע פאַרן רעפּערטואַר פון שלום־עליכם, שלום אַש, דוד פינסקי, לעאָן קאָברין. אַרום 1920 איז עס שוין געווען אויסגעוועפּט. מ'האָט נאָך געשפּילט אַ מאָל אי גאָרדינען, אי קאָבריינען, אי ליבינען, אָבער דער באַלעבאָס אויף דער בינע איז שוין נישט געווען דער מענטש פון דער ליטעראַטור, נאָר דער ספּעציעלער מין „פּיעסען־מאַכער", וואָס די טעאַטער־אינדוסטריע האָט זיך אויסגעהאָדעוועט, כדי זיך צו באַזאָרגן מיט סחורה יעדן האַלבן סעזאָן. אויפן זשאַרגאָן פון דער פּרעסע האָבן די טעאַטער־שטיק געהייסן „מאַכערײַקעס".

וועגן גאָרדינען דערציילט מען, אַז ער איז געווען אַ מענטש אַ דיקטאַטאָרישער, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט דאָס לשון פון בינע־עולם און געקענט שלאָגן צוריק מיטן זעלביקן לשון. ער זאָל דאָס טעאַטער האָבן באַהערשט מיטן פויסט. הירשביינס פויסט, ווי שטאַרק ער איז נישט, איז נישט אויף צו באַוועלטיקן. זײַן גבורה אי בלויז אין אים. דער מענטש פון זעלטענער ציכטיקײַט האָט בלויז געקענט דאָס טעאַטער באַהויכן מיט זיך, אָבער זיך נישט אַסימילירן דערמיט, נישט באַהערשן עס. אויב ער האָט אַ פּאָר יאָר „געהערשט" איבערן טעאַטער, איז עס נישט געווען ער, נאָר דער קינסטלערישער אמת זײַנער.

עס זאָל הייסן, אַז הירשביינס חברים פון זײַן אַמאָליקער אייגענער טרופּע, האָבן אים פאַרשדכנט צו מאָריס שוואַרצן און זײַן קונסט־טעאַטער. ווי עס זאָל נישט זײַן, האָט זיך דאָס קונסט־טעאַטער אָנגעהייבן נישט אָנהייב סעזאָן, ווען עס האָט זיך געעפנט מיט אַן אַנדער פּיעסע, נאָר אין מיטן סעזאָן, מיט דער אויפפירונג פון הירשביינס „פאַרוואָרפן ווינקל".

וואָס איז דער תּוך פֿון יענער סעריע הירשביינס טעאַטער־שטיק, אויף וועלכע דאָס קונסט־טעאַטער האָט זיך אויפֿגעבויט? ייִדישע ערדישקייט. ס'איז ערד ווי אַלע ערדן, וואָס איז אָבער מער ווי אַלע ערדן דורכגעשנירלט מיט ריטשקעס פֿון קדושה. זײַנען דאָ אַזעלכע ריטשקעס, שטרעמלעך, וואָס ליגן אויבן אויף. זײַנען דאָ אַנדערע, וואָס זײַנען פֿאַרגראָבן, באַהאַלטן צווישן געדיכטע גראָזן און קוסטעס. קומט אָן קדושה פֿון דרויסן, דערוועקן זיך די אַלע אָפּענע און באַהאַלטענע ריטשקעס און די ערד ווערט פֿאַרפּלייצט דערמיט. זי בלײַבט ערד — אי כוואַליעדיק מיט זאַנגען, אי זומפּיק, אי שטייניק ערטערווײַז, אָבער איבער איר צעגיסט זיך די קדושה און זי לויכט אויף.

די מענטשן אין די שטיק זײַנען רויע, האַרבע, קינדיש־נאַקעטע אין דער אָפּענער אַנטפּלעקונג פֿון זייערע אַמביציעס, ווילנס, תּאוותס — פּויערשע מענטשן. אָבער ייִדישע פּויערים. ווי פֿאַרגרעבט עס זאָל נישט זײַן אין זיי די פֿרומקייט און דאָס יראת־שמים, איז עס דאָ. און צווישן זיי גייט אַלע מאָל אַרום אַ זיידע, דורך וועמען די ערדישקייט איז שוין דורכגערונען, און אָפּגעזעצט האָט זיך ריינע לויטערקייט. אין מאָמענטן ווען די ערדישע תּאוותס צעשפּילן זיך גאָר ראַשיק, שטייט ער אויף, דער זיידע, און מיט דער גבורה פֿון אַן אויסגעלייטערטן שטילט ער אײַן דאָס צעשוימטע בלוט. און ווען עס קומט אָן אַ פֿרעמדער, וואָס איז הוילע רוחניות, אַ וואַנדערנדיקער ישיבה־בחור, ציט זיך צו אים די גאַנצע ערדישקייט, בייגט זיך פֿאַר אים, גיט זיך אונטער און ווערט אין זײַן ליכט אויפֿגעלויכטן. אַזאַ איז די ייִדישע ערד.

איז דעם ייִדישן אַקטיאָר געוואָרן גוט מיט הירשביינס מענטשן. ער האָט זיי געקענט באַהערשן, ווײַל זיי זײַנען געווען נאָענטער, קינדישער פֿון אים, אָבער ער האָט זיך נישט געדאַרפֿט אַרונטערלאָזן צו זיי, ווײַל מענטשלעך זײַנען זיי געווען גאַנץ און ציכטיק. עס האָט זיך נישט פֿאַרלאַנגט קיין דינע און פֿאַרטיפֿטע שוישפּיל־אַרבעט פֿון אויסצוזעלירן אַ קאָמפּליצירטע געשטאַלט, און עס איז געווען דער אָפּצאָל פֿון דערהייבן זיך דורך דער רויער לויטער־קייט — דער לויטערקייט, וואָס איז געווען דער טאַלאַנט פֿון

יעדן אַקטיאָר. איז געווען יום־טוב אויף דער בינע, און פֿון דער בינע האָט דער יום־טוב אַריבערגעלויכטן אין פּובליקום אַרײַן.

ווער עס האָט אַ ביסל געלעבט מיטן טעאַטער, דערשפּירט ווען די אַרבעט אויף דער בינע איז קונסט — מעג זײַן הויכע קונסט — און ווען זי איז פֿרייד פֿון פֿולשטענדיקן צונויפֿגיסן זיך. מאָריס שוואַרץ, יעקב בן־עמי, לייזער פֿריד און די אַנדערע, מענער און פֿרויען, האָבן אין אַנדערע שטיק געהאַט פֿאַר זיך און געלייזט קאָמפּליצירטערע שוישפּילערישע פּראָבלעמען. אָבער זעלטן ווען זיי זײַנען געווען אַזוי אינדערהיים ווי בײַ הירשביינען, און זעלטן ווען האָט זיך אויף דער בינע געפֿילט אַזאַ קאָלעקטיווע פֿרייד ווי בײַם „פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל", דעם „שמידס טעכטער", די „גרינע פֿעלדער". עס איז געווען ווי דאָס טעאַטער זאָל זיך באַפֿרײַען פֿון דער אָנגעצויגנקייט, פֿון דער שקאַצערײַ, וואָס הייסט אויף אַקטיאָריש־לשון „מאַכן די קאָמעדיע", פֿון דער פּראָפֿעסיאָנעלקייט און ווערן נאַטירלעך, ריין און גאַנץ צוזאַמען מיט די מענטשן וואָס עס האָט געשילדערט.

די פּרטים פֿון די הירשביין־פֿאָרשטעלונגען זײַנען פֿאַרשריבן אין די כראָניקעס און רעצענזיעס פֿון יענער צײַט. עס גייט נישט אין די פּרטים. עס גייט אין דעם תּוך, וועלכן הירשביין האָט געבראַכט אין טעאַטער, דער ערדישקייט, גאַנצקייט און לויטערקייט, וואָס האָט דאָס טעאַטער אַרויסגעהייבן פֿון דער מעלאָדראַמאַטישער טעאַטראַלישקייט און עס דערהייבן צו נאַטיר־לעכער פֿרייד פֿון שאַפֿונג. און אויב דאָס טעאַטער איז דערנאָך גרייט געווען אויפֿצונעמען שלום־עליכמען, ה. לייוויקן, י. ד. בער־קאָוויטשן, ה. סעקלערן און די אייראָפּעיִשע דראַמע, איז די גרייט־קייט געקומען נאָכדעם ווי עס האָט דערקענט די פֿרייד פֿון ערלעכער שאַפֿונג דורך הירשביינען.

אין יאָרן אַרום איז די טעאַטראַלישקייט צוריקגעקומען אין די גרויסע ספּעקטאַקלען פֿון די אינסצענירטע ראָמאַנען. עס זײַנען געווען „סוקסעסן", אָבער „סוקסעסן" פֿון טעאַטראַלישער מעכאַניק סײַ אויף דער בינע, סײַ אין אַקטיאָר. די כשרע, דער־הויבנדיקע פֿרייד פֿון דער ערשטער ליבע איז געבליבן אויף יענע

ברעטער, ווו מ׳האָט צוערשט געשפּילט הירשביינען.

* * *

אָוודאי געהערט פּרץ הירשביין צום טעאַטער. ער האָט אָנגעהייבן פון דער דראַמע און מוז זיך יעדעס מאָל צו איר אומקערן. ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אָפּגעדרוקט אַ ביבלישע פּאָעטישע דראַמע וועגן שאולן. אָבער ווען איך שטעל אויס דאָס געזעענע פון הירשביינען אין די קנאַפּע 40 יאָר, וואָס איך האָב די געשטאַלט פאַר די אויגן, טראַכט איך, אַז די דראַמע איז נישט מער ווי אַ טייל פון אים.

עס וועלן אַלע מאָל זײַן צוויי מינים שרײַבער: אַזעלכע וואָס שעפּן זיך אויס מיט זייערע ווערק און אַזעלכע בײַ וועמען די ווערק זײַנען בלויז אַ מיטל — דער וויכטיקסטער מיטל — צו פאַרווירקלעכן די פּערזענלעכקייט, וואָס לעבט און פונקציאָנירט אויסער די ווערק. די ייִדישע טראַדיציע האָט ליב דעם צווייטן מין. עס וועט קומען אַ צײַט ווען דאָס גאַנצע פאָלק פון גאָט וועלן זײַן נביאים און עס וועט נישט זײַן וואָס איבערצונעמען זיך מיט ווערק. לויכטן וועט דער מענטש.

זע איך הירשביינען: מיט פּויערים, וואָס פירן פליטן אויף אַ טײַך; מיט אַ טרופּע בויענדיק אַ ייִדיש טעאַטער; אין שיפן און באַנען וואַנדערנדיק איבער אַלע ווינקלען פון דער וועלט; בײַ דער פּיאַנאָ, אויסקלאַפּנדיק זײַנע אייגענע נגונים; מיט אַ פּינזל און וואַסער-פאַרב, מאָלנדיק לאַנדשאַפטן; מיט אַ קאָלעקציע שטיינדלעך, געקליבן פון אַלע עקן וועלט; בײַ אַ געדיכטן שפּינוועב, שטודירנדיק דאָס לעבן און זיטן פון דער שפּין; בײַ הונדערט שטענדערס ריידנדיק אַ שעה און צוויי און דרײַ אָן אַ טרונק וואַסער. איך זע אים טראָגנדיק זײַן אָפּגעהיטע, ציכטיקע גאַנצקייט מיט זיך אומעטום ווו ער קומט, און פלאַנצנדיק אָפּשיי און ליבשאַפט צו זיך — בײַ י. ל. פּרצן ווי בײַם רוסישן שרײַבער, מיט וועמען ער טרעפט זיך ערגעץ אין אַ ווינקל פון יאַפּאַן. איך זע און טראַכט, אַז דאָס גאַנצסטע און עכטסטע ווערק וואָס הירשביין האָט געשאַפן און וועט שאַפן אַלע יאָרן זײַנע טראָגט דעם נאָמען: פּרץ הירשביין.

## ק. מאַלאָדאָווסקי

# חצי חלום, חצי וואָר

פּרץ הירשביין האָט פֿײַנט די שלעכטע וועלט, ער האָט ליב די גוטע, און אויב זי איז ניטאָ — מוז מען זי באַשאַפֿן אין דמיון.

פּרץ הירשביין האָט פֿײַנט די מיאוסע וועלט, ער האָט ליב די שיינע, און אויב זי איז ניטאָ — מוז מען די וועלט באַשײַנען.

פּרץ הירשביין האָט פֿײַנט די צבֿיעותדיקע וועלט, ער האָט ליב די תמימותדיקע, די ערלעכע וועלט, די וועלט פֿון אַרום דער מיל, און אויב די דאָזיקע וועלט האָט אָפּגעבליט און איז אַראָפּ־געפֿאַלן — מוז מען זי רעסטאַווירן אין „קיניגרײַך" פֿון וואָרט, אין יענעם „קיניגרײַך" איז מעגלעך צו וואַרפֿן אַ בריק צווישן די „פֿאַראַנענע" און די „ניט־פֿאַראַנענע" וועלטן, און פּרץ הירש־ביין טוט עס אין זײַנע ווערק.

פּרץ הירשביין איז נאַטור־מענטש און אַ פֿאַנטאַזיאָר פּאַר עקסעלאַנס. אַז עס ווערט אַ שלעכט וועטער, און אויף די הויכע ביימער וואַקסן דראָבנע פּירות (און הירשביין זאָגט אונדז בפּירוש: „איך האָב פֿײַנט דראָבנע פּירות, וואָס וואַקסן אויף הויכע ביימער") יעמאָלט גיט הירשביין אַ שפּאַן אײַן זײַן שיף, און זײַן שיף איז ניט אַבי־ווי אַ שיף — נאָר אַזאַ מיט אַ פֿייגלשן שנאָבל בײַם רודער, וואָס שנײַדט די וועלט־וואַסערן גרינג און עלעגאַנט, און שווימט אַרויס זוכן — „ווײַט, גאָר ווײַט, אויף יענער זײַט מדבריות און ימען, איז אַ לאַנד פֿאַראַנען, דאָס לאַנד פֿון געזאַנג און האַרמאָניען."

ניט צופֿעליק איז פּרץ הירשביין אַ וועלט־רײַזנדער און ניט צופֿעליק האָט ער מיט די ערשטע ציגל, וואָס ער האָט געטראָגן פֿאַר זײַן ליטעראַרישן בנין, געבראַכט אָט דאָס יוגנטלעך ראָמאַנ־טישע לאַנד פֿון „געזאַנג און האַרמאָניען". פּרץ הירשביין האָט

דעם דאָזיקן ערשטן ציגל פֿון זײַן בנין קיין מאָל ניט אַרויסגע־וואָרפֿן, און ווי טרויעריק, ווי פֿינצטער אָפּטמאָל דער אָרום זאָל ניט זײַן, גיט פֿאַר הירשביינען אַ בלענד אָט דאָס דאָזיקע אויס־געטרוימטע לאַנד.

אין זײַנע דראַמעס איז פּרץ הירשביין נאָענט צו דער וועלט פֿון זײַן „געבוירנאָרט", נאָענט צו דער נאַטור און נאָענט צו דעם פּרימיטיוון, ערלעכן, תּמימותדיקן מענטשן. און אין דעם קליינעם, זון־באַלויכטענעם קרײַז קומט צום אויסדרוק דער מענטש, דער מענטש און דער רב מענטשעלע מיט זייערע שטרעבונגען, שוואַכ־קייטן, ליבע און שׂנאה. הירשביין האָט ליב די נאַטירלעכע שמחות, נאָך אַ סך שטערונגען, ווי עס פּאַסירט אַ מאָל אין לעבן, און ווי עס מוז פּאַסירן אין טעאַטער שטענדיק, — האָט ער ליב אויספֿירן דעם גליקלעכן שידוך און פֿאַרשאַפֿן נחת די פֿאַרשוינען פֿון זײַנע דראַמעס.

פּרץ הירשביין איז אַ שמייכלענדיקער. די זון שײַנט איבער דער אידילישער וועלט פֿון זײַנע פּשוטע, גוטע מענטשן. ווען דאָס האַרץ גייט איבער פֿון באַוואונדערונג פֿאַר דער האַרציקער גוטסקייט און פֿרידלעכקייט פֿון דעם ייִדישן פֿאָלקס מענטשן, פֿאַר זײַן טיפֿן גלויבן אין דער געטלעכער האַנט, וואָס פֿירט די וועלט מיט רחמים און מיט יושר — אין אַזאַ מאָמענט דערלאַנגט אונדז פּרץ הירשביין „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען". אַפֿילו אַ שטאָטישער מענטש, שוין אַ ביסל אַ צעבראָכענער פֿון אונדזער צוגעזשאַוועטער מאָראַל, קען זיך ניט אײַנהאַלטן און מוז לאָזן אַ טרער, זעענדיק די דאָזיקע שטילע אידיליע. גוטסקייט, וואָס גייט איבער די ברעגן. גוטסקייט, וואָס פֿילט אָן די וועלט.

ערגעץ זייער נאָענט פֿון דער היימישער מיל, פֿון קלעשטשעל, פֿון בריסק, און פֿון ירושלים דליטא, ערגעץ זייער נאָענט פֿון יענע מקומות, שפּילט זיך אָפּ הירשביינס שלמותדיקע וועלט פֿון ראָזשינקעס און מאַנדלען. אין די דראַמעס זײַנע גיט אונדז הירשביין די „פֿאַראַנענע" וועלט, אַרויסגעחלומט פֿון אונדזער טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער, מיט די דורותדיקע ווינטשעוואַ־ניעס וועגן אַ „זון אַ רבֿ" און אַ לערנער אַן איידעם, מיט דער

עכטער ייִדישער מאָראַל, וואָס איז קעגן דריקן דעם אָרימאַן און באַליידיקן דעם געפֿאַלענעם, און מיטן גמרא־ניגון, וואָס האָט דעם ייִדן פֿאַרביטן אַלע סימפֿאָניעס פֿון דער וועלט. הירשביינס שפּראַך איז געמאָסטן מיטן קאַרגן ריטם פֿון ייִדישן שפּרוך־וואָרט, און איז קלוג מיט דער חכמה פֿון פֿאָלקס־מענטש, וואָס איז נאָענט צו דער נאַטור, אָדער, ווי הירשביין אַליין האָט זיך ליב אויסצו־דריקן, צו דער מאַמע ערד.

הירשביין האָט געהאַט אין זײַן קינדהייט אַ ברייטן אָפֿענעם הימל אַרום דעם מיל, אַ טײַך, וואָס איז געקומען פֿון אַן ערגעץ און איז געלאָפֿן אין אַ ווײַטן ווהין, און אַ באַן איז געלאָפֿן און האָט אויסגעפּײַפֿט, אַז די וועלט איז גרויס, און די פֿרעמד איז די בעסטע היים, און אַ מאַמע, וואָס האָט אין פֿרומקייט שוין געטראָגן אַ קערנדל צווייפֿל . . . פֿירן הירשביינס ווערק אויך אין דער גרויסער וועלט אַוועק און טראָגן־מיט דעם פֿאַרבענקטן היימישן הימל.

פּרץ הירשביין איז אַן איינהײַטלעכער און אַן „אַלייניקער". נאָכן נאָמען פּרץ הירשביין גייט ניט קיין בינד־וואָרט „און", ווײַל זײַנע וועגן האָט ער ליב צו געפֿינען אוז אויסטרעטן אַליין. דאָס פּרץ הירשביין טעאַטער. פּרץ הירשביינס רײַזעס איבער דער וועלט. פּרץ הירשביינס אָנהענגערשאַפֿט . . . פּרץ הירשביין האָט אַ גוטן בעל יועץ, און דאָס איז פּרץ הירשביין אַליין.

פּרץ הירשביין איז איינהײַטלעך ביז גאָר, ניט געקוקט אויף די פֿאַרשידענע שפּראַך־נוסחאות אין די פֿאַרשידענע אַרטן פֿון זײַן שאַפֿן (ליד, דראַמע, ראָמאַן, רייזע־באַשרײַבונגען און צומאָל אַרטיקלען). זײַנע אַלע פֿאַרשידענע נוסחאות האָבן דעם פֿאַרבינד־פֿאָדים (דעם גאָלדענעם פֿאָדים, פּאַסט זיך דאָ זאָגן) פֿון דער הירשביינישער פּאַטעטישקייט, אַ מין שטילע פּאַטעטישקייט פֿון אַ באַהאַלטענעם גמרא־ניגון, פֿון באַוווּנדערונג פֿאַר דער נאַטור, און פֿאַר דער גלויביקייט פֿון מענטשן, וואָס איז אויך נאַטור. אָט די אינערלעכע איינהײַטלעכקייט זעט זיך דורך אין אַלע זײַנע ווערק, ווי פֿאַרשיידן זיי זאָלן ניט זײַן. און איינהײַטלעכקייט

איז אפֿשר דער שטאַרקסטער פּרוביר־שטיין פֿאַר אַ שרײַבער, די מאָפּן פֿאַר דער עכטקייט פֿון זײַן וועלט.

(און אין דער אמתן, וואָס זאָל מען טראַכטן וועגן אַזאַ פּען, וואָס אין דער בעלעטריסטיק ברומט זי ווי אַ לייב, אָדער זינגט ווי אַ נאַכטיגאַל; אין דער פּובליציסטיק דאַוונט זי ווי אַ פֿרומער מגיד, און אין דער זשורנאַליסטיק, רחמנא ליצלן, בילט זי ווי אַ פּיפּערנאָטער . . . נאָר גאָט צו דאַנקען, וואָס דער פּאַראַגראַף געהערט אין גאַנצן ניט צום ענין.)

פּרץ הירשביין, צוליב וואָס ער זאָל ניט אײַנטונקען זײַן פּען איז ער אַלע מאָל פּרץ הירשביין און האָט זײַן נוסח.

ער שפּאַנט איבער דער וועלט און צייכנט די וועלט־מאָפּע לויטן חלום פֿון אַ פֿאַנטאַזיאָר. די אינדזלען שווימען אַרום איבער די ימען; דער דעלפֿין, דער קיניג פֿון ים, טאַנצט פֿאַרויס די שיפֿן און ווײַזט זיי דעם וועג.

כדי זיך ניט צו קריגן מיט דער וויסנשאַפֿט פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, לייגט הירשביין אַרײַן די אַלע מעשׂיות אין מויל פֿון פּרימיטיווע מענטשן, וואָס דערציילן דאָס אין נאָמען פֿון נאָך פּרימיטיווערע. אָבער די מעשׂיות פּאַסן זיך אויסגעצייכנט אַרײַן אין דער פּאָעטישער הירשביינישער שטימונג, וואָס באַהערשט דאָס ווערק. חצי חלום, חצי וואָר. חצי מעשׂהלע, חצי באַשרײַבונג.

אין הירשביינען וואַכט שטענדיק דער פֿאָלקס־מענטש. אַפֿילו ווען הירשביין שטייט אָנגעלענט אין זײַן שענסטער פּאָזע בײַם שנאָבל פֿון זײַן פֿייגל־שיף און באַטראַכט דעם ברענענדיקן האָריזאָנט פֿון אַ וווּנדער־לאַנד — אַפֿילו יעמאָלט כאַפּט זיך אַרויס דער פֿאָלקס־מענטש, וואָס האָט אָנגעזאַמלט אָן אַ שיעור דערפֿאַרונגען און קלוגשאַפֿט אין דעם ערלעכן לעבן פֿון דער ייִדישער מאַסע.

דער פֿאָלקס־מענטש, וואָס קען „דזשוויגען" אַ מיל־שטיין, און קען אָפּהובלעווען אַ ברעט מיט אַ הובל, און קען זעגן אַ קלאָץ, און קען פּאַשען אַ פֿערד, און קען לערנען אַ בלאַט גמרא — אָט דער פֿאָלקס־מענטש גיט זיך אַזוי גאָר פּלוצים אַ כאַפּ אַרויס און גיט אַ דערצייל אָפּ אַ מעשׂה וועגן דעם „לאַנגן חזיר" — אַזוי האָבן געוויסע קאַניבאַלן גערופֿן דעם ווײַסן מענטשן, דעם ציוויליזירטן

מענטשן. אַט דעם וואָס הירשביין אַליין, שוין אין זײַן אייגענעם נאָמען, רופֿט אים אין איינעם פֿון זײַנע מאָנאָלאָגן — „רב מענטשעלע".

אויך איז די ווערק, ווו הירשביין גייט אַוועק פֿון פּרימיטיוו און קומט צום ייִדישן אינטעליגענט, וואָס וויל מיט מח, האַרץ און טאַט לייזן דעם אייביקן פּלאָנטער — „מענטש און ייִד", אויך יעמאָלט וואַכט הירשביין, דער פֿאָלקס־מענטש, מיטן איינפֿאַכסטן באַשייד.

הירשביינס קינסטלעריש אויג שמייכלט זייער אָפֿט. איבער דער גרויער ווירקלעכקייט און איבער דעם גאָלדענעם חלום, וואָס הירשביין האָט זיי באַוויזן צוזאַמענצושפּאַנען, לויכט הירשביינס שמייכל מיטן פֿײַנעם פֿאָלקס־ווערטל, וואָס מוסרט און טרייסט, וואָס ברענגט צווייפֿל און האָפֿענונג.

אַזוי פֿירט זײַן „אַלייניקע" וועלט דער פֿאַנטאַסטישער ריטער און פֿאָלקס־מענטש, פּרץ הירשביין.

אין דער ביטערסטער צײַט פֿרייען מיר זיך מיט פּרץ הירש־ביינס זעכציקסטן געבוירנטאָג. דער ייִדישער מענטש איז איצט ווײַט פֿון פֿרייד. נאָר פּרץ הירשביין איז נאָך זייער יונג! (קיינער גלויבט ניט אין זײַנע זעכציק יאָר) ווען בעסערע צײַטן וועלן קומען (אונדזערע גרעסטע האָפֿענונג!) וועט פּרץ הירשביין געוויס זײַן איינער פֿון די ערשטע אויף צוריקבויען אונדזערע חרובֿע פּאָזי־ציעס אין לעבן און אין דער ליטעראַטור און אָנצינדן גלויבן דאָרטן, ווו דער יאוש האָט דעם גלויבן אויסגעלאָשן.

דאָס איז מײַן ווונטש צום יובילאַר.

## דוד איגנאַטאָוו

# דער מענטש וואָס איז דאָ און איז ניטאָ

פֿאַראַן מענטשן וואָס זײַנען דאָ און ניטאָ. דערזעסטו אַזאַ מענטשן, רעדסט מיט אים, אָדער הערסט אים ריידן, איז דאָס אַלץ ווי דו וואָלסט גערעדט מיט איינעם וואָס איז דאָ און ניטאָ. דאָס זײַנען מענטשן, וואָס שטייען אויף דעם גרויסן כישופֿדיקן ברעג פֿון זײַן און ניט זײַן. זיי זײַנען מענטש און נאָך מער — באַגריף וועגן מענטש. אַזאַ איז פּרץ הירשביין.

געקומען איז ער צו אונדז פֿון אויף יענער זײַט ים אָן אַ שום מעלדונג אין צײַטונגען, אַז ער קומט, אַז ער פֿאָרט? ווי אַ מעשׂה־דיקע שיף וואָלט אים אַהער מעשׂהדיק געבראַכט:

— איר הערט! מען זאָגט, הירשביין איז געקומען!

— געקומען?! ווען, ווי אַזוי?

— מען זאָגט — ער האָט אָפּגערופֿן די „צוקונפֿט" און גע־זאָגט, אַז דאָס איז ער, הירשביין, און אַז ער איז דאָ. אין די רייד לויפֿט עמעצער אַרײַן אין קאַפֿע, און שרײַט אויס:

— חבֿרה! הירשביין איז דאָ, ער איז דאָרט אויבן אין „צו־קונפֿט" נאָר וואָס אַרײַנגעקומען. די „צוקונפֿט" איז יעמאָלט אײַנגעשטאַנען אין אַ צימערל איבער שלומס קאַפֿע.

מיר לויפֿן אַרויף, נעמען זיך אַרום, באַגריסן זיך, וואַרפֿן זיך איבער מיט ווערטער, דריקן זיך די הענט איין מאָל און נאָך אַ מאָל.

הירשביינס דעקאָראַטיווער קאָפּ האָר, זײַן פּנים, זײַן שוואַרצער שניפּס וואָס הייגנט מיט פֿיר ווייכע פֿליגלען אַראָפּ פֿון העמד־קאָלנער. דער קלאַנג פֿון זײַן קול, וואָס האָט געוווּיגן, געמאָסטן און גערונדיקט זײַן יעדער וואָרט, דאָס אַלץ האָט געאָטעמט מיט דעם מעשׂה־באַגריף וואָס מענטשן האָבן וועגן אַ קינסטלער.

איך געדענק נאָך ווי איצט דאָס געמישטע געפֿיל וואָס איך פֿלעג קריגן פֿון הירשביינס ערשטע אָנטדרוקן, אַ מעשׂהדיקער

מענטש, דאַכט זיך, און דער אַנטדרוק אַזאַ מענטשלעך־געזונ־טער, אַזאַ מוסקלדיקער. און אַזאַ איז שוין הירשביין נאָכדעם פֿאַר־בליבן פֿאַר מיר און אפֿשר פֿאַר אונדז אַלעמען, אַ מענטש און אַ סימבאָל פֿון אַ מענטשן.

הירשביין האָט שוין אין יענע יאָרן געהאַט אַ גרויסן, און איך וואָלט געזאָגט, אפֿילו אַ סענסאַציאָנעלן נאָמען. ער איז שוין געווען אַ מעשׂה פֿאַר אונדז נאָך איידער ער איז אַהער געקומען. ער איז געווען מעשׂהדיק און נײַ, סײַ מיט זײַן מאָדערנעם דראַ־מאַטישן באַנעם, סײַ מיט דעם פֿאַקט, וואָס מיר האָבן דאָ גע־ווּוסט, אַז ער האָט דאָרט אָרגאַניזירט און איז אַרומגעפֿאָרן מיט אַ טעאַטער־טרופּע און געשפּילט מיט דער טרופּע. דאָס איז דאָך געווען כּמעט אַ שעקספּיר ראָל. אויסער דעם פֿלעג דער ניו־יאָרקער פּראָגרעסיווער דראַמאַטישער קרײַז אָפֿט אויפֿפֿירן זײַנע דראַמעס. מען פֿלעג דאָ אויך אָפֿט געבן לעקציעס וועגן אים. איך אַליין האָב דאָ געהערט אונדזער יעקבֿ גאָרדין האַלטן אַ לעקציע וועגן הירשביינען. ער האָט, דאַכט זיך, פֿאַרגליכן הירש־ביינען מיט דער לבֿנה און מיט מעטערלינקן. דערבײַ האָט דער געזונטער ברייט אַקסלדיקער גאָרדין נערוועז געהאַלטן אַ סי־גאַר אין מויל. זײַן גרויסער לייבן־קאָפּ און די פֿעלזיקע שטאַר־קייט פֿון זײַן באָרד האָבן געאָטעמט מיט גוטסקייט. עס האָט גע־הייסן, קוקט ניט אויף דעם, וואָס איך בין נערוועז, נאָר זאָגן וויל איך אײַך, אַז ליב איז מיר אָט דער יונגער מענטש. ער באַנײַט, ער פֿרישט אָפּ, ער איז נאָך יונג, לבֿנהדיק ראָמאַנטיש, אָבער נײַ.

דאָס וואָס הירשביין, שוין אַזוי באַרימט דאָ אין לאַנד, איז געקומען ניט־לאָזנדיק וויסן. אָט די שטילע פּראָסטקייט איז מיר און מײַנע חבֿרים „די יונגע״ שטאַרק געפֿעלן געוואָרן.

איך בין געווען קעגן דרוקן מענטשן, בעלעטריסטן מיט באַרופֿענע נעמען אין די „שריפֿטן״. פֿאַר הירשביינען האָב איך אָבער גלײַך געמאַכט די אויסנאַמע. ער איז אַ אונדזעריקער און הירשביין מיט זײַן קלוג אויג און חבֿריש האַרץ איז דאָס טאַקע אויך געוואָרן.

מיט זײַן קלוג אויג פֿלעג ער גלײַך דערזען אַ חבֿרס פּערזענלעכע

צרות. און ער האָט געהאַט אַזוינע פֿײַנע קלוגע ווערן ווי אַזוי צו טרייסטן.

איך האָב אין יענע יאָרן געמיינט, אַז איך האָב גאָר די צרות פֿון דער וועלט. ווען מען איז יונג און מען נעמט אויף זיך די אויפֿגאַבע צו רעדאַקטירן און פֿירן אַ גרופּע יונגע שריפֿטשטעל־לער, פֿעלט שוין יעמאָלט קיין צרות ניט און ווען מען איז נאָך דערצו אַלס צוגאָב פֿאַרליבט און איר מיינט, אַז ממש „ווערטערס ליידן" האָבן זיך אויסגעגאָסן אויף אײַך, יעמאָלט שווימט איר דאָך ממש אין אַ וועלט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג און פּײַן.

איך געדענק נאָך ווי איצט: אין שאַפּ איז קיין אַרבעט ניט געווען. איך כאַפּ זיך אויף אין דער פֿרי נאָך אַ נאַכט פֿון קלומות, וואָס צעצווײַגן די וועלט, צוגעבנדיק איר אַן אומדערוואַרטן זין, אומדערוואַרטע פֿאָרמען, וואַרפֿן אײַך אין סיטואַציעס וואָס איר קאָנט קוים משיג זײַן מיטן שׂכל. נאָכדעם ווי איך באַפֿרײַ זיך אַ ביסל פֿון די וויזיעס, נעם איך זיך שרײַבן. לאַנג אָבער קאָן איך ניט אײַנזיצן. איך גיי אַרויס אין דרויסן. די אינדערפֿריענדיקע גאַסן זײַנען אָבער צו־ליכטיק, אַז מען זאָל דאָרט קאָנען זײַן אַליין. איך וועל אַרײַנגיין צו די קלינגס, ביין, צו הירשביינען. הירשביינס צימער איז גראָם און איז ריין און צוגעקליבן ווי ער אַליין. קיינער פֿון אונדזעריקע האָט קיינמאָל אַזאַ ריין צימער ניט געהאַט, און איז טאַקע אַליין אויך קיינמאָל אַזוי אָפּגעהיט און צוגעקליבן ניט געווען.

— אַ, איגנאַטאָוו! אַ גוטער מאָרגן.

— אַ גוט מאָרגן!

הירשביינס פּנים איז אויסגערוט. מיט גוטסקייט קוקן אויף אײַך די קלוגע בלויע אויגן, מיט צעפֿרידנקייט קוקט אויף אײַך אַ גוטער שמייכל אויף זײַנע ליפּן. ער פּרוּווט פֿאַרפֿירן אַ שמועס, בײַ מיר אָבער דרייט זיך, ווײַזט אויס די צונג ניט. קוקט ער מיך אָן און זאָגט מיט אַ שמייכל:

— איגנאַטאָוו, איר ווייסט, איר זעט איצט אויס ווי אַן אַרויסגעשאָסענער. יאָ. אָט ווי מען וואָלט מיט אײַך אָנגעלאָדן אַ קאַנאָן און אײַך אויסגעשאָסן. יאָ, וואָס איז געשען?

— געשען ? — גאָרניט. איך האַלט איצט אינמיטן שרײַבן, און בשעתן שרײַבן בין איך שטענדיק אַזוי . . . איך זע מן־הסתּם אויס ווי איך וואָלט נאָרוואָס אַרויסגעפֿאַלן פֿון בעט. איר וועט מיר אַנטשולדיקן, הירשביין, איך מוז טאַקע גלײַך גיין צוריק.

איך הייב זיך אויף, הירשביין הייבט זיך אויף אינאיינעם מיט מיר, גיט מיר ברידערלעך זײַן געזונטע, גוטע האַנט, זאָגט:

— גוט, איגנאַטאָוו, גוט. נאָכמיטיק, אויב איר קאָנט זיך באַפֿרײַען, קומט אַרויף וועלן מיר זיך אַרויפֿכאַפּן אויף וועליסאָ־פּעדן און אַרויספֿאָרן. זיך דורכיאָגן, דורכלופֿטערן, זיך אויס־טרייסלען אַ ביסל.

— גוט, איך וועל זען.

איך בין דעם נאָכמיטיק צו הירשביינען ניט אַרויפֿגעגאַנגען. ווען עס האָט מיך שפּעטער אין טאָג ווידער געגומען הייבן פֿון ביינקל, בין איך אַוועק אין פּאַרק, וואָס איז געווען אויף אַ באַרג ניט ווײַט פֿון מיר. דאָרטן זײַנען געווען אַ סך אָנגעבראָכענע שטיינער. איך בין שוין צו יענער צײַט געווען אַ גרויסער מומחה אויף אויפֿצוהייבן מיט מײַנע הענט אַ גאַנץ שווערלעכן שטיין הויך איבער מײַן קאָפּ און אים אַראָפּשלײַדערן אויף אַן אַנדער שטיין, אָדער פֿעלז אַזוי, אַז דער געשלײַדערטער שטיין זאָל צעשאָסן ווערן אין שטיקלעך. אָט די אַרבעט איז פֿאַר מיר דעם טאָג גע־ווען אַ מער צוגעפּאַסטע, ווײַל פֿאַר די שטיינער בין איך געווען ווײַזט אויס, זיכערער ניט אַרויסצורעדן אַ וואָרט וועגן מײַנע ראַנגלענישן און וויטיקן.

אין אָוונט פֿון דעם טאָג האָבן מיר זיך צענויפֿגעטראָפֿן בײַ ד״ר קלינג אין הויז. די הויז פֿון די קלינגס אין יענער צײַט איז גע־ווען אונדזער סאַלאָן. די גאַנצע יעמאָלדיקע שריפֿטשטעלערישע משפּחה, סײַ די וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער גרופּע „די יונגע״, סײַ די וואָס האָבן געוואָלט באַלאַנגען צו איר, פֿלעגן זיך דאָרט צענויפֿקומען. עס פֿלעגן אויך אַרײַנקומען מקורבֿים. מען פֿלעגט רעדן, דערציילן, אַ מאָל אַפֿילו אויך זינגען. בערטאַ קלינג פֿלעגט דאָ אָפֿט זײַן די פֿאָרזינגערין. אַ מאָל אויך עפּעס פֿאָרלייענען. איך בין דעם אָוונט געווען זייער ניט באַרעדעוודיק. האָט זיך

אָבער צו מײַן ווינקל־טיש צוגעזעצט אַן אַרײַנגייער, ווען איך האָב זייער ווייניק געקאָנט און האָט צו מיר גענומען ריידן, ווען איך האָב זיך אין אַ ווײַלע אַרום גענומען פֿאַנאַדערקלײַבן — ערשט דער ייִד האָלט מיר אַ לעקציע וועגן „עטיק”, וועגן „מאָ־ראַל”. „קינסטלער — האָט דאָס געהייסן — דאַרפֿן ניט מיינען, אַז אַן אָפּמאַך איז גאָרניט, אַז געלט איז גאָרניט. שרײַבשטעלער דאַרף אויך וויסן, אַז אַ וואָרט איז אַ וואָרט. עס איז ניט גוט, ווען שרײַבשטעלער מיינען, אַז זיי קאָנען טאָן וואָס זיי ווילן. אַז מען האָט בײַ מיר גענומען אַ דאָלער סובסקריפּשאָן פֿאַר דעם זאַמלבוך „שרײַבן” האָט מען מיר געדאַרפֿט צושטעלן דאָס בוך פֿאַר דעם דאָלער. דאָס וואָס איר האָט באַשלאָסן צו פֿאַרגרעסערן דאָס בוך און האָט דערפֿאַר באַשלאָסן צו העכערן דעם פּרײַז, איז ניט מײַן שולד. עס איז ניט עטיש מיר אַרײַנשיקן אַ בוך און זאָגן, אָדער אפֿילו בעטן, אַז איך זאָל אַרײַנשיקן דעם אונ־טערשיד”.

בײַ מיר אין קעשענע איז גראָד יעמאָלט געלעגן אַ שווערער זילבערנער דאָלער, האָב איך אים אַרויסגענומען און האָב אים גאַנץ אומדערוואַרט אַוועקגעלייגט פֿאַר דעם מענטשן. דער דאָלער האָט קעגן מײַן ווילן אַ ביסל אַ קלאַפּ געטאָן אויף דעם טיש.

דער ייִד איז צעטומלט געוואָרן.

— נעמט אים, דאָס איז אײַער דאָלער, — האָב איך גע־זאָגט. אַרויסגעקומען איז אָט דער זאָג מײַנער ווי אַ באַפֿעל. דער מענטש האָט צוגענומען דעם דאָלער, אים אַרײַנגעלייגט אין קעשענע, זיך געפּרוווט מאַכן אַ האָרץ און געזאָגט:

— אַזוי איז עפּעס אַנדערש.

לאַנג אָבער האָט ער שוין נאָכדעם בײַם טיש ניט געקאָנט אײַנזיצן. אַז ער איז אַוועק, האָט דאָס געהייסן, אַז איך האָב באַ־ליידיקט אַ מענטשן. די אייניציקע וואָס איז מיט מיר אָפּן געוווען צעפֿרידן, איז געווען די באַלעבאָסטע פֿון הויז, בערטאַ קלינג.

— אַ ברכה אויף אײַער קאָפּ. איר האָט זייער גוט געטאָן. זאָל ער וויסן זײַן פּלאַץ. זינט ער האָט מיר געגעבן דעם דאָלער

פֿאַר די „שריפֿטן“ גייט ער דאָך אַרום ווי ער וואָלט דאָ די וועלט געראַטעוועט.

— אָבער אַזוי מבֿייש זײַן אַ מענטשן, „המבֿיש חבֿרו ברבים“ כ׳מיין, צוליב וואָס האָט מען דאָס געדאַרפֿט?

— אַ נאַר איז ער טאַקע דער מענטש, אָבער איגנאַטאָוו האָט דאָך אים דאָ אַזוי ווי אַרויסגעטריבן פֿון הויז.

און אַזוי האָבן גענומען גיין קאָמענטאַרן וועגן מײַן האַנדלונג. גאָר גוט איז מיר פֿון דעם ניט געווען, אָבער עפּענען מײַן מויל און זאָגן עפּעס אויף דעם האָב איך ניט געקאָנט. איך האָב פּשוט ניט געהאַט וואָס צו זאָגן. בערטאַ וואָס איז אַגבֿ געווען די, וואָס האָט בײַ דעם ייִדן גענומען דעם דאָלער, און וואַרשײַנלעך אויך די, וואָס האָט אים איבערגעגעבן דאָס בוך און געזאָגט, אַז ער דאַרף געבן נאָך אַ דאָלער. זי האָט אַלץ געזאָגט, אַז איך האָב אים געמעגט באַליידיקן. הירשביין האָט מיך דעם גאַנצן אָוונט נאָכגעקוקט, אָט מײַן אַרײַנלויפֿן צו אים אין דער פֿרי, מײַן אַרויסלויפֿן, מײַן צוזאָגן און ניט אַרויפֿקומען צו אים דעם נאָכמיטיק פֿאַר דעם וועליאָסיפּעד אַרויספֿאָר האָט אין אים געשאַפֿט אַ געפֿיל, אַז איך בין אין אַ קלעם, און ער האָט אויף מיר געטרײַ און נאָכפֿאָרשנדיק געקוקט, זיך געהיט אַז איך זאָל דאָס ניט באַמערקן. און איך האָב זיך געמאַכט, אַז איך באַמערק דאָס טאַקע ניט. און אַז עס האָט זיך דאָ געמאַכט די מעשׂה מיט דעם מענטשן, וואָס איך האָב באַליידיקט, און מען האָט זיך צו אים, ווי צום עלטערן און אָנגעזעהענערן צווישן אונדז, געווענדט פֿאַר זײַן פּסק אויף מיר, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— עס איז אַזוי די מעשׂה. אַ מאָדנע מעשׂה, יאָ: אַ ייִד האָט געגעבן אַ טאָלער און האָט געמיינט, אַז ער האָט זיך געקויפֿט אַ שטאָט אויבן־אָן, צום סוף האָט ער זיך גאָר אײַנגעקויפֿט אַ מפֿטיר. דאָס האָט ער אָפּגעזאָגט ערנסט, נאָר נאָכדעם האָט ער מיט אַ שמייכל צוגעגעבן: דער אמת איז, אַז ער האָט נאָך גוט אָפּגעשניטן. יאָ. איך האָב דעם ייִדן אייגנטלעך געוואָלט וואָרנען:

— היט זיך, איגנאַטאָוו איז הײַנט ווי אַ נאָר וואָס אויסגעשאָסענער און זאָגן צו אים אַ שלעכט וואָרט וועגן די „שריפֿטן“ אפֿילו

ווען בלויז וועגן דער געשעפֿטספֿירונג פֿון די „שריפֿטן” איז אַ גאָר געפֿערלעך עסק.

ווען מיר זײַנען זיך נאָכדעם פֿאַנאַנדערגעגאַנגען, זאָגט מיר הירשביין:

— קומט, איגנאַטאָוו, איך וועל אײַך באַגלייטן אַהיים.

— ניין — זאָג איך — קומט, מירן אײַך אַלע באַגלייטן אַהיים.

— נו, און ווי אַז איך וויל אײַך באַגלייטן, טאָר איך ניט? האָט הירשביין כּמעט ווי מיט פֿאַרדראָס געזאָגט.

און הירשביין האָט אויסגעפֿירט.

אויפֿן וועג זאָג איך צו אים:

— הירשביין, איר האָט אַ מאָל געבראָכן שטיינער אויף שטיינער אין מיטן נאַכט אין פּאַרק?

דאָס האָט געדאַרפֿט זײַן ווי אַן אײַנלאַדונג — אַט לאָמיר גאָר גיין אין פּאַרק. הירשביין האָט זיך געמאַכט ווי ניט־הערנדיק. הירשביין דער מעשׂהדיקער, און הירשביין דער מענטש פֿון בלוט און פֿלייש, דער פֿאַרשטענדיקער, דער מיטפֿילנדיקער מענטש, האָט געוואָלט צעברעכן דעם קלעם אין וועלכן איך האָב זיך געפֿונען און ניט מיט שטיינער זאָל דאָס געטאָן ווערן, נאָר מיט ווערטער, מיט גוטע מענטשלעכע ווערטער. און ער האָט אָנגעשטעלט זײַן דעקאָראַטיוון קאָפּ פֿאַר זיך און ווי מיך ערגעץ מיט־שלעפּנדיק געזאָגט:

— ס׳אַראַ נאַכט! די לבֿנה האָט עפּעס אַזוי ווי אויפֿגע־הויבן און אויסגעגלײַכט די גאַסן פֿון דער שטאָט. ווי אַ מאַמע וואָס וואַשט די וויקלשניר און דאָס אָנטאָן פֿון איר שלאָפֿנדיק קינד, האָט די נאַכט איצט געוואַשן די גאַסן מיט לבֿנה־נאַכט, און מיט דער לבֿנה ווי מיט אַ פּרעס־אײַזן אין איר האַנט האָט זי זיי געבלאַנקט. ס׳איז אַ פֿאַרגעניגן צו גיין איצט איבער די גאַסן. יאָ. איר האָט הײַנט געהאַט אַ גרויסן טאָג, איגנאַטאָוו. איר האָט געלייענט מײַנע מעשׂהלעך געדרוקט אין . . . ניין? אַט וועל איך אײַך דערציילן.

הירשביינס מעטאָדע פֿון דערציילן, די נאַכט, מײַן געמיט

און הירשביין אַליין האָבן זיך דאָ צענויפֿגעשפּילט, און האָבן גע־
נומען וואַשן און לויזמאַכן די דריקנדיקע שווערקייטן אין מיר.

הירשביינס ליפּן, די מוסקולן אַרום דעם מויל אינאיינעם
מיט זײַן קול זײַנען יוי אַ פֿײַן מאָדעלירט און גוט געטאָנטער
אינסטרומענט, וואָס איז ספּעציעל צוגעפּאַסט פֿאַר מעשׂה־קלאַנג,
פֿאַרמעשׂה־שפּיל. און ווען מיר זײַנען געקומען צו מײַן היים,
האָט הירשביין געהאַלטן אינמיטן פֿון דערציילן אַ מעשׂה וועגן אַ
טראַגישער ליבע. איז געבליבן, אַז איך וועל אים איצט צוריק
באַגלייטן. דאָס אייגענע האָט געטראָפֿן, ווען מיר זײַנען נאָכדעם
צוגעקומען צו זײַן טיר און עס איז אויף הירשביינס פֿאָרשלאָג
אָפּגעמאַכט געוואָרן צווישן אונדז, אַז מיר וועלן דאָס מאַכן פֿאַר
אַ נאַכט פֿון באַגלייטעניש און אַז אָפּשטעלן וועלן מיר זיך בײַ
דער הויז פֿון דעם, וועמעס פֿיס וועלן פֿריער מיד ווערן.

דאָס איז געווען אַ נאַכט פֿון באַגלייטענישן, אַ נאַכט ווען אַ
מענטש האָט זיך צוגערוקט נאָענט צו אַ מענטשן, כּדי אים, אויף אַ
ניט־באַמערקטן אופֿן, גרינגער צו מאַכן, כּדי אים אָפּצווווענדן פֿון
זײַנע אינעווייניקסטע פּלאָנטערס דורך אָנטקעגנשטעלן אים ענלעכע
פּלאָנטערס, אָדער גאָר אָפּווענדן אים פֿון זיך דורך פֿאַרפֿירן אים
אין ווײַטע לענדער ווו דער מענטש איז ניט געווען און ווו ער,
דער פֿול־באַרײַזטער הירשביין, איז יאָ געווען. איך בין אין
יענער נאַכט כּמעט אַ קינד געוואָרן און ער, הירשביין, האָט מיך
ווי אַ דערוואַקסענער, עלטערער ברודער, געפֿירט בײַ דער האַנט
און אמתן און וווּנדער געוויזן. איינע פֿון די מעשׂיות איז געווען
אַ שיינע קינדערשע ליבע זײַנע, וואָס האָט זיך זייער טראַגיש
געענדיקט. ער איז געוואַקסן אויף אַ דאָרף, איז דאָרט בײַ דעם
מילנער געווען אַ שיינע טאָכטער און זיי האָבן זיך פֿאַרליבט, און
זיי האָבן געפֿילט, אַז זיי זײַנען געבוירן געוואָרן און געוואַקסן
איינער פֿאַר דעם צווייטן. זיי פֿלעגן אפֿילו וויסן, וואָס יעדער פֿון
זיי האָט געטראַכט, ווען זיי זײַנען געווען ווײַט אַוועק איינער פֿון
צווייטן און ווי אַזוי יענע איז גאָר פּלוצלונג, דורך אַ טראַגישן
טעות געשטאָרבן. אויב איך געדענק קלאָר איז דאָס, דאַכט זיך,
געווען אַזוי — מען האָט דאָרט אין הויז פֿאַרמישט אין אַ שיסעלע

סם פֿאַר די מײַז אויף דער מיל. זי האָט געדאַרפֿט אַרויסגיין טרעפֿן הירשביינען. אַ פֿאַרשפּעטיקטע און אַ ניט געגעסענע האָט זיך אויף גיך איבערגעטאָן און אַרײַן אין קיך עפּעס איבערכאַפּן אויף גיך . . . זי האָט געמיינט, אַז די מאַמע, כּדי צו העלפֿן דער טאָכ־טער אין איר אײַלעניש, האָט דאָ עפּעס צוגעגרייט פֿאַר איר.

נאָכדעם האָט הירשביין גענומען דערציילן זײַנע לײַדן, די לײַדן פֿון אַ טיף פֿאַרליבטן פֿאַראומגליקטן חתן, ווי אַזוי ער האָט נאָכדעם ניט געקאָנט לייגער בלײַבן אין דאָרף, וווּ יעדער הויז, יעדער שטיין, יעדער בוים האָט אים דערמאָנט אָן איר. ווי אַזוי ער איז אַוועק פֿון דעם דאָרף און פֿון די מענטשן, דאַכט זיך, אַז טאָקע צופֿוס, אַוועק אין דער ווײַטער וועלט אַרײַן ביז ער האָט זיך צום סוף דערשלעפּט קיין וואַרשע. דאָרט איז ער דאָס אַ שרײַבער געוואָרן. אײַנזיצן לאַנג האָט ער אָבער פֿאָרט ניט געקאָנט. האָט ער אָרגאַניזירט די וואַנדערנדיקע טרופּע, און דאָ האָט הירשביין גענומען דערציילן איינצלהייטן פֿון דער טרופּע. די פֿריידן און די לײַדן פֿון אַזאַ אונטערנעמונג, און בשעת מעשׂה לויב־געזאַנגען פֿאַר כּמעט יעדערן פֿון די קינסטלער פֿון דער טרופּע. אָט די אַלע מעשׂיות האָבן כּמעט אויסגעזען ווי אַ מין אונטערגעשטעלטער שפּיגל, פֿאַר מיר, אַ רײַכער שפּיגל אונטערגעטראָגן פֿון גוטע חבֿרשע הענט.

איך בין אין יענער נאַכט געווען דער ערשטער מיד צו ווערן; די לעצטע מעשׂה האָט מיר הירשביין דערציילט שוין זיצנדיק אויף דרויסנדיקע שטיינערנע טרעפּ פֿון דעם הויז, וווּ איך האָב געוויינט. איך געדענקט נאָך ווי איצט — דאָס איז געווען אַ מעשׂה פֿון זײַנער אַ באַאָבאַכטונג וועגן הינער, וואָס הייבן אָן מיט דעם צופֿאַלן פֿון אָוונט, זוכן פֿאַר זיך אַ צוגעפּאַסט אָרט אויף צו איבערנעכטיקן. דאָס איז אייגנטלעך געווען אַ שטודיע וואָס ער האָט געמאַכט שוין דאָ אין אַמעריקע. זײַענדיק אויף אַ פֿאַרמע ער האָט כּמעט אויפֿגעלעבט דעם כאַראַקטער די פֿאָרמען און די גרויס פֿון יעדער הון באַזונדער. די געלע מיט די ראָבע פֿלעקן פֿלעגן כּמעט שטענדיק זײַן די ערשטע אָנצוהויבן דאָס צוגרייטן דעם שלאָף־פּאַראַד. זי פֿלעג זיך אַזוי ווי גאָר ניט מיינענדיק

נעמען גיין צו דער קלאָץ וואָס איז געלעגן אין הויף, זיך אפילו אַ פּאָר מאָל אָפּקערן אָן אַ זײַט פֿון דער קלאָץ, כלומרשט זוכנדיק וואָס, פּיקנדיק מיט איר שנאָבל אָן דער ערד. אָט די געלע מיט די ראָבע פֿלעקן פֿלעגט פֿונדעסטוועגן פֿאָרט זײַן די ערשטע אַרויפֿשפּרינגען אויף דעם קלאָץ. פֿון דער קלאָץ פֿלעגט זי אַרויפֿפֿליען אויפֿן פּאַרקן. די אַנדערע הינער פֿלעגן איינציקווײַז און אָפּט עטלעכע מיט אַ מאָל אויפֿפּאַטשן מיט די פֿליגלען, זיך צעשטעלן, און זיך פּרווון אײַנזעצן, ווער אויף דער קלאָץ, ווער אויפֿן פּאַרקן, ווער אויף אָן אַלטן פֿײַעטאָן, אָן איבערבלײַבאָכץ פֿון אַמאָליקע יאָרן. נאָכדעם הויבט זיך אָן אָן איבערבײַטן פֿון פּאָזיציעס. עס זעט אויס, אַז יעדע פֿון זיי זוכט פֿאַר זיך אַז אַלץ העכערן פּלאַץ. די געלע הון ענדיקט כּמעט שטענדיק אויף דער רונד פֿון דעם פֿײַעטאָנס בויד. די זון זעצט זיך אויף יענער זײַט פּאַרקאַן און די הינער אויפֿן פֿײַעטאָן און אויף דעם פּאַרקאַן זעען אויס ווי אַ זוים, און נאָכדעם ווי אַ ראָם צו דער זון. דער האָן בלײַבט דער לעצטער אויף דער ערד. אַ שוואַרצער מיט אַ גאָלדענעם האַלדז און אַ שווערן פֿײַערדיק רויטן קאָם גייט ער אַרום הין און צוריק, בורטשעט, פּיקט מיטן שנאָבל אויף רעכטס און לינקס, און ווען ער באַשטימט אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, גיט ער אַ פּאַטש אויף מיט די פֿליגלען און פֿליט אַרויף אויף אַ צווײַג פֿון אַ בוים, בורטשעט אַ ביסל, באַוועגט זיך אַ ביסל אויף דער צווײַג הין און צוריק, זעצט זיך אײַן און שלאָפֿט אײַן אינ־איינעם מיט די הינער, אינאיינעם מיט דער זון.

איך האָב זיך אין דער נאַכט באַגעגנט מיט דעם סאַמע אינע־ווייניקסטן פּנים פֿון פּרץ הירשביין, איך בין געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט אַ מענטשן וואָס איז דאָ און ניטאָ. און ער האָט זיך געראַנגלט מיט מיר און ער האָט מיך בײַגעקומען, און מענטשלעך און וווּנדערלעך איז דאָס געווען.

נו, איצט גייט שלאָפֿן, איגנאַטאָוו. שוין צײַט. יאָ.

הירשביין האָט מיך דאָ אי אויסגעהיילט, אי חבריש אײַנגע־וויגט, אין אַ צײַט ווען מיר איז ביטער ענג געווען. איך געדענק דאָס מײַן גאַנצן לעבן און בויג פֿאַר אים טיף מײַן קאָפּ.

חיים גרינבערג

# אַ בריוו צו פּרץ הירשביין

אין מײַנע אויערן קלינגט אַ זאַץ, וואָס כ'האָב אַ מאָל פֿון אײַך געהערט אויף איינער פֿון אונדזערע וויניקע באַגעגענישן: „עס טוט מיר באַנק, וואָס מיר האָבן זיך באַגעגנט שפּעט אין לעבן".

נאָט זעט, וואָס פֿאַר אַן אומבאַקוועמן זיכּרון איך פֿאַרמאָג. איך באַצייכן אים אַלס אומבאַקוועם, ווײַל ער דערמאָנט אַ ביסל אָן יענעם טיפֿ מיידל, וואָס איז אויסגעהונגערט אויף אַ גוט וואָרט, און גליטשטסט דו זיך אַ מאָל אויס מיט אַ קאָמפּלימענט, וועט זי אים שוין ביז דער געבורט פֿון דײַן אור־אייניקל ניט פֿאַרגעסן און וועט אַלץ וואַרטן און רק וואַרטן, דו זאָלסט יענעם קאָמפּלימענט איבערחזרן. אמת, דער השם יתברך האָט ניט געלאָזן אַז איך זאָל שטאַרק זשעדנע זײַן אויף אַ פֿרײַנדלעך וואָרט, אָבער דער זאַץ אָן וועלכן איך דערלויב זיך איצטער אַזוי ניט־צניעותדיק אײַך צו דערמאָנען, ווײַל ער איז געקומען פֿון אײַך, האָט מיך שטאַרק גע־רירט. איך האָב אויך דעם געפֿיל, אַז ווען מיר וואָלטן זיך געווען באַגעגנט אין פֿריערע יאָרן, וואָלטן מיר איינער דעם אַנדערן גע־קאָנט עפּעס „געבן" מערער ווי מיר זײַנען ביכולת איצטער.

אייגנטלעך ווייס איך ניט קלאָר, פֿאַרוואָס איך האָב דערפֿון אָנגעפֿאַנגען מײַן בריוו. איך שרײַב ווי עס שרײַבט זיך „פֿון זיך אַליין", אָן אַ פּלאַן און אָן אַ באַשטימטער כּוונה. אפֿשר ווירקט דאָ דער אײַנדרוק פֿון אַלטע יידישע פֿאָלקס־מעשׂיות, מיט וועלכע איך האָב זיך די טעג אָנגעלייענט (אַגבֿ, קוקט אַ מאָל אַרײַן אין די פֿיר בענד „ספֿר המעשׂיות", וואָס מרדכי בן יחזקאל האָט אַרויסגעגעבן אין ארץ־ישׂראל), און אין יענע זאָפֿטיקע שטיקער פֿאָלקלאָר שפּילט אַ גרויסע ראָלע דער מאָטיוו פֿון „קאַרמאַ" — פֿון גילגולים, רע־אינקאַרנאַציעס און כּלערליי געבורט־טראַנספֿאָרמאַציעס. לייענענ־

דיק דעם דאָזיקן שטאָף, שווימען אויף, ווילנדיק־ניט־ווילנדיק, די משונהדיקסטע מחשבות, און איינע פֿון זיי איז, אַז ווען ראובֿן זאָגט צו שמעונען (זאָגט און מיינט עס טאַקע), אַז אים טוט באַנק פֿאַר־וואָס זיי האָבן זיך באַגעגנט שפּעט אין לעבן, און שמעון פֿילט דאָס זעלביקע — כאָטש אַזעלכע דיאַלאָגן קומען מערסטנטייל פֿאָר צווישן אַן אָדם און אַ חוה — איז דאָס „אַ סימן", אַז אין אַנדער גילגול זײַנען זיי געווען גאָר־גאָר אינטימע פֿרײַנד און עס איז זיי געבליבן אַ פֿאַרנעפּלטער זיכּרון פֿון יענער ידידות, אָדער גאָר . . . אַז אין אַ קומענדיקן גילגול וועלן זיי געפֿינען אַ תּיקון פֿאַר דער פֿאַרשפּעטיקונג. אָבערגלויבן? עס קען זײַן אַז יאָ (דער אומ־שטערבלעכער „משׂכּיל" אין אונדז קלאַפּט אָן טיש און שרײַט אויף זײַן תּרגוליש־זיכער קול: אָבערגלויבן, זיכער אַבערגלויבן!), אָבער אויב יאָ איז דאָס אַן אַבערגלויבן מיט שווונג און — מעג מען עס זאָגן אין אונדזערע „דעמאָקראַטישע" טעג? — מיט אַ גרויסן יחוס: מיטן יחוס פֿון בודיזם, קבלה, חסידות.

אפֿשר זײַט איר גאָר אַליין דער גורם פֿון אַזעלכע „אומצײַט־געמעסע געדאַנקען". און ווייסט איר פֿאַרוואָס איך טראַכט אַזוי? ווײַל איך האָב דעם געפֿיל, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן אײַך און אַזעלכע ווי איר, זײַנען די באַרימטע „מאָה ועשׂרים" סקאַנ־דאַליעז ווייניק, און אַז די וועלט פֿירט זיך מיט אַ טאָלק, מוז זי אָנקומען צו גילגולים, כּדי אַ בשׂר ודם וואָס האָט אין זיך מער ווי בשׂר־ודם, זאָל קענען דורכמאַכן דעם ציקלוס פֿון מענטש־זײַן. ווי אַזוי זאָל איך זיך מאַכן פֿאַרשטענדלעך? איך קען מענטשן, וואָס עס קומט זיי ניט אַריכות־ימים. עס קומט זיי ניט, ווײַל זיי דאַרפֿן עס ניט האָבן; נאָך די אַכציקער, לאָמיר זאָגן, ווייסן זיי גאָר ניט וואָס צו טאָן מיט זיך: אפֿילו פֿאַר קאָרטן־שפּילן האָבן זיי שוין קיין אָכאָטע ניט. ניט אומזיסט עקסיסטירט אין אונדזער מאַמע־לשון אַזאַ אויסדרוק ווי „געשענקטע יאָרן", ד"ה יאָרן אויף וועלכע די באַשאָנקענע האָבן ניט קיין רעכט. ווען איך וואָלט גע־האַט די העזה צו „רעדאַגירן" פֿאָלקס־שפּראַך, וואָלט איז זיי בע־סער אָנגערופֿן „יאָרן לבֿטלה". פֿון דער אַנדער זײַט, זײַנען פֿאַ־ראַן אַזוינע, וואָס דער לענגסטער אַריכות־ימים איז פֿאַר זיי צו

קורץ. ניט ווײַל זיי זײַנען, חס וחלילה, אַזעלכע זולל־וסובאניקעס אויף סתּם „עקסיסטענץ", נאָר ווײַל זיי זײַנען — איך האָב איצט ניט קיין בעסערן אויסדרוק — אַזוי דינאַמיש־נײַגעריק, אַז קיין „שבֿע ימים" קענען זיי קיינמאָל ניט ווערן און אַלטקייט קלעפּט זיך דערפֿאַר צו זיי ניט צו. אויף וואָס זײַנען זיי אייגנטלעך נײַגעריק? אויף זאַכן, געדאַנקען און געפֿילן, אויף דערשײַנונגען און חצי־דערשײַנונגען, אויף פֿאַרבן און קלאַנגען אין זייערע אומ־צייליקע וואַריאַציעס, אויף לאַנדשאַפֿטן און קאָלירטן, אויף די אומצייליקע מאַניפֿעסטאַציעס פֿונעם אין־סוף. אַזעלכע, רעד איך מיר איין, ווערן ניט אַלט, ווײַל, סוף־כל־סוף, וואָס איז אַלט־קייט? פֿיזיאָלאָגן זײַנען מסתּמא גערעכט מיט זייערע דעפֿיניציעס און באַשרײַבונגען (גערעכט, אַזוי צו זאָגן, לשיטתם), אָבער גע־רעכט איז אויך דער, וואָס ווייסט, אַז אַלטקייט איז, פֿאַר אַלעמען, מאַנגל פֿון דעם וואָס איך רוף אָן „נײַגעריקייט" (ווער עס האָט וועגן דעם ספֿקות, זאָל ער זיך גוט אַרײַנקלערן אין דער אומבאַ־גרענעצטער און געבענטשטער נײַגעריקייט פֿון קינדער).

וואָס מיר אימפּאָנירט אין אײַך, איז, פֿאַר אַלעמען, די אומגע־הײַער גרויסע נײַגעריקייט־פּאָטענץ, וואָס איר טראָגט אין זיך. עס איז ניט קיין צופֿאַל וואָס איר האָט אין אייער לעבן אַזויפֿיל געוואַנדערט (אַז מיר רעדן שוין דערפֿון, מעג איך זאָגן, אַז איך בין אײַך שטאַרק חושד, אַז אײַער כאַראַקטעריסטישע וואַנדער־לוסט האָט אײַך נאָך ניט פֿאַרלאָזן און איר וואָלט נאָך איצטער געוועזן אַ בלען (חבֿר זעצער! איך שרײַב ניט צופֿעליק „בלען און ניט „בעלן") זיך דורכשפּאַצירן, לאָמיר זאָגן, קיין טיבעט, ווען עס מישט זיך ניט אַרײַן יענער אומגעבעטענער גאַסט, וואָס לעבט אויפֿן פּאַספּאָרט פֿון „אומשטענדן". שאָפּענהויער פֿלעגט זאָגן, אַז וויפֿיל שפּראַכן אַ מענטש קען אַזוי פֿיל מאָל מענטש איז ער. איך בין אין דעם כּלל ניט זיכער. כ'האָב געקאָנט פּאָליגלאָטן, וואָס זײַנען אַפֿילו אַזאַ באַגאַטעלע ווי „איינמאָל מענטש" ניט גע־ווען. מיר דוכט זיך אָבער, אַז וויפֿיל לענדער אַ מענטש האָט געזען — ניט בלויז אַפּטיש־טוריסטיש אָנגעקוקט, נאָר זיי משׂיג געווען און אין זיך אַרײַנגענומען — אַזוי פֿיל מאָל מענטש איז ער. און



פּרץ הירשביין און זײַן פֿרוי אסתּר שומיאַטשער
אין קאַרמעל, קאַליפֿאָרניע, 1931

ווען איך טראַכט וועגן אײַך, ווייס איך, אַז איר האָט ניט סתּם „באַזוכט״ לענדער, נאָר איר האָט זיך אַן זיי מתדבק געווען: אַן זיי און אַן זייערע פֿעלקער, אַן זייערע לאַנדשאַפֿטן און אַן זייערע „שכינות״, אַן די לײַדן און פֿריידן און אַן די גוטסקייטן פֿון זייערע באַוווינער. און איך מיין, אַז זײַענדיק און בלײַבנדיק אַ ייִד (דאַרף איך אײַך דערמאָנען, ווי אומפֿאַרענדערלעך, פֿאַטאַל ייִדיש איר זײַט?), וואָלט איר אין משך פֿון לעבן געוואָלט „זײַן״ אויך אַ כינעזער און אַ נאַרוועגיער, אַן ענגלענדער און אַ פּאַפּואַ, אַ גריך און אַן עסקימאָ. און ניט נאָר דאָס: אויך אַ פֿידלשפּילער און אַ קוילנגרעבער, אַ נאַוויגאַטאָר און אַ בינענדיכטער, אַ טענ־צער און אַ נזיר, אַ לאַבאָראַטאָריע־פֿאָרשער (ווו נעמט מען נאָר אַזוי פֿיל צײַט?) און אַ תּהלים־זאָגער. ניט אומזיסט איז אײַך ליטע־ראַטור ווייניק און פֿון צײַט צו צײַט ווילט זיך אײַך מאָלן בילדער אויף לײַוונט און קלעפּן פֿיגורן פֿון גיפּס, שפּילן פּיאַנאָ און פֿאַר־פֿאַסן ניגונים, זיך „ארײַנגאַפֿן״ אינעם שטומען סוד פֿון אַ קריש־טאַל, פֿון אַ מינעראַל, פֿון אַן אַנדערן דומם, זיך צוצוהערן מיט דרך־ארץ צו „שׂיחת חיות ועופֿות״, אַרויסצוצויבערן פֿון אַ בלעטל אָדער גרעזל די אַנטפּלעקונג פֿון זײַן „פֿערזענלעכקייט״. פֿון וואַנען נעמט זיך דאָס אַלץ בײַ אײַך, בײַ אַזעלכע ווי איר? איך ווייס ניט. סײַדן אַנהויבן אויף אַן אמת טראַכטן, אַז אַ מענטש איז ניט קיין טייל פֿון דער וועלט, נאָר די וועלט גופֿא, די גאַנצע וועלט בזעיר־אַנפּין, אַן „עולם קטן״ וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַלע יסודות און אַלע סודות פֿונעם „עולם גדול״ — אַז ער איז אי אַ דומם, אי אַ צומח, אי אַ חי, אי אַ מדבר, אי בכּוח דאָס, וואָס עס וועט מסתּמא אַ מאָל האָבן נאָך אַ העכערן שיעור־קומה פֿונעם איצטיקן מדבר, און אַז ס׳איז אין דעם גאַנצן אין־סוף ניט פֿאַראַן גאָרנישט, אָבער טאַקע לחלוטין גאָרנישט, וואָס זאָל אים זײַן ווע־זענס־פֿרעמד.

איך האָב ניט מורא, טאָמער וועט איר מיך איצט אַ פֿרעג טאָן: „נו, איז וואָס? ווהין צילט איר און וואָס אייגנטלעך ווילט איר מיר אָנזאָגן?״ איך פֿאַרשטיי אַליין, אַז איך האָב מיר דאָ בלויז געלאָזן . . . „וויל־גיין״ מיט פֿרײַע אַסאָציאַציעס. צי

די דאָזיקע אַסאָציאַציעס זײַנען „באַרעכטיקטע“ (אָנגענומען, אַז עס זײַנען פֿאַראַן אויך „אומבאַרעכטיקטע“), צי זיי טרעפֿן „אין פּינטל אַרײַן“, צי קערן זיי זיך בכלל אָן מיט אײַך — איז ניט פֿאַר מיר צו אורטיילן. אָט אַזאַ (אימפּרעסיאָניסטיש?) ברייוול איז די איינציקע אָרעמע מתּנה, וואָס איך בין הײַנט ביכולת אײַך צו געבן.

און דאַרף איך אײַך זאָגן צום שלוס, אַז איך ווינש אײַך אַ סך געזונט און אַריכות־ימים? פֿאַר אײַער אַריכות־ימים האָב איך ניט מורא: זי וועט אײַך ניט אַלט מאַכן. אָט יענע „נײַגעריי־קייט“, וואָס דער אויבערשטער האָט אײַך געגעבן, וועט אײַך שטענדיק האַלטן „הונגעריק“ און ממילא שוין — יונג.

אויגוסט 1941, גלענוואַילד, ניו־יאָרק.

## א. גלאַנץ־לעיעלעס

# אַ וויכטיק קאַפּיטל פּרץ הירשביין

פּרץ הירשביין אַליין, ווי מען קאָן עס זען פון זײַן שרײַבן, און ווי איך האָב עס אָן אַ שיעור מאָל געהערט פון זײַן מויל, האָלט נישט צו־פיל פון טעאַטער. אָפּטמאָל האָט ער זיכער באַטראַכט טעאַטער ווי אַ מין אָנשיקעניש, אַן אומגליק אויף זײַן קאָפּ. און דאָך זײַנען יידיש טעאַטער און פּרץ הירשביין צען און הונדערט מאָל פאַרקניפּט צווישן זיך. און דאָך איז פּרץ הירשביינס אַק־טיוויטעט אין און אַרום טעאַטער איינער פון זײַנע גרעסטע — אויב נישט גרעסטער — אויפטו פאַר אונדזער ליטעראַטור, פאַר אונדזער גאַנצער קולטור.

איך ווייס בלויז פון לייענען וועגן דעם ענין אין אייראָפּע. וואָס שײַך אַמעריקע, קאָן איך פערזענלעך עדות זאָגן, אַז פּרץ הירשביינס פּיעסן זײַנען פאַרבונדן מיט אַ פּעריאָדע אין יידישן טעאַטער, וואָס קאָן מיט רעכט באַטיטלט ווערן רענעסאַנס — וואָלט אונדז נאָר איצט בכלל געווען בעסער אויפן האַרצן, און מיר וואָלטן מיט אַ גרינגער געמיט געקאָנט באַנוצן שיינע, קלינגענדיקע ווער־טער אַרום אונדזער גײַסטיקער טוונג!

נאָר אַ פאַקט איז עס. אין די יאָרן באַלד נאָך דער מלחמה, ווען עס איז אויפגעקומען מאָריס שוואַרצעס קונסט־טעאַטער, האָט פּרץ הירשביין אַ הייב געטאָן דעם ניוואָ פון דער יידישער בינע אויף אַזאַ אופן, אַז עס איז קענטיק געווען אין אונדזער גאַנצן גײַסטיק־קולטורעלן לעבן.

פריער פלעגן בלויז אַמאַטאָרן אויפפירן הירשביינס זאַכן. איך געדענק אַזאַ מין אויפפירונג דאָ אין אַ קליינעם, אָרימען זאַל, מיט נאָך אָרימערע בינע־מעגלעכקייטן. פּרץ הירשביין איז אויך דערבײַ געווען, געזעסן אַ ריי פאַר מיר. מיר האָבן זיך נאָך פערזענלעך נישט געקענט, און דעם אמת געזאָגט, האָב איך —

נאָך גאָר אַ יונגער בחור יעמאַלט — געקוקט מיט גרויס יראת־הכּבֿוד אויף הירשביינס פּלייצע. אַז ער איז שוין געווען באַרימט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, י. ל. פּרץ האָט אים שוין געהאַט געלויבט ביזן זיבעטן הימל און זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר אים קעגן פֿאַרשידענע אָנפֿאַלן! איך אַליין — איך האָב זיך נאָך געשעמט מודה צו זײַן, אַז איך שרײַב לידער, און חלום נישט מער און נישט ווייניקער ווי צו ווערן דער ייִדישער מאָדערניסט אויף אַן אייראָפּעיִשן שטייגער.

פּלוצלונג זע איך, אַז הירשביינס פּלייצע שאָקלט און טרייסלט זיך, ווי אין ספּאַזמען.

דאָס האָט ער אַזוי געלאַכט, אַרײַנגעלאַכט זײַן שכן אין אויער דעם קאָמיזם, וואָס די אַמאַטאָרן האָבן אַרויסגערופֿן מיט עפּעס אַ גאָר אומגעלומפּערטער „בולבע״ אין אַ דיאַלאָג, צי אין אַ סיטואַציע.

מיר האָט אַזאַ האַלטונג שטאַרק אימפּאָנירט, בנאמנות. זען, ווי מען צעפּטרט דיר דיינס אַ ווערק און גאָר לאַכן! דער הירש־ביין, האָב איך געטראַכט, מוז זײַן אַ גאָר פֿײַנער, גוטמוטיקער מענטש. א י ך וואָלט זיך אויפֿגעגעסן פֿון פֿאַרדראָס, געוואָרן בייז און אפֿשר געמאַכט אַ סקאַנדאַל.

אָט דער עפּיזאָד איז פֿאָרגעקומען פֿאַר דער וועלט־מלחמה, בעת איינעם פֿון הירשביינס ערשטע וויזיטן אין אַמעריקע.

נאָך דער מלחמה האָט אפֿשר הירשביין אַליין נישט גע־טראַכט, אַז ער וועט ווערן דער צענטער פֿון אַ נײַעם און טיפֿן אויפֿלעב אין דער געשיכטע פֿון היגן ייִדישן טעאַטער.

מאָריס שוואַרץ האָט אינאיינעם מיט אַ גאַנצער גרופּע נײַע יונגע אַקטיאָרן, ווי בן־עמי, לאַזאַר פֿריד, מאַרק שווייד, יחיאל גאָלד־שמידט, גרשון רובין, ציליע אַדלער, חנה אַפּעל, בערטע גערסטין, א״אַ, באַשלאָסן צו גיין אויף אייגענע קעסט, גרינדן אַן אייגענע טרופּע. צי ער האָט יעמאָלט געוואָלט טאַקע געבן אַן אַנדערשדיקן בעסערן רעפּערטואַר, בין איך נישט זיכער. מיר דאַכט זיך, אַז ניין. מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט זיך פֿאַרנומען אויף אויסגעטרעטענע וועגן, און — איז ברוך השם דורכגעפֿאַלן מיט אַ קנאַק.

האָט מען איינגעטענהט מיט מאָריס שוואַרצן:

„אויב דאָס אייגענע, וואָס אַנדערע פֿאַר דיר און מיט דיר — צו וואָס, איך בעט דיך, דאַרף מען דיך אינגאַנצן? עס מוז זײַן עפּעס אַנדערש, פֿאַניע שוואַרץ, אַנישט . . .״

אָט יעמאָלט איז עס אונטערגעקומען פּרץ הירשביין.

איך בין זיכער, אַז מאָריס שוואַרץ האָט געמאַכט די פּראָבע מיט פּרץ הירשביינס טעאַטער־אידיליעס נישט מיט אַ צו־לײַכט האַרץ. ער האָט פּשוט נישט געגלייבט, אַז עס וועט גיין.

אָבער אַנערקענונג קומט אים, וואָס ער האָט ווייניקסטנס אײַנגעשטעלט, געפּרוווט.

און צי עס איז „געגאַנגען״?

פֿרעגט שוין נישט!

דאָס איז געווען אַזאַ „גיין״, אַז מיר וועלן עס קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן. בינע און עולם האָבן זיך פּשוט געוואָרפֿן אין די אָרעמס פֿון פֿאַרגעניגן, באַגײַסטערונג, התעוררות. נאָך יעדער אויפֿפֿירונג האָבן די אַפּלאָדיסמענטן נישט געוואָלט אויפֿהערן. מאָריס שוואַרץ האָט געהאַלטן רעדעס יעדע נאַכט, הירשביין איז מיד געוואָרן פֿון „דערשײַנען״ אויף דער בינע און פֿון נייגן זיך צו דעם אַלגעמיינעם ענטוזיאַזם.

וואָס איז עס געווען אַזוינס?

מען מעג עס פֿאַרשרײַבן אויפֿן חשבון פֿון וואָס מען וויל: די רעאַקציע נאָך דער מלחמה־צערודערונג, ממילא אַן אויפֿנעם־גרייטקייט פֿאַר די גרין־פֿעלדערדיקע אידילישקייטן; אַ ווילן פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ צו האָבן אַ בעסער, טאַקע אַ ליטע־ראַריש טעאַטער; גרעסערע ליבשאַפֿט צו ייִדישקייט אַ דאַנק דער נאָך־מלחמהדיקער נאַציאָנאַלער אויפֿוואַכונג, אַ דאַנק דעם נײַעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן.

אָבער חוץ דעם אַלעם — טאַקע פּרץ הירשביין אַליין. די זויבערקייט פֿון זײַן אייגענעם לעבנס־באַנעם, די פֿאָלקסטימלעכ־קייט פֿון זײַן לשון, זײַן אייגענע מענטשלעכע וואַרעמקייט, וואָס ער האָט אַרײַנגעטאָן אין די פֿאַרשוינען פֿון יאָדערדיקע פֿאָלקס־טיפּן.

איך דערמאָן זיך, ווי בײַ אַ באַנקעט, וואָס מאָריס שוואַרץ

האָט אין דער פּולקייט פֿון זײַן האַרץ, נאָך דעם פֿענאָמענאַלן דערפֿאָלג פֿון די „גרינע פֿעלדער" געגעבן לכּבֿוד דעם „שולדיקן" פֿון דעם סוקסעס, האָט פּרץ הירשביין געזאָגט:

„עס איז נישט בלויז מײַן אויפֿטו. איך האָב דאָ געגעבן פּשוטע ייִדישע מענטשן. איר זײַנט דען אַ מבֿין, ווי אַ ייִדישע מאַמע קאָן מיט איר ווארעמקייט אָנפֿילן די בינע?"

דאָס זײַנען געווען ערלעכע און אמתע ווערטער.

די „גרינע פֿעלדער", „דעם שמידס טעכטער" און אַנדערע — דאָ זײַנען צוריקגעקומען צו די אַמעריקאַנער ייִדן ייִדישע מאַמעס, ייִדישע טאַטעס, און עס האָט זיך געטאָן. די אַקטיאָרן אַליין זײַנען געווען גרינטלעך צעוואָרעמט. זיי האָבן אַליין הנאה גע־האָט און מיר אַלע — מיט זיי. און אָט דאָס פּשוטע, דאָס ייִדישע און פֿאַלקסטימלעכע, האָט זיך גיך איבערגעזעצט אין דעם באַוווסט־זײַן פֿון אַלע, ווי אַ נײַע עפּאָכע אין ייִדישן טעאַטער. באמת: רענעסאַנס.

ווער האָט דען יעמאָלט נישט געהאַלטן שיעור נישט פֿאַר זײַן „נאַציאָנאַלן חובֿ" צו לויבן הירשביינס פּיעסן, שיקן דעם עולם אין ייִדישן טעאַטער? איך האָב קיין מאָל נישט געטראַכט צו ווערן אַ טעאַטער־רעצענזענט (ווי איך בין עס שפּעטער דווקא יאָ גע־וואָרן אויף דרײַ יאָר צײַט), נאָר צו זינגען הללויהס צו מאָריס שוואַרצעס הירשביין־אויפֿפֿירונגען — מיטן גאַנצן האַרץ, מיט דער גרעסטער ווילִיגקייט!

אין רעצענזיע מײַנע אויף דער טעאַטער־זײַט פֿון „טאָג" האָב איך אָנגערופֿן: „גייט זען פּרץ הירשביינס דראַמע אין דעם ייִדישן קונסט־טעאַטער".

איז צו־מאָרגנס געקומען צו מיר דער פֿאַרשטאָרבענער טע־אַטער־אונטערנעמער גאַטי, וואָס האָט געשטאַמט פֿון וולאָצלאַוועק, געקענט מײַן וולאָצלאַווקער זיידע, און דערפֿאַר באַשלאָסן, אַז ער האָט אַ רעכט מיך צו דוצן, און אויסגעשאָסן:

„דו ווייסט, וואָס אַזאַ רעצענזיע איז ווערט פֿאַר אַ טעאַטער? ווען דו זאָלסט בײַ מיר בעטן פֿאַר אַזאַ קעפּל 500 דאָלאַר, וואָלט איך דען זיך אַ מינוט פֿאַרטראַכט?"

דאָס איז געווען די מאָס התפּעלות און פֿאַרחידושטקייט, וואָס דער הירשביין־„בום" האָט אַרויסגערופֿן בײַ אַנדערע טעאַטער־פֿאַרוואַלטער. זייער חשבון איז געווען אַ זייער פּשוטער.

פֿאַר דער קאַסע, האָט געגאָלטן דער כּלל, טויגן ליטעראַרישע פּיעסן אויף כּפּרות. מען לייגט צו די בעביכעס. כ'וויס, אַ ליטעראַרישע פּיעסע גיט מען אַ מאָל אין אַ יובֿל פֿאַר אַ בענע־פֿיט, אויס רעספּעקט צו אַן אַקטיאָר מיט אַ נאָמען. מיט אַנדערע ווערטער: אַ ליטעראַרישע פּיעסע איז אַ כּבֿוד־פּיעסע. פֿאַר דער קאַסע שפּילט מען עפּעס אַנדערש. אָבער דאָ — זע נאָר: מאָריס שוואַרץ מאַכט געלט מיט פּרץ הירשביינען, מיט ליטעראַטור, הייסט עס (ליטעראַטאַציע — אויפֿן לשון פֿון די „מענעדזשערס")!"

פֿאַקטיש האָט פּרץ הירשביין געהאַט אַט די שאַפֿערישע, באמת רעוואָלוציאָנערע ווירקונג אויף אַנדערע טעאַטערס. מען האָט אָנגעהייבן צו זוכן גוטע פּיעסן, שיעור נישט יאָגן זיך נאָך זיי.

דאָס אַלץ איז געווען מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק. פּרץ הירשביינס אויפֿטו פֿאַרן ייִדישן טעאַטער איז גאָר נישט איבערצושאַצן. עס איז אַ שיין שטיק ייִדישע קולטור־געשיכטע פֿון אַמעריקע. מיט שאַרפֿער נאָסטאַלגיע ציען מיר זיך צוריק צו יענער צײַט. עס איז די נאָסטאַלגיע נאָך דער יוגנט, נאָך די חלומות, וואָס מען האָט געחלומט. איבער דעם הענגט אַזאַ מין לילאַ־בלויער שלייער, אַ ביסל באַשפּרינקלט מיט גרין — דאָס זאַפֿטיקע, קערנדיקע גרין פֿון פּרץ הירשביינס גאַנג אין אונדזער ליטעראַטור, אין אונדזער גאַנצן קולטור־לעבן.

ווען אַ ליאַדע־ווער האַלט שוין בײַ אונדז נאָך דעם 50־יאָריקן יובילײַ, איז נישט צו־שווער צו גלויבן, אַז פּרץ הירשביין איז שוין טאַקע מיט אַן אמת אַ בן־שישים. לוח איז לוח, און עס איז אונדזער אַלעמענס טײַערער יום־טובֿ. מיין איך, אַז עס איז נישט איבעריק צו דערמאָנען דאָ אַ ווײַכטיק קאַפּיטל פֿון זײַן רײַך שאַפֿעריש לעבן, אַ קאַפּיטל, וואָס איך האָב אַרויסבאַקומען פֿון מײַן אייגענעם זכּרון, און וואָס ער — ווער ווייס? — האָט שוין אפֿשר אַליין פֿאַרגעסן.

## ברוך גלאַזמאַן

# הירשביין — און די ייִדישע יוגנט

איצט איז הערבסט. און ניט קיין גאָלדענער אַמעריקאַנער הערבסט, נאָר אַ גרויער, אַ רעגנדיקער, אַ בלוטיק־רעגנדיקער הערבסט . . . הערבסט אין אייגענעם געמיט, הערבסט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, הערבסט אויף דער גאַנצער וועלט.

אָבער מיט יאָרן — און יאָרן, און יאָרן, און יאָרן . . . — צוריק איז געווען פֿרילינג. פֿרילינג אינעם אייגענעם לעבן אויך, געוויס. אָבער דער עיקר — פֿרילינג אויף דער גאַנצער וועלט. די גאַנצע וועלט איז נאָך געשטאַנען ערב: ערב דער פֿאַרווירקליכונג פֿון אַלערליי אידעאַלן,—סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע, אָדער עטיש־אינדיווידועלע. די גאַנצע וועלט איז נאָך פֿול געווען מיט די פֿאַרביקסטע האָפֿענונגען, אויך די ייִדישע ליטעראַטור האָט דורכ־געלעבט אַ וווּנדערלעכן פֿרילינג, — יאָ, אויך דער ייִדישער לע־זער איז געווען יעמאָלט אַ פֿרילינגדיקער, אַ יוגנטלעכער . . . און איינעו פֿון אָט די יוגנטלעכע לעזער פֿון דער ייִדישער ליטע־ראַטור איז געווען „דער שרײַבער פֿון די דאָזיקע שורות".

צו יענער צײַט איז ער אויך געווען אַ „יוגנטלעכער", כאָטש מיט דעם דאָזיקן טערמין האָט ער זיך דעם ערשטן מאָל באַקענט ערשט מיט פֿילע יאָרן שפּעטער. ווען ער איז שוין געווען אַ דער־וואַקסענער מענטש און אַן אַמעריקאַנער, און אָנגעהויבן מאַכן זײַנע „בנימינדל"־נסיעות איבער דער וועלט, האָט ער צום ערשטן יעמאָלט זיך אָנגעשטויסן אין מזרח־איראָפּע אָן דעם וווּנדערלעכן ייִדישן שבט פֿון די „יוגנטלעכע", וואָס אין אַמעריקע איז ער שוין לאַנג אַ פֿאַרשווּנדענער שבט, אויב ער האָט דאָ ווען־עס־איז עקסיסטירט . . .

יאָ, צו יענער צײַט איז ער אַלײַן געווען אַ „יוגנטלעכער", ווי טויזנטער און צענדליקער טויזנטער ייִדישע לעזער פֿון זײַנס

גלײַכן. פֿרילינג־פֿיבער אין בלוט — און יוגנט־גלאַנץ אין די אויגן. פֿרילינג, אַנהויב, גלויבן . . . אָבער גלויבט מיר, דאָס זײַנען געווען מער, פֿיל מער ווי סתּם סימפּטאָמען פֿון „יוגנט״ אומעטום! אַזאַ יוגנט, ווי די רוסיש־ייִדישע (אָדער זאָגן מיר בעסער „מזרח אייראָפּעיִש״־ייִדישע: רוסישע, פּוילישע, ליטווישע, גאַליצישע . . .) איז בײַ קיין פֿאָלק ניט געווען, און האָט אויך ניט געקאָנט זײַן.

ווײַל ס׳איז געווען די יוגנט בײַ אַ פֿאָלק, בײַ וועמען „יוגנט״ פֿלעגט אין פֿאַרלויף פֿון דורות און דורות סיסטעמאַטיש און אײַנגעעקשנט פֿאַרשעמט ווערן, דערשטיקט ווערן. און מיט אַ מאָל איז זי צום לעבן געקומען, מיט אומגעוויינלעכן אימפּעט און דורשט און הונגער זיך אַ שפּאַר געטאָן אין דער גרויסער וועלט אַרויס — און זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן מיט ניט־געזעטיקטער און קוים־אָנגערירטער ליבשאַפֿט אויף אַלץוואָס איז איר אַנטקעגנגעקומען אין וועג!

און וואָס פֿאַר אַ ליבשאַפֿט, און וואָס פֿאַר אַ פּיעטעט זי האָט עס אַרויסגעוויזן צום ייִדישן שריפֿטשטעלער וועלכער איז נאָך, אָפֿטמאָל, אַליין אויך געווען צו יענער צײַט שיעור ניט אַ „יוגנטלעכער״, — אַלנפֿאַלס, נאָך גאָר אַ יונגער מענטש . . . מיט וויפֿיל פֿריידיקער האַרצקלאַפּעניש זי פֿלעגט עס נאָכפֿאָלגן, פֿון דער נאָענט און פֿון דער ווײַטנס, די טוונגען און די דערגרייבונגען פֿונעם ייִדישן וואָרט־קינסטלער, יעדער נײַ בוך זײַנס, יעדער ווערק, אָדער אפֿשר שטיקל פֿון אַ ווערק (ס׳איז געווען יעמאָלט די צײַט פֿון „פֿראַגמענטן״, וואָס איז אַליין אויך געווען עפּעס אַזאַ כשופֿדיק וואָרט . . .).

מיר פֿלעגן נאָכפֿאָלגן מיט ליבע־פֿולן האַרץ און נשמה־ציטער ניט נאָר גופֿא די ווערק, נאָר אפֿילו די מינדסטע פּעטיט־מעלדונג און אַנאָנס וועגן ווערק, וואָס געפֿינען זיך נאָך ערשט אין די שרײַבערישע טינטערס (כאָטש אַזאַ מין פּראָזאַיִשער אויסדרוק וואָלט צו יענער צײַט געווען פֿאַר אונדז דער גרעסטער חילול־השם!), אָדער זײַנען אָקאָרשט פֿאַרענדיקט געוואָרן, אָדער גייען בלויז אַרויס פֿון דרוק!

די בלינד־מאַכנדיקע פעטיט־שריפט פון דער „ליטעראַרישער כראָניק" אין אַ יידישער צײַטשריפט איז פאַר אונדז געווען אַ וווּנדער־וואַלד, אַ צויבער־ווינקל: וויפיל אומגעריכטע פריידיקע זאַכן און בשורות מען האָט דאָרט געקאָנט אָנטרעפן . . . עס פלעגן דאָרט פאַר אונדז אויפזינגען ממש די נעמען פון ווערק און פון שרײַבער — ווי נאָטן, ווי מוזיקאַלישע טערמינען . . . בפרט נאָך, ווען דער נאָמען פון אַ שרײַבער איז געווען אַזוי מוזי־קאַליש, ווי דער נאָמען פרץ הירשביין.

אָבער דערוויַיל האָב איך מיך אַראָפּגעגליטשט פון דער דריטער פערזאָן אויף דערערשטער (כאָטש נאָך אַלץ בלשון רבים) — טאָ לאָמיך שוין פאָרטזעצן „ערשטע פערזאָן, איינצאָל", ווי עס איז פאַר מיר פיל נאַטירלעכער.

* * *

ס'איז געווען אַ קליין שטעטעלע אויפן גרענעץ פון מאָליווער און טשערניגאָווער גובערניעס, ווו דער מוזיקאַלישער נאָמען פרץ הירשביין האָט צום ערשטן מאָל פאַר מיר אויפגעקלונגען.

געלערנט אין דער דאָרטיקער ישיבה. אויף איינעם פון מײַנע „טעג" בײַ אַן אַפּטייקער זיך צום ערשטן מאָל אָנגעשטויסן אָן מאָדערנע יידישע זשורנאַלן. אין דער גויישער שטאָט קיעוו פון וואַנען איך בין אַהער געקומען צו פאָרן, בין איך (אינעם יידישן זין) געווען צו איינזאַם אויף צו האָבן מעגלעכקײַטן צו זען יידישע שריפטן. מײַנע יעמאָלטיקע חברים זײַנען נאָך ניט געווען פון יענעם סאָרט, וואָס אינטערעסירן זיך מיט אַזעלכע ענינים. האָב איך דעריבער דאָ, בײַ דער ערשטער געלעגנהייט, זיך הונגעריק צוגעכאַפּט צו די שלעבט־געדרוקטע, לויז־געבונדענע ווילנער, און וואַרשעווער פאַרטיי־זשורנאַלן.

די פאָליטישע און פאַרטיי־אַרטיקלען האָבן מיך ניט אָנגע־הויבן אַפילו צו אינטערעסירן. אָבער דערפאַר: „קבֿרים בלומען", „אויף יענער זײַט טײַך", „איינזאַמע וועלטן" . . . פונקט ווי דער נאָמען פונעם שרײַבער, אַזוי האָבן אויך געקלונגען מוזיקאַליש די נעמען פון די דראַמעס, אָדער דראַמאַטישע פאָעמעס. און פונקט ווי זייערע נעמען, האָבן אויך מוזיקאַליש פאַרכישופט

זייערע שורות, דיאַלאָגן . . . ווײַל ס'איז ניט געווען דער אינהאַלט (וועלכן כ'האָב אפשר גאָרניט פאַרשטאַנען) וואָס האָט אַזוי גע־כישופט ווי די ווערטער אַליין, ווי דער מוזיקאַלישער טאָן פון זייער צוזאַמענשטעלונג.

מיט אַ יאָר שפּעטער, שוין אין קיעוו אַליין, קריג איך אין דעם לייען־זאַל פון דער חבֿרה־מפיצי־השׂכלה ביבליאָטעק צו לייענען די ראָמאַנטיש־אויסזעעוודיקע „ליטעראַרישע מאָנאָט־שריפטן", מיטן פאַרבענקטן פּרויען־קאָפּ, אויפן ברייטן ליידיקן פעלד פון דער גרויסער הילע, ווי אַן איינזאַם־בליענדיקער בוים אויף אַ פלאַכן ליטווישן לאַנדשאַפט . . . איך לייען די „וואַנדערער־טרוימען". און נאָך אַ ביסל שפּעטער — די סעריע לידער און פּראָזע, אונטערן אַלגעמיינעם טיטל „פון מײַן אַלבום", וואָס פלעגן זיך פון צײַט־צו־צײַט באַווײַזן אין פאַרשידענע אויסגאַבעס: אין פּרצעס „וואָכנשריפט", און זײַנע זאַמלביכער „ייִדיש", און נאָך ערטער.

און ווידער: איך האָב דאָ גאָר דעם אינהאַלט ניט גע־דאַרפט פאַרשטיין. דאַרף מען דען „פאַרשטיין" מוזיק, אָדער אַ בלומען־קייט? די ווערטער אַליין, די צוזאַמענשטעלונג פון די זאַצן, דער מוזיקאַלישער טאַקט און ריטם פון די פּאַראַגראַפן, האָבן שוין פאַרכישופט. זיי האָבן גערעדט צו מיר מיט זייער זינ־געוודיקייט, מיט זייער שטאַמלענדיקער, אָדער פיל־ווערטערדיקער אומקלאָרקייט, ווי זיי האָבן גערעדט צו יעדער יונגן ייִדישן לעזער; זייער פאַרנאַכטלעכע ראָמאַנטישקייט און האַלב־ליכט („דער וואַ־סער־טרעגער", „אויפן מאַרק" א"אַ) האָבן מער געזאָגט מײַן גע־מיט, ווי אַ סך קלאָרערע און קינסטלעריש־בולטערע זאַכן. פּונקט אַזוי ווי עס האָבן שטענדיק, אפילו איצט אויך, אָפט מער גערעדט צו מײַן געמיט האַלב־לופטיקע, האַלב־וואַסערדיקע אַקוואַרעלן, איידער פעטע און געדיכטע אייל־בילדער . . .

די וואונדערלעכע יעמאָלטדיקע ייִדישע יוגנט אונדזערע האָט טאַקע ערשט אויפגעוואַכט; („מיר וואַכן אויף!" — האָט אונטער דעם נאָמען אַפילו דער קאַלט־ניכטערער צבֿי הירשקאַן אָנגעשריבן יעמאָלט אַ היפּשן טייל אין פּראָזע אין פּעטערבורגער „פריינט")

אָבער זי איז נאָך געווען אַלץ פֿאַרחלומט. קיין קלאָרן טאָג־ליכט האָט זי נאָך אַלץ ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן, נאָר גיכער — דער־מערונג . . . (בכלל האָט נאָך צו יענער צייט געהערשט ביי אונדז די פּייערלעכע „דעמערונג" און דער ראָמאַנטישער „בין השמשות", איידער דער וואָכעדיק־פּשוטערער, און טאַקע מער קלאָרער „פֿאַרנאַכט" . . .). יאָ, די יוגנט האָט זיך טאַקע געפֿונען ערשט ביי איר אָנהויב, ביי איר „באַגינען". אָבער דער קאָליר־און־טאָן פֿון דער „באַגינען"־דעמערונג איז דאָך פֿאַקטיש די זעלביקע ווי פֿון דער פֿאַרנאַכט־דעמערונג: ס'איז דאָך בלויז די ריכטונג . . .

הירשביינס נעפּלדיקער, שיעור ניט — בילדערלאָזער ראָ־מאַנטיזם האָט דער ייִדישער יוגנט זייער שטאַרק גערעדט צום האַרצן — און צו די יונגע בלוטן . . . אין אַ פּריוואַטיק־צו־נאַכטס פֿלעג איך אַוועק צו קבלת־שבת אין דער קיעווער כאָר־שול, (ווייל זיך שוין געפּילט האַלב־וועלטלעך) און זיך דאָרט אין גאַנצן אי־בערגעגעבן אינעם רשות פֿונעם געזאַנג „מגן אָבות", וואָס דער אומגעזעענער ייִנגלשער טענאָר (דאַכט זיך, דער שפּעטערדיקער און איצטיקער מ. רודינאָוו) פֿלעגט ביינקשאַפֿטלעך אַרויסציִען פֿון זיך ערגעץ אויפֿן אומגעזעענעם כאָר־באַלקאָן — און איך פֿלעג פּרוּוון, מיט דער הילף פֿון אָט דעם געזאַנג צוריק פֿאַנגען יענע פֿאַרכישופֿטע שטימונג, אין וועלכע עס האָט מיך איין מאָל אַרייַנ־געוואָרפֿן דאָס לייענען הירשביינס „וואַנדערער־טרוימען", צווישן בערג־און־טאָלן ניט פֿון דער וועלט . . .

און וויפֿיל פּיעטעט דער ייִדישער „יוגנטלעכער" האָט עס יעמאָלט פֿאַרמאָגט אין זיך צום ייִדישן שרייבער!

עטלעכע טירן פֿונעם הויף אויף דער גרויס־וואַסילקאָווער גאַס, ווו מיינע עלטערן האָבן געוווינט, האָבן מיינע פֿאַרנעפּלטע אויגן אין איינעם אַ טאָג זיך ברייט פֿאַנאַנדערגעעפֿנט אין גליקלעכער שטוינונג: —

אויף דער „וויוועסקע" (שילד) פֿון אַ היפּשן שוסטער־קעלער האָב איך איבערגעלייענט פֿאַר זיך מיט פֿיל יראת־הכבוד דעם וווּנדערלעך־קלינגנדיקן נאָמען: „גירשבעין" (אויף רוסיש)!

וויפיל מאָל דערנאָך פלעג איך זיך אויפן טראָטואַר אָפּשטעלן דאָרטן קעגן דעם שוסטער־קעלער, און לייענען פאַר זיך נאָכאַנאַנד, און אָבער־אַמאָל, און ווידער־אַמאָל: גירשבעין . . . אַז „גירש־בעין" דער שוסטער איז ניט הירשביין דער דיכטער, האָב איך געוויס געוווּסט. אָבער — אפשר אַ קרובֿ? כאָטש אַ ווײַטער קרובֿ? . . . און אפילו ווען אין גאַנצן קיין קרובֿ ניט, האָט אָבער דאָך אַ מענטש מיט אַזאַ נאָמען באַשטימט אַ שײַכות מיט דער ייִדישער ליטעראַטור . . .

און איין מאָל האָב איך צוליב הירשביינען איבערגעלעבט זייער אַ פײַנלעכן געפיל, אַ ביטער געפיל ווי פון אַן אָפּגעשטויסענער ליבע . . .

ס'האָט געמוזט זײַן אין יאָר 1910. דערציילט מיר מײַן שוואָגער, (אַליין אַ יוגנטלעכער) אַז מיט אַ נאַכט פריער איז ער געווען אינעם „נאַראָדני דאָם", ווו ס'האָט שטענדיק געשפּילט אַן אוקראַיִניש טרופּע.

— און — דערציילט ער ווײַטער מיט יום־טובֿדיקער וויכטי־קייט אין קול, — ווייסט וועמען מיר האָבן דאָרט געזען צווישן עולם? פּרץ הירשביינען! . . .

— ניט מעגלעך . . . — האַקט זיך מיר אַזש אָפּ דער אָטעם.

יאָ...—פאַרזיכערט ער מיך אין דער ווירקלעכקייט פון אָט דעם נס, וואָס ער אַליין וואָלט געוויס אויך ניט געווען געגלויבט, ווען ער וואָלט אים מיט די אייגענע אויגן אַליין ניט געזען, — מען האָט אונדז אָנגעוויזן אויף אים . . . ער איז געשטאַנען אין אַ קרײַזל מענטשן, אין די קולוארן! . . .

וואָס הירשביין האָט יעמאָלט געטאָן אין קיעוו — ווייס איך ניט. קיין פאַרטראַג האָט ער זיכער ניט געהאַלטן, ווײַל אַזוינס וואָלט דער פרומער יוגנטלעכער באַשטימט ניט געווען דורכגע־לאָזט, אפילו ווען ער וואָלט געדאַרפט גנבענען געלט אויף אַ בי־לעט בײַ זײַנע עלטערן . . . דער ווייטיק, הלמאי איך האָב דורכגע־לאָזט אַזאַ זעלטענע געלעגנהייט, וואָס וועט זיך זיכער מער קיין מאָל ניט איבערחזרן, צו זען הירשביינען פון דער נאָענט, — איז געווען זייער גרויס.

האָב איך זיך געפּרוּווט טרייסטן מיט דעם, וואָס איך האָב זיך יענעם טאָג אַרומגעדרייט אָפּטער אַרום־און־אַרום דעם קײַ־לעכדיקן צײַטונגס־קיאָסק אויפֿן ראָג־גאַס ניט ווײַט פֿון אונדזער הויף. אין די פֿענצטער פֿון אָט דעם צײַטונגס־קיאָסק, צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע ערשט־דערשינענע בראָשירטע זשורנאַלן, ביכ־לעך און זאַמלביכער, איז שוין זינט עטלעכע טעג צוגעקומען אַ נײַ רוסיש בוכל. הירשביינס „די ערד״ (?) אין אַ רוסישער אי־בערזעצונג אין דער יעמאָלט זייער פּאָפּולערער רוסישער „אוני־ווערסאַל־ביבליאָטעק״.

— אונדזער אַ ייִדישער שרײַבער . . . — האָב איך אין דער שטיל פֿאַר זיך שטאָלצירט. — צוזאַמען מיט די בעסטע שרײַבער פֿון דער וועלט־ליטעראַטור! . ..

* * *

אָבער זען הירשביינען פּערזענלעך — אַ לעבעדיקן, הייסט עס — איז מיר אויסגעקומען צום ערשטן מאָל ערשט אין אַמע־ריקע, אינעם לאַנד פֿון מײַן צווייטער **יוגנט.**

ווען איך קום אָן קיין אַמעריקע סוף 1911, זײַנען די אַנאָנסן־שפּאַלטן פֿון די ייִדישע צײַטונגען חדשים־ווײַז פֿול מיט אַנאָנסן וועגן הירשביין־אָוונטן און הירשביין־אַרויסטרעטונגען. כאָטש אָן אַ „יוגנטלעכן״ עלעמענט, איז דאָך די גאַנצע ייִדישע אימיגראַ־ציע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן יעמאָלט געווען אַ פֿיל־פֿיל ייִנגערע, איידער דער פּרוּוו פֿון אַן אימיגראַציע אין די יאָרן נאָך דער וועלט־מלחמה (ערשטער, פֿאַרשטייט זיך).

איז דעריבער אויך דאָס ייִדישע לעבן (דאָס איצט־ייִדישע) יעמאָלט געווען ניט דאָס, וואָס דעם לעצטן אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר . . . אויך די ייִדישע ליטעראַטור האָט יעמאָלט געהאַט אַ פֿיל־בעסערע מערכה. אַ יונגער מענטש האָט פּשוט ניט פֿאַרמאָגט גענוג אָוונטן דורך דער וואָך אויף צו קענען באַזוכן אַ העלפֿט פֿון די אַלע ליטעראַרישע אָוונטן, לעקציעס, טעאַטער־פֿאַרשטעלונגען, וואָס פֿלעגן אים יעמאָלט אין ניו־יאָרק פֿאַרגעלייגט ווערן יעדע וואָך. ס׳איז געווען יעמאָלט די צײַט פֿונעם העכסטן אויפֿשוווּנג, פֿונעם אָנהויב פֿונעם קורצן „באַרג־

אַרויף״ פֿונעם ייִדישן וואָרט אין אַמעריקע. גרויסע חודש־זשור־נאַלן, גרויסע וואָכנבלעטער, ספּעציעלע וואָכנבלעטער פֿאַר ליטע־ראַטור, גרויסע ליטעראַריש־קינסטלערישע זאַמלביכער . . .

און — שיעור ניט אומצייליקע ליטעראַריש־דראַמאַטישע פֿאַראיינען, ווו פֿילע יונגע און יוגנטלעכע אַמאַטאָרן פֿון דער שוישפּיל־קונסט באַמיִען זיך צו קריגן אַ פֿעסטן אָנשפּאַר אויף די „ברעטער״ פֿון דער ייִדישער בינע. זייער גײַסטיקער פֿאָטער און היסטריאָנישער פֿירער איז — יואל ענטין, אַ מענטש וועמען עס האָט תּמיד געצויגן צו פֿאַרנעמען זיך מיט „יוגנטלעכע״ אויף אַלע געביטן פֿון ייִדישער קולטור.

און אין איינעם אַזאַ דראַמאַטישן פֿאַראיין — דוכט זיך, דער „פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב״ — טרעף איך הירשביינען. אויב ניט פֿערזענלעך, איז לכל־הפּחות נעענטער, ווי ווען איך האָב אים ווען געטראָפֿן . . . ווײַל ער געפֿינט זיך דאָרט טאַקע אויף די „ברעטער״, און איך — אין דער סאַמע ערשטער ריי.

ווײַל דער „יוגנטלעכער״ פֿון די־אָ שורות האָט זיך פּראָלע־טאַריזירט שוין אויף דער צווייטער וואָך פֿון זײַן געפֿינען־זיך אין אַמעריקע, און איז איצט אַ פֿאָלנער אַרבעטער, מיט אַ פּרײַזן דאָלער אין קעשענע. איז ווען ער זעט אין די צײַטונגען, אַז „פּרץ הירשביין אַליין״ וועט אויפֿטרעטן אין זײַנער אַ פּיעסע — וועט ער דען ניט גיין אים זען, ניט געקוקט אויף דעם ווי מיד ער (דער „יוגנטלעכער״) זאָל ניט זײַן נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג ערגעץ אין אַ לאָמפּן־פֿאַבריק? אוודאי וועט ער גיין — און איז טאַקע מיט פֿרייד און ברען געגאַנגען, ווי הונדערטער און טויזנטער זײַנס גלײַכן אין ניו־יאָרק פֿון יענע יאָרן, ווען מען האָט נאָך ניט געברויכט אָנצוקומען צו אַלערליי „נומערן״־שטיק, כּדי אַרײַנצוקריגן עטלעכע מנינים מענטשן צו אַ ריין־ליטעראַרישן אָוונט אָדער לעקציע. געשפּילט האָט הירשביין יעמאָלט די הויפּט־ראָליע אין זײַן „נבֿלה״. אויף וויפֿיל איך געדענק, איז ער אפֿילו ניט געווען גרימירט. איך געדענק אויך, אַז איין מאָל דורך זײַן שפּילן (אָדער צוויי מאָל) איז ער אַנידער־געפֿאַלן ווי אַ פּלאַכטע אויף די ברעטער פֿון דער קליינטשינקער

„בינעלע", און איז שוין אַזוי געבליבן ליגן אַ היפּש שטיקל צײַט ביז דער פֿאָרהאַנג האָט זיך ענדלעך אַרונטערגעלאָזן. איך בין מודה: נאָך אָט דעם „פֿאַל" האָב איך שוין מער ניט געקאָנט נאָכפֿאָלגן דאָס שפּילן פֿון די איבעריקע אַקטיאָרן. איך האָב בלויז מיט גרויס באַדויערן די גאַנצע צײַט געטראַכט ווי שווער עס מוז עס זײַן הירשביינען צו ליגן אָן שום באַוועגונג אַזוי פֿיל מינוט אויפֿן האַרטן שטויביקן דיל . . .

ווען ער איז אויפֿגעשטאַנען גלײַך נאָכן ערשטן „פֿאָרהאַנג" האָב איך אים פּונקט אַזוי רוישיק אַפּלאָדירט, ווי דער איבעריקער עולם וואָס האָט געדיכט אָנגעפּאַקט דאָס קליינע זאַלעכל. אָבער — קיין הנאה האָט מיר יענער אָוונט ניט פֿאַרשאַפֿט. הירשביין פֿון דער „נבֿלה" איז פֿאַר מיר געווען צו־נאַטוראַליסטיש, נישט דער פֿון מײַן ביינקשאַפֿט . . . חוץ דעם: אויב איך זאָל מיך פֿאַרלאָזן אויף מײַן גוטן זכרון און מײַן שוואַכער טעאַטראַלער מבֿינות (דער בעסטער באַווײַז פֿאַרן לעצטן איז צו געפֿינען אין דעם אומשטאַנד, וואָס איך אַליין האָב אין די צוואַנציקער יאָרן אַנאָנים זיך פֿאַרנומען מיט דראַמאַטישער קריטיק), איז הירש־ביינס „פֿאַל" יענעם אָוונט געווען שיעור ניט די שטאַרקסטע שוישפּילערישע סצענע זײַנע און דער „נבֿלה". — אַלנפֿאַלס, האָט ער זינט יענעם אָוונט אָן שוין מער קיינמאָל ניט אויפֿגעטראָטן ווי אַ שוישפּילער. —

דערפֿאַר האָב איך גאָר אין קורצן געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען „מײַן" הירשביינען — דעם דיכטער, דעם טרוימער, הערן דעם ציטערדיק־פֿלאַטערנדיקן מוזיקאַלישן וואָרט זײַנעם . . .

דאָס האָט אויך געמוזט זײַן אַרום אָט יענער צײַט. אפֿשר מיט אַ יאָר שפּעטער. ס'איז געווען אין קלינטאָן־האָל. דאָרט איז פֿאָרגעקומען אַ צאתך־לשלום־אָוונט פֿאַר הירשביינען, צו זײַן אָפּ־פֿאָרן פֿון אַמעריקע נאָך זײַן ערשטן באַזוך. דאָס מאָל האָט דער „יוגנטלעכער" שוין ניט געהאַט זײַן פּלאַץ אין די ערשטע רײַען — די בילעטן זײַנען געווען טײַערע, אָדער ער האָט ניט געקאָנט קומען אַהער אין צײַט נאָך זײַן לאַנגן שווערן אַרבעטס־טאָג, ווי אַ מאַליער בײַ אַן „אַלטערעישאָן־דזשאַב ערגעץ־ווו אין בראָנזוויל.

מען האָט זיך יעמאָלט לאַנג געדאַרפֿט שלעפּן מיט אַ טראָלי־קאַר כּדי פֿון דאָרט אָנצוקומען קיין ניו־יאָרק . . .

הירשביין שטייט אויף דער בינע, אַ פּײַערלעכער, אַ שלאַנק־שטײַפער, אין אַ פֿאַרקנעפּלטן פֿראַק, וואָס ער איז דער איינציקער אינעם גאַנצן זאַל, וואָס טראָגט אַזאַ מלבוש. ער לייענט פֿאַר אַ ליד אין פּראָזע, פֿון זײַן „אַלבאָם׳׳־סעריע. „ס׳ציטערט אַ האַרץ און מײַן האַרץ . . . ׳׳ (איך קאָוויר ניט פֿאַר דער ציטאַטע). און אין זײַן געפּאַסטן פֿראַק, אַ שטײַף־אויסגעצויגענער, און אומבאַ־וועגלעך־געשטערעקטער — זעט ער אַליין אויס ווי אַ האַרץ. אַן אַ קענטיקער באַמיִונג זײַנער, ווי פֿון אַ זײַטיקן, שטראָמען פֿון אים אַרויס ציטער־קלאַנגען, שמעקענדיקע („דופּטענדיקע׳׳) ווער־טער, וואָס זייער אינהאַלט אָדער מיין איז שווער אויפֿצוכאַפּן, אָבער זיי פֿאַרכישופֿן שוין מיטן קלאַנג אַליין זייערן, מיטן ריח, מיט זייער אומקלאָרער מוזיק . . .נעבן מיר, צווישן אָנגעפּאַקט־שטייענדיקן פּובליקום — דערהער איך אַ באַוווּנדערנדיקע שטים:

אָט דאָס הייסט פֿאַרגעלייענט . . . — רופֿט זיך אָפּ איין יונגערמאַן מיט אַן אַרטיסטישן אויסזען צו אַ צווייטן פֿון אַן ענלעכן אויסזען; אפֿשר — ביידע שרײַבער היגע. — אָט דאָס איז אַן אמתער דיכטער! זע, ווי ער האַלט זיך! ניט ווי אונדזערע...

דער עולם האָט דעם דיכטער רוישיק אַפּלאָדירט. איך — ניט וויניקער.

* * *

דאָס האָט געמוזט זײַן אין יאָר 1912—1913. און יעמאָלט, געדענקט זיך, איז נאָך אַלץ געווען פֿרילינג, — און טאַקע איבער־הויפּט אין דער יִדישער ליטעראַטור . . .

מער האָב איך הירשביינען ניט געזען — ביזן יאָר 1920.

פֿון דאַן אָן זײַנען שוין געווען מיט אים אָפֿטערע באַגעגענישן און אימפּרעסיעס. אָבער אַזוי ווי דער אַמאָליקער „יוגנטלעכער׳׳ איז שוין איצט געווען אַליין אַ דערוואַקסענער מענטש און שוין אַליין אויך געזוכט אויסדרוק־פֿאָרמען פֿאַר די ציטערדיקע פֿלאַ־טערנישן פֿון „די פֿליגלען פֿון זײַן פֿאַנטאַזיע׳׳, — איז דאָס שוין גאָר אַן אַנדער ענין, און אַהערצו געהערט עס ניט.

שלמה סיַימאָן

# פּרץ הירשביין דער קינדער־דערציילער

ווען מען זאָל צונויפזאַמלען אַלץ וואָס פּרץ הירשביין האָט געשריבן ספּעציעל פאַר קינדער וואָלט עס פאַרנומען ניט מער ווי איין באַנד, און ניט קיין איבעריקס דיק באַנד. אין פאַרגלײַך מיט דאָס וואָס פּרץ הירשביין האָט געשריבן פאַר דערוואַקסענע איז עס גאָר ווייניק. אָבער אין איכות איז דאָס, וואָס ער האָט געשריבן פאַר אונדזערע קינדער, וואָגיק. און אַ סך פון אונדזערע קינדער־שרײַבער האָבן זיך געמעגט לערנען פון אים.

פּרץ הירשביין האָט אויסגעמידן אַלע אָנגענומענע שאַבלאָנען פון דער קינדער־ליטעראַטור. ער האָט מיר אַ מאָל דערציילט: „איך היט זיך פון שטאַרקע, שיינע ווערטער. אָפט, כאַפּ איך זיך אַז אַ שיין שטאַרק וואָרט האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר ווי אַ קלעק. איך ווייס אַז דער חצוף איז ניט נאָר אויסן זיך צו זען שוואַרץ אויף ווײַס אין דרוק. ער האָט אַ טיפערן מיין. ער וויל מיך פאַרשלעפּן ווהין איך וויל גאָר ניט גיין. ער וויל מיך, דורך אַן אַסאָסיאַציע פאַרפירן צו שרײַבן וועגן זאַכן וואָס איך האָב קיין מאָל ניט געזען אָדער וואָס איך האָב קיין מאָל ניט געטראַכט וועגן זיי. וואָס טו איך? איך מײַד עס אינגאַנצן אויס. איך נוץ עס ניט אַפילו ווו עס פּאַסט זיך גאַנץ גוט אַרײַן. ערשט אַז איך ענדיק שרײַבן קוק איך איבער דאָס געשריבענע און שטעל אַרײַן דאָס חוצפּהדיקע וואָרט ווו איך מוז".

...........איבערגעבן נאָר דאָס וואָס מען זעט דורך די אייגענע אויגן (זען מיט די אייגענע אויגן איז ווייניק, עס דאַרף זײַן געזען דורך די אייגענע אויגן) איז ניט נאָר אַ מוז פאַר די וואָס שרײַבן פאַר דערוואַקסענע. אפשר נאָך מער איז עס אַ מוז פאַר די וואָס

שרײַבן פֿאַר קינדער. מער נישט וואָס די אויגן דאַרפֿן דערצו נאָך האָבן די פֿרישקייט פֿון יוגנט.

שרײַבן פֿאַר קינדער מיינט ניט אַראָפּצולאָזן זיך צו זיי, אָדער זיך אַליין פֿאַרלייקענען. ניין, עס מיינט זען די וועלט פֿריש ווי קינדערישע אויגן זעען זי און נתפּעל ווערן פֿון אַזוינע טאָג טעגלעכע זאַכן וואָס דערוואַקסענע נעמען זיי אָן פֿאַר זעלבסטפֿאַרשטענדלעך. זינגט אַבֿרהם רייזען:

קינדער בוך בײַם ערשטן מיש
ווערט די וועלט דיר יונג און פֿריש
ווערט דאָס פֿרעמדע דיר באַקאַנט
און די וועלט — איין וווּנדער לאַנד.

פּרץ הירשביין, אַפֿילו אין זײַן שרײַבן פֿאַר דערוואַקסענע, קוקט אויף דער וועלט מיט יונגע אויגן. ער קאָן זיך נאָך עד־היום ניט אָפּוווּנדערן פֿון גאָטס וועלט. אַ בוים, אַ וואַסער שטראָם, אַ ווינט מיל, אַ וועוורקע, אַ וואָרים, אַ פֿויגל זײַנען פֿאַר אים נאָך ביז איצט וווּנדער פֿון וועלכע ער קאָן זיך ניט אָפּרײַסן. דערפֿאַר האָט ער ניט געדאַרפֿט אָנקומען צו די שאַבלאָנען פֿון קינדער־שרײַבער, צו די שאַבלאָנען, וואָס שטעלן אָוועק קינדער־ליטעראַטור אונטער אַ פֿראַגע־צייכן, צי עס איז ליטעראַטור.

דער ערשטער און נאַיִווסטער שאַבלאָן פֿון קינדער־דערציילער איז דאָס אָנהויבן מיט:

„איצט קינדער (אָדער קינדערלעך) וועל איך אײַך דערציילן אַ מעשׂה".

אָט די ירושה איז בײַ אונדז געבליבן פֿון שלום־עליכמען. שלום־עליכם האָט אָנגעהויבן עטלעכע פֿון זײַנע קינדער־דערציי־לונגען מיט דעם שפּרוך און מען האָט אים אָנגעהויבן נאָכמאַכן. טשיקאַווע איז אַז פֿון אַלע דערציילונגען אין זײַנע צוויי בענד „מעשׂיות פֿאַר ייִדישע קינדער" הויבן זיך אָן נאָר פֿיר דערציילונ־גען אַזוי. בײַ שלום־עליכמען טויג עס אפֿשר אויך ניט — — אַ קינד האָט פֿײַנט אַז מען שטעלט עס אַוועק אין אַן אָפּגעזונדערטער קאַטעגאָריע. אָבער דאָך שלום־עליכם זאָגט אָפּ זײַן שפּרוך, אַפֿילו

אין די דערמאָנטע פֿיר דערציילונגען, און הויבט אָן ריידן צו די קינדער ווי צו זײַן גלײַכן. זיכער איז עס אַזוי אין „דאָס מעסערל״, „אויפֿן פּידל״, „די פֿאָן״ און „חנוכּה געלט״. ניטאָ קיין נאַרישע קינדערישע רייד מיט אַ ספּעציעלן קינדערשן לשון. בײַ דעם דורכשניטלעכן קינדער־שרײַבער איז עס יע פֿאַראַן:

„הערט קינדער, איר ווילט הערן אַזוינס, וואָס איר האָט נאָך קיין מאָל ניט געהערט? טאָ זעצט זיך אויס אויף די בענק ווי שטילע קינדער און איך וועל אײַך עפּעס דערציילן״

אָדער

„מיידלעך, איר מיידלעך<br>הערט אויף אײַערע ריידעלעך,<br>און הערט זיך צו צו מיר<br>הערט אויס אַ געשיכטעלע,<br>ליכטיק ווי אַ ליכטעלע,<br>און ריכטיק אָן אַ שיר״.

אַז איך לייען אַזעלכע אָנהויבן ווייס איך שוין אַז מען וועט קאָרמענען דאָס קינד מיט קליאַטשע. עס וועט זיך אָנהויבן אַ סדרה פֿון פֿאַרקלענערונג־שאַבלאָן. ס׳וועט שוין ווערן פֿון אַ קינד קינדעלע, פֿון ייִנגל ייִנגעלע, פֿון האַנט הענטעלע און פֿון אַ גרויסער קאַץ מיט שאַרפֿע נעגל, אַ קעצעלע מיט נעגעלעך — און אַ מעשׂה וועט ווערן אַ מעשׂהלע. אויב ניט קיין פֿאַרקלענע־רונג שפּראַך, וועט זיך אָנהויבן דער ערגסטער פֿון אַלע שאַבלאָנען — דער ניסים שאַבלאָן. דער קינדער־שרײַבער מיינט אַז ווי באַלד אַז ער דערציילט וועגן רוחות, שדים, שרעטעלעך — און פֿאַרכישופֿטע שלעסער, אָט דער גאַנצער אַמאָליקער רעאַליזם, וואָס איז איצט געוואָרן פֿאַלקלאָר — איז עס שוין אַ פֿאַנטאַסטישע דערציילונג. אין דער אמתן קאָן די ניסימדיקסטע דערציילונג זײַן די אָרימסטע אין פֿאַנטאַזיע און פֿאַרקערט דאָס טאָג־טעגלעכע, דאָס געוויינטלעכסטע קאָן דערציילט ווערן מיט דער רײַכסטער פֿאַנטאַזיע.

פּרץ הירשביין האָט די שאַבלאָנען ווי געזאָגט, אויסגעמידן.

ער רעדט צו קינדער ווי צו דערוואַקסענע. ער לאָזט זיך צו זיי ניט אַראָפּ. ער זעט די וועלט מיט אָפֿענע אויגן פֿון אַ קינסטלער. וווּנדער זײַנען אומעטום. ער גיט איבער די איינפֿאַכסטע זאַכן אויף אַ פֿאַנטאַסטישן אופֿן און דאָס געוויינטלעכסטע פֿאַרכאַפּט בײַ אים דעם קינד און דעם דערוואַקסענעם. ער ווייס, אַז די קינסטלערישע אויפֿפֿאַסונג איז פֿאַרשטענדלעך פֿאַר קליינוואַרג, ווען דער שרײַבער קאָנקרעטיזירט קינסטלערישע אַבסטראַקציעס אויף אַ נידעריקערער אַנטוויקלונגס מדרגה, וואָס איז אַ גאַנץ הויכע מדרגה פֿון קונסט.

הויבט אָן הירשביין זײַן דערציילונג „זייפֿנבלאָז"

„דער פֿראָסט האָט מורא צו קריכן אַרײַן ווו עס וווינען רײַכע לײַט. דאָרטן הייצט מען די אויוונס, דאָרטן בײַ די רײַכע לײַט איז וואַרים, הויבט דער פֿראָסט אָן צו שוויצן און אַנטלויפֿט. אָבער בײַ די אָרימע לײַט טרעפֿט אַז ס'איז ניטאָ קיין האָלץ און קיין קוילן מיט וואָס צו הייצן דעם אויוון — אַהין קריכט שוין דער פֿראָסט און האָט ניט קיין מורא".

דאָס איז אי קלוג אי פֿאַרשטענדלעך פֿאַר קינדער. די קאָנ־קרעטיזירונג איז אַ קינדערשע, דערפֿאַר אַ לעבעדיקע און אַן אמתע, —

גאַר אַ גוטע מעטאָדע באַנוצט הירשביין ווען ער פּערזאָניפֿי־צירט חיות. אין דער זעלביקער דערציילונג „זייפֿנבלאָזן" איז דאָ אַ מײַזעלע וואָס רעדט. דאָס מײַזל פֿאַרלירט ניט אויף קיין רגע זײַן פּערזענלעכקייט, עס ווערט ניט קיין מענטש. עס בלײַבט אַ מויז, וואָס האָט צוגעקראָגן די אייגנשאַפֿט פֿון ריידן. „דודל קוקט און גלויבט ניט זײַנע אויגן, הערט ער, און גלויבט ניט זײַנע אויערן — אַ מײַזעלע זאָל קענען ריידן". באַלד אָבער פֿאַרגעסט ער, ווײַל ס'איז קיין נײַס ניט בײַ אַ קינד זיך צונויפֿ־ריידן מיט חיות אָדער טויטע קעגנשטאַנדן. בײַם שאַבלאָנעם קינדער־שרײַבער וואָלטן דאָ אָנגעהויבן פּאַסירן ניסים, דאָס מײַ־זעלע וואָלט מסתּם פֿאַרשלעפּט דאָס יינגל אין גאָלדענע פּאַלאַצן וואָס געפֿינען זיך הינטער די הרי חושך. אָבער ניט בײַ הירש־ביינען. באַלד קומט אַ קאַץ און פֿאַרצוקט דאָס מײַזל. דאָס

יינגל בלײַבט אַ טרויעריקער און גייט אָבער אָן מיט זײַנע זייפֿנ־בלאָזן. בײַם קינד איז נאַטירלעך אַז די קאַץ זאָל אויפֿעסן אַפֿילו אַ ריידנדיקן מײַזל. הירשביין ווייס אַז אויב אַ קליין מיידעלע רעדט זיך צונויף מיט איר ליאַלקע ווערט ניט ליאַלקע אויס ליאַלקע בײַם קינד אין די אויגן.

עס דערמאָנט מיך אַ סצענע מיט אַ פֿינף יאָריק קינד ווען איך האָב אים געהייסן צעוואַשן זײַנע הענט. דאָס קינד האָט געוואָלט אָננעמען דאָס שטיקל זייף האָט זיך עס אַרויסגעגליטשט פֿון דעם קינדס הענט. שטעלט דאָס קינד הובעלעך און זאָגט:

— ד״ר סײַמאָן, ער לאָזט זיך ניט.

— טו אים אַ כאַפּ, זאָג איך צו אים, ווען ער זעט ניט.

ענטפֿערט דאָס קינד:

— ער איז קלוג און לאָזט זיך ניט.

דאָס קינד האָט קאָנקרעטיזירט די גליטשיקייט פֿון שטיקל זייף. אָבער דאָס מיינט ניט אַז דאָס שטיקל זייף איז אין קינדס אויגן געוואָרן אויס זייף צום וואַשן זיך.

אין זײַן דערציילונג „דער בער״ פּערזאָניפֿיצירט הירשביין דעם בער מיטן לאַנגן עק. אָבער דער בער בלײַבט אַ בער דורך דער גאַנצער מעשׂה. עס איז ווערט צו באַמערקן אַז ווען דער בער באַגעגנט דערוואַקסענע מענטשן, רעדט ער ניט מיט זיי. דערוואַקסענע מענטשן ריידן זיך ניט צונויף מיט קיין בערן.

ווי קלוג און געשיקט הירשביין אָפּערירט מיט זײַן פּערזאָני־פֿיקאַציע פֿון חיות, — באַנוצט ער אָבער די מעטאָדע זעלטן. אינגאַנצן צוויי מאָל. אין אַלע איבעריקע דערציילונגען זײַנען מענטשן מענטשן און חיות בלײַבן חיות. הירשביינען איז באַ־קאַנט אַז נאָך אַלעמען ווייס אַפֿילו אַ קינד, אַז מיר לעבן אין אַ וועלט וואָס ווען מען קלאַפּט קאָפּ אין וואַנט, טוט עס ווי דעם קאָפּ ניט דער וואַנט. דערציילט טאַקע הירשביין מעשׂיות אין וועלכע קיין ניסים געשעען ניט. ער דערציילט מעשׂיות פֿון זײַנע רײַזעס, פֿון זײַנע נאַטור באַאָבאַכטונגען, פֿון זײַן יוגנט און פֿון די מענטשן אַרום און פֿון שטומע באַשעפֿענישן ווי דער מענטש זעט זיי.

„דער שטומער וואַסער טרעגער״ איז אַ דערציילונג וואָס

דאָס קעפּל איז טאַקע אַ פֿאָלקלאָריסטישע אָבער קיינע אויסער־
געוויינטלעכע זאַכן פּאַסירן ניט אין דער גאַנצער מעשׂה. דאָך
פֿאַרכאַפּט די דערציילונג מיט איר דראַמאַטישקייט און וווּנדער.
איבערהויפּט דער סוף וואָס איז נאָך מער ווי וווּנדער.

עס האָט זיך באַוויזן אַ פֿרעמדער, מאָדנער מענטש אין
שטעטל. אַ הויכער מיט בלויע אויגן און פֿלאַקסענע האָר —
אַ שטומער וואָס שמייכלט שטענדיק. דער מאָדנער שטומער ווערט
אַ וואַסער טרעגער. אַ לאַמעד וואָווניק? (ניין, דער שטומער
וואַסער טרעגער איז ניט קיין לאַמעדוואָווניק.) ער באַדינט דאָס
שטעטל און דערפֿאַר קריגט ער אַ שטיקל ברויט, אַן עפּל. ער
אַרבעט, עסט און שמייכלט. דורך אַ צופֿאַל געפֿינען אויס די
קינדער אַז מען קאָן מאַכן אַז דער שטומער זאָל טאַנצן. קינדער
זײַנען אַכזרים אַפֿילו אין זייער גינציקייט און ליבשאַפֿט. זיי
מאַטערן אים מיט זייער צודרינגלעכקייט ביז דער וואַסער טרעגער
פֿאַרלאָזט דאָס שטעטל. דאָס איז די גאַנצע מעשׂה. אָבער די
מעשׂה ווערט אַזוי דערציילט אַז עס וואַקסט אויס פֿאַר אונדז אַ
מיסטעריעזע, ליבע, שיינע געשטאַלט, כאָטש קיין שום אויסער־
געוויינטלעכע זאַכן פּאַסירן ניט. ווען דער שטומער וואַסער טרעגער
פֿאַרשווינדט בלײַבט ניט נאָר אַ חלל אין שטעטל נאָר בײַ אונדז
בלײַבט אויך אַ בענקשאַפֿט נאָך דער מאָדנער געשטאַלט. אָבער נאָך
אַלעמען וואָלט מען אָן אים פֿאַרגעסן, „אָבער אָט וואָס עס איז געשען"

„ווען אַלע גראָזן און בלעטער זײַנען שוין געל געוואָרן האָט
מען זיך אַרומגעקוקט, אַז אין מיטן מאַרק, פּונקט דאָרט וווּ די
קינדער האָבן אַלע מאָל דעם שטומען וואַסער טרעגער אַרומגע־
רינגלט און אויסגעגאָסן זײַן וואַסער, כּדי ער זאָל טאַנצן, דאָרט
זײַנען געוואָקסן אַזוינע שיינע גראָזן. צווישן די גראָזן געלע
און רויטע בלימעלעך. פֿריער האָט עס קיינער ניט באַמערקט.
דעם גאַנצן זומער האָט מען אויף דעם ניט געקוקט. נאָר שפּע־
טער אַז דער שטומער וואַסער טרעגער איז אַוועק און אַלע קינדער
און דערוואַקסענע האָבן געקוקט צום אָרט, וווּ דער שטומער
וואַסער טרעגער האָט שטענדיק געטאַנצט, האָבן זיי דערזען אַז אַ גאַנ־
צע שטיק איז גרין מיט פֿרישע גראָז און בלימעלעך אין דעם גראָז".

מיינט איר דאָך אַז דער שרײַבער וועט זיך אַוועקלאָזן אין פֿאַנטאַסטישע וועלטן און דערציילן אײַך אַז דער שטומער איז געווען עפּעס אַ הייליקער און געבענטשט דעם אָרט ווו ער האָט געטאַנצט און די גראָזן האָבן אַ מאַגישע קראַפֿט וואָס היילן אַלע קראַנקהייטן ?

„און דאָס איז געווען דער אָרט ווו די קינדער האָבן זײַן וואָסער יעדן טאָג אויסגעגאָסן. אַרום און אַרום טרוקן, געל. און דאָ — גרין ווי אין אָנהויב זומער".

דאַרף מען האָבן ניסים ? אַז דאָס פּשוטסטע ווערט וווּנדערלעך דורך דעם שעפֿערישן באַריר פֿון קינסטלער.

פּרץ הירשביין באַווײַזט אַז ניט דווקא מעשׂיות „וועגן ווײַטע וועגן, וועגן פֿאַרכישופֿטע ; מעשׂיות וועגן ווײַטע אינדזלען, וועגן באַהאַלטענע אוצרות, און מעשׂיות וועגן פֿאַנטאַסטישע לענדער" קאָנען פֿאַרכאַפּן קינדער. אָט דערציילט ער אַ מעשׂה וועגן הי־נער ; אַן אַנדער מעשׂה וועגן צוויי הענער וואָס שלאָגן זיך ; אַ מעשׂה וועגן צוויערליי מינים מוראַשקעס און וועגן אַ קאַמיליאָן און וועגן אַ יינגל אַ פֿויגל כאַפּער — און די געוויינטלעכע מעשׂיות פֿאַראינטריגירן אונדז און פֿאַרכאַפּן דעם אָטעם. עס פֿאַראינטערעסירט אונדז דער עצם ספּור המעשׂה און עס פֿאַרכאַפּט אונדז די טיפֿע דראַמאַטישקייט פֿון פּשוטן טאָג־טעגלעכן לעבן וואָס אונטער זײַן רויִקייט און שטילקייט איז ער פֿול מיט דינאַ־מישקייט און קאַמף.

„דער קאַמיליאָן" — אַ מעשׂה פֿון אַ מאָדנער באַשעפֿעניש. אָבער ניט זײַן מאָדנעקייט פֿאַראינטערעסירט אונדז נאָר דווקא זײַן כאַפּן פֿליגן, זײַן זוכן שפּײַז צו שטילן זײַן הונגער. אַ שטומע, נישטיקע באַשעפֿעניש אָבער אַפֿילו דאָס קליינע, נישטיקע באַשע־פֿעניש ווייס און דערפֿילט ווער עס וויל אים העלפֿן. שנעל אָריענטירט זיך דער קאַמיליאָן אין אַ סבֿיבֿה, פּאַסט זיך צו צו נײַע אומשטאַנדן און דערפֿילט דעם וואָס איז זײַן פֿרײַנט און וויל אים העלפֿן. הירשביין דוכט זיך באַשרײַבט אונדז ניט מער ווי די געוווינהייטן פֿון דער קליינער חיהלע, און איר אייגנשאַפֿט

צו בײַטן דעם קאָליר אָבער דאָס איז גענוג אונדז צו פֿאַראינטערעסירן.

די דערציילונג ענדיקט זיך טראַגיש. דער שוואַרצער באַדינער טויט דעם קאַמיליאָן. הירשביין וויס אַז קינדער זײַנען ניט קיין מפֿונקים, זיי שרעקן זיך ניט אָפּ פֿאַר אַכזריותן, ווען די אַכזריותדיקייט איז ניט קיין סאַדיסטישע.

די דינאַמישקייט פֿון לעבן איז גענוג דראַמאַטיש צו שרײַבן וועגן איר. מען דאַרף ניט פֿירן דעם העלד דורך אונטערערדישע היילן, מען דאַרף אים ניט ברענגען אין פֿאַרכישופֿטע פּאַלאַצן. אַ ביסל וויסן, אַ שטיקעלע פֿאָלקלאָר און דער קאַמף פֿאַר׳ן שטיקל ברויט איז גענוג אָנצולאָדן אַ מעשׂה מיט פֿאַנטאַזיע, פֿרישקייט און באַדײַט.

ווי גוט הירשביין פֿאַרשטייט קינדער! אין זײַן מעשׂה „דער פֿויגל כאַפּער״ דערציילט ער ווי אַ קינד האָט זיך אַרײַנגענומען אַ מאָנקאָליע צו כאַפּן אַ נאַכטיגאַל. נאָר אַן אמת קינד קאָן פֿאַלן אויף אַזאַ אײַנפֿאַל ווי אַראָפּנעמען די נעסט פֿון נאַכטיגאַל אַרויפֿלייגן זי זיך אויפֿן קאָפּ און בלײַבן שטיין אומבאַוועגלעך אַזוי אַז די נאַכטיגאַלן וועלן דערזען די נעסט מיטן אייעלע בײַ מיר אויפֿן קאָפּ, וועלן זיי גאָר ניט טראַכטן אַז איך בין אַ זאַך וואָס מען באַדאַרף מורא האָבן. אפֿשר, וועלן זיי גאָר טראַכטן, אַז זייער נעסט ליגט אויף אַזאַ נידעריקן בוים.

„זיי וועלן זיך צוגעוווינען צום נײַעם אָרט, יעמאָלט וועל איך אַ ריר טאָן מיטן האַנט, וועלן זיי מיינען אַז מײַנע הענט זײַנען צווײַגן און זיי וויגן זיך, ווי ס׳וויגן זיך די אמתע צווײַגן פֿון די ביימער און פֿייגל האָבן דערפֿאַר קיין מורא ניט. דערנאָך וועל איך זיך פּאַמעלעכקע אויפֿשטעלן, יעמאָלט ווען זיי וועלן ניט זײַן, און אַז זיי וועלן קומען וועלן זיי זיך אַרײַנזעצן אין נעסט אַרײַן. און אַז זיי וועלן שוין טאַקע גאָרנישט מורא האָבן, יעמאָלט וועל איך פּאַמעלעכקע פֿריער מאַכן איין טראָט, דערנאָך אַ צווייטן, דערנאָך אַ דריטן, ביז צוביסלעכווײַז וועל איך אָנהייבן צו גיין; גיין, גיין ביז איך מיט זיי קומען אין שטוב אַרײַן צו אונדז.

מסתמא וואָלט איך פֿאַרמאַכט די טיר און פֿענצטער און זיי געַ־כאַפּט און אַרײַנגעזעצט אין שטײַג אַרײַן״.

נאָר אַ קינד וואָס זעט די וועלט מיט פֿרישע יונגע אויגן און איז באַגרעניצט אין זײַנע דערפֿאַרונגען קאָן אַזוי פֿאַנטאַסטיש טראַכטן. אוודאי מוז זיך עס אויסלאָזן קאָמיש, פֿריילעך, נאָך אַ טאָג מאַטערן זיך.

„איך האָב מיט אַ מאָל געגומען לויפֿן אַהיים, פּונקט ווי וועלף וואָלטן מיך נאָכגעיאָגט. מיט אַ צעריסענעם פּנים און צעביסענע הענט, נאָר ווי אַ האָן, אַן אויסגעווייקטער בין איך אין שטוב אַרײַנגעפֿאַלן. מײַן גליק וואָס אין שטוב איז קיינער ניט געווען. און איך האָב עס טאַקע ביז איצטער, קיינעם ניט דערציילט. דאָס דערצייל איך עס אײַך צום ערשטן מאָל״.

מיר זײַנען אים דאַנקבאַר דערפֿאַר. ווײַל אויב ער וואָלט עס אונדז ניט דערציילט וואָלט אונדז געפֿעלט אַזאַ שיינע מעשׂה און אונדז וואָלט קיין מאָל ניט אײַנגעפֿאַלן אַז אַ דערוואַקסענער מענטש קאָן אַזוי שיין פֿאַנטאַזירן. און אפֿשר איז עס ניט קיין פֿאַנטאַזיע נאָר טאַקע אַן אמת. ווײַל עס קלינגט ווי עס וואָלט פּאַסירט אָדער געדאַרפֿט פּאַסירן מיט אַ ייִנגל אַזאַ שטיפֿער.

דערציילט מיר טאַקע י. קאַמינסקי אַז נאָך יעדער דערציי־לונג וואָס הירשביין האָט געדרוקט אין „קינדער — זשורנאַל״ פֿלעגן קומען קאָמיסיעס פֿון קינדער נאָכצופֿרעגן צי עס איז אמת טאַקע די מעשׂה.

עס וואָלט געווען אפֿשר פּאַסיק צו פֿאַרענדיקן מיטן סקאָר־באָוון נוסח — „עס איז אַן עוולה וואָס די דערוואַקסענע האָבן צו־גענומען בײַ די קינדער אַזאַ פֿײַנעם קינסטלער ווי הירשביין״. אָבער ערשטנס האַלט איך אַז גאָר, גאָר אַ גרויסער טייל פֿון הירשביינס שרײַבן, וואָס איז געשריבן געוואָרן פֿאַר דערוואַקסענע, פּאַסט פֿאַר קינדער. ניט נאָר זײַנע קינדער־יאָרן איז פּאַסיקער מאַטעריאַל פֿאַר יוגנט, נאָר אויך זײַנע רײַזע־באַשרײַבונגען וועט די יוגנט געשמאַק לייענען. אַחוץ דעם גלויב איך אַז הירשביין וועט נאָך שרײַבן און שרײַבן פֿאַר אונדזערע קינדער — נאָך אַלע־מען איז ער נאָך גאָר יונג — אינגאַנצן זעכציק יאָר אַלט.

## דניאל טשאַרני

# דער שטיל־שרײַבער

דער נאָמען פּרץ הירשביין רופֿט אַרויס בײַ מיר אַזוי פֿיל סאַנטימענטן, אַז איך ווייס אַליין נישט וועגן וועלכן הירשביין זאָל איך פֿריער אָנהייבן שרײַבן.

פּרץ הירשביין דער ליריקער, פּרץ הירשביין דער דראַמאַטורג און טעאַטער־בויער, פּרץ הירשביין דער מעמואַריסט, פּרץ הירשביין דער וועלט־וואַנדערער, דער ראָמאַניסט . . .

מיט די אַלע הירשביינס, זאָלן געזונט זײַן, האָב איך זיך נישט איין מאָל געהאַט באַגעגנט סײַ פּערזענלעך, סײַ — אין דער ליטעראַטור.

איך האָב פֿאַר זיי אַלעמען דעם גרעסטן דרך ארץ און איך בין צו זיי שטענדיק געווען נײַגעריק.

ס׳איז פֿאַראַן אָבער נאָך איינער אַ פּרץ הירשביין, צו וועלכן עס ציט מיך — דאָס איז פּרץ הירשביין דער מענטש, דער פּשוטער יידישער פֿאָלקס־מענטש (געשריבן מיט די גרעסטע אותיות פֿון אונדזער אַלף־בית).

די הויפּט־מעלה פֿון דעם יידישן פֿאָלקס־מענטש באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז קיין מאָל נישט אויסן צו ווערן נאָך עפּעס מער, ווי מענטש, צו ווערן עפּעס אַ מין „אויבערמענטש״.

דער יידישער פֿאָלקס־מענטש — מעג ער זײַן אַ וואַסערטרעגער צי אַ האָלצהעקער, אַ „גוטער ייד״ צי (אפֿילו) אַ שרײַבער — איז נחבא על הכלים, אַ שווײַגער און (ווען ער מוז נעמען אַ וואָרט) אַ שטיל־ריידער.

די שטיל־ריידערס (און די שטיל־שרײַבערס) ווירקן, געוויינטלעך, טיפֿער און זײַנען איבערצײַגנדיקער, ווי די שרײַערס און די טומלערס.

דער שרײַבער וויל בטבֿע איבערשרײַען נישט נאָר די צווייפֿלער, וואָס צווייפֿלען אין זײַנע רייד, — ער וויל אויך איבערשרײַען די אייגענע ספֿקות זײַנע.

דער שטיל־ריידער איז אויף אַזוי פֿיל זיכער אין זײַנע אמתן, וועלכע ער שעפּט דירעקט פֿון פֿאָלק, אַז ער האָט לחלוטין נישט נויטיק זיי אויסצושרײַען.

פּרץ הירשביין איז איינער פֿון די געציילטע ייִדישע שרײַבער, וואָס קאָן מתפּלל זײַן בלחש און דערבײַ זײַן דער שליח ציבור פֿון אַ פֿאָלק.

ווּ נאָר אַ ייִדישער מנין — איז פּרץ הירשביין אויסגעשטאַנען דאָרטן אַלע זײַנע שמונה־עשׂרהס.

אין וואַרשע און אין ווילנע, אין מאָסקווע און אין קרים, אין דרום־אַפֿריקע און אין אויסטראַליע, אין ניו־יאָרק און אין יאָקאַהאַמאַ (און ווּ דען ניט?) האָט פּרץ הירשביין מתפּלל געווען בלחש און געבענטשט די אַלע נײַע מעשה בראשיתן אונדזערע.

ער האָט זיך אַרײַנגעוועבט אין אַלע שאַפֿונגס־פּראָצעסן פֿון אונדזער פֿאָלק, ער האָט פֿאַרנומען אַלע וויי־געשרייען פֿון געבורט און ווידערגעבורט און דעריבער איז ער אַזוי אמתדיק פֿאָלקסטימלעך אין זײַנע אייגענע שאַפֿונגס־פּראָצעסן. האָבן זיי אים דערפֿאַר טאַקע דערהויבן צו דער הויכער מדרגה פֿון אַ כהן אין דער ייִדישער פֿאָלקס־קולטור.

„יברכך אַדוני וישמרך"!

פּרץ הירשביין דאַרף זיך נישט איבערדעקן מיט אַ טלית, ווען ער גייט דוכענען. ער איז פֿון אָנהייב אָן פֿאַרוויקלט געוואָרן אין אַזאַ מין קדושה־נעפּל, וואָס אַנדערע רופֿן עס אָן „מיסטיק".

פּרץ הירשביין איז נישט קיין „מיסטיקער".

ער האָט געפֿונען דעם סינטעז צווישן דעם זוהר מיטן צאינה וראינה און אַזוי אַרום איז ער דערהויבן געוואָרן צו דער גאָר הויכער מדרגה פֿון אַ ייִדישן פֿאָלקס־שרײַבער און פֿאָלקס־מענטש (געשריבן מיט די גרעסטע אותיות פֿון אונדזער אַלף בית).

צו אַט דעם פֿאָלקס־מענטש ציִען זיך תּמיד אַלע מײַנע סאַנ־
טימענטן.

אפֿשר אויך צוליב דעם, וואָס פּרץ הירשביין איז געווען איי־
נער פֿון די ערשטע געשטאַלטן אין אונדזער „רענעסאַנס״־ליטע־
ראַטור, וועלכע איך האָב געהאַט באַגעגנט אין די התחלה־יאָרן
פֿון מײַן אייגענעם אויפֿקום אין ווילנע.

ס׳איז געווען ערשט מיט אַ יאָר פֿינף און דרײַסיק צוריק.

אין ווילנע, אין דער הויפּט־קוואַרטיר פֿון דעם עסעסישן
„צעקאַ״ אויף „וואָנגערסקי פּערעאולאָק״ נומער 13, אין דעם
קליינעם גוט־אָנגעהייצטן צימערל פֿון דער חבֿרטע אַנאַ זיבעל, —
דער אָפֿיציעלער זיך־רעדאַקטאָרין פֿון דעם עסעסישן זשורנאַל
„דער נײַער וועג״ — האָב איך צום ערשטן מאָל געהאַט דערזען
די פּרוש־געשטאַלט פֿון פּרץ הירשביין.

דרויסן — אַ שניי־געווירבל. דרויסן, אין צירק, שפּילט נאָך
גוזיק אָדער צוקער אַ מעלאָדראַמע „מיט געזעגנע און טענצע״ און
אינעווייניק, אין דעם קאָנספּיראַטיוון צימערל פֿון דעם עסעסישן
„צעקאַ״ לייענט פֿאַר פּרץ הירשביין זײַן נײַע פּיעסע „די נבֿלה״.

נישט קיין טעאַטער־דירעקטאָרן און נישט קיין רעזשיסאָרן
הערן אים, נאָר פֿאַנטאַסטן־עסעסאָווצעס, וואָס ווילן „איבעררעזשי־
סירן״ דעם גאַנצן סדר העולם.

די חבֿרים „אברהמל״ (ש. ניגער), „ווילהעלם״ (וו. לאַצקי־
בערטאָלדי), „מיכאאיל״ (מ. ראַשקעס) און „זלמן בורזשוי״ (ז.
מײַזנער) גיבן אים סמיכה.

איז ער גליקלעך — פּרץ הירשביין — וואָס דער עסעסישער
„צעקאַ״ אַליין (דענסטמאָל, אגבֿ, די העכסטע אינסטאַנץ אין ווילנע
פֿאַר ליטעראַטור־ענינים) גיט אים סמיכה אויף דראַמאַטורגיע.

האָט זיך אָט דער אינטימער פּרץ הירשביין־אָוונט אויף
אייביקע יאָרן פֿאַרקריצט אין מײַן זיכּרון, ווײַל ער האָט אויך מיך
דערהויבן און באַגײַסטערט.

איך האָב געהאַט דענסטמאָל דערשפּירט דעם ענגען צוזאַמענ־
שלוס צווישן דער יִידישער ליטעראַטור מיט דער יִדישער
באַפֿרײַונגס־באַוועגונג און איצטער ערשט, אויף אַ שטח פֿון

35 יאָר האָב איך דערזען, אַז פּרץ הירשביין האָט מיט דער ברכה פון די ייִדישע סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן באמת טאַקע אויס־געקעמפט זיך אַ גאַנץ פּײַנע טעריטאָריע, אַ טעריטאָריע, וואָס הייסט „ייִדישלאַנד".

ליידער, ווערט אָט די „טעריטאָריע" אונדזערע שוין ווידער אַ מאָל פאַרגוואַלטיקט און געלײַטערט אין אַלע זיבן פײַערן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער גראָד דאָס „ייִדישלאַנד" וועט אויך נאָך די אַלע נײַע נסיונות און פאַרוויסטונגען מער פון אַלע אַנדערע לענדער אויפהיטן דעם צלם אלהים זײַנעם, ווײַל דאָס ייִדישלאַנד איז פון אָנהייב אָן אויפגעבויט געוואָרן מיט אונדזער פאָלקסטימלעך־שעפערישן אימפעט און צו אָט דעם דאָזיקן שעפערישן פאָלקס־אימפעט האָט פּרץ הירשביין בײַגעשטײַערט זײַן גאַנצן לײַב־און־לעבן.

ווינטש איך איצטער דעם פרײַנט און קאָלעגע פּרץ הירשביין — ער זאָל גאָר בקרוב זיך קענען ווידער אַוועקלאָזן אויף אַ נײַער וועלט־רײַזע דורך אַלע באַפרײַטע ייִדישע ישובים פון גאָר דער וועלט און אַז ער זאָל ווידער אַ מאָל קענען אָנצינדן די אַלע אויסגעלאָשענע נר תמידלעך פון אונדזער באַפרײַטער פאָלקס־קולטור.

אָמן.

## ד״ר ש. מאַרגאָשעס

# די געשטאַלט פּרץ הירשביין

וועלן זיך אַוודאי געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן פרעגן:

„היתכן, אַ יובילײ אין אַ צײַט ווען די וועלט ברענט ממש און אירע יסודות טרייסלען זיך? אַ יום־טוב פאַר א יידישן שרײַבער, ווען הונדערטער טויזנטער יידן קומען אום און מיליאָנען ווערן געפּײַניקט אין רשעס צוואַנג? היתכן?״

צו די וועלן מיר ענטפערן, אַז דער יום־טוב — דער הירשביין־יובילײ — איז ניט קיין אויסדרוק פון ווילטאַג, ווען עס גלוסט זיך אָנטאָן נחת אַ יידישן שרײַבער, אים מהנה זײַן מיט ליבע רייד און אַליין אויך הנאה האָבן און זיך פאַרווײַלן.

עס איז פיל מער ווי בלויז דאָס; עס האָט אַ טיפערן מיין. און פּרץ הירשביין איז דאָ כמעט אַן אויסרייד.

עס איז די יידישע ליטעראַטור, די יידישע שאַפונג, דער יידישער געדאַנק, וואָס דאַרפן גראָד איצט אַרויסגעהייבן ווערן — איצט, ווען די ברוינע רשעות פירט אַזאַ אומברחמנותדיקן קאַמף קעגן אונדזער גײַסטיקייט.

נו, טראַכטנדיק און ריידנדיק וועגן דער יידישער ליטעראַטור, טויכט דאָך פאַר אונדז באַלד אויף די אַזוי־פאַרביקע פיגור פּרץ הירשביין. ווי קאָן מען דען מאַכן דעם חשבון אָן אים, און אָן אים אונטערציען דעם שטראָך, מאַכן אַ סך־הכל און זען, ווי גרויס איז אונדזער גײַסטיקער באַגאַזש, מיט וועלכער מיר לאָזן זיך אַרויס אָפּשטעלן דעם אָנגריף פון שונא?

אונדזער ליטעראַטור איז, דאַכט זיך, ניט דענקבאַר אָן הירשביינען, דעם האָרעפּאַשניק, דער וואָס האָט געטראָגן שטיינער, געקנאָטן ציגל, געלייגט שינדלען — פון פונדאַמענט ביז צום דאַך פון אונדזער ליטעראַרישן בנין.

הירשביין איז אַליין אַ געבײַ. מיט וועלכע ליטעראַרישע פֿאָרמען האָט ער זיך ניט באַנוצט? דראַמע, ראָמאַן, פּאָעטישע פּראָזע, עסיי און „וואָכעדיקע" פּובליציסטיק.

איך בין זיכער, אַז בײַ דער איצטיקער געלעגנהייט וועט הירשביין, דער פֿיל־פֿאָרמיקער און פֿיל־זײַטיקער, אַנאַליזירט ווערן דורך פֿאַכלײַט, אַזוי צו זאָגן, אויף די אַלע געביטן. ווילט זיך זיי זאָגן: ווי איר זאָלט ניט וועגן און מעסטן און שאַצן — מיט דער געשטאַלט הירשביין איז זיך שווער צו ספּראַווען. הירשביין איז אַרויסגעוואַקסן פֿון פֿאָלק, איז מיט אים פֿאַרבונדן דורך אַן אומגעזעענער נאָפּל־שנור; ער איז פֿאַרבונדן מיט ערד און ביים. הײַנט גיי שאַץ אָפּ ערד און ביים!

פּרץ הירשביין איז איינער פֿון אונדזערע ייִדישסטע שאַפֿערס — סײַ אין ייִדיש, סײַ אין זײַנע העברעיִשע אָנהייבן.

וואָס דאַרפֿט איר מער? הירשביין איז ייִדיש אַפֿילו אין זײַן „גלאָוב־טראָטערײַ". וואָס האָט ער געזוכט אויף זײַנע נסיעות איבער דער וועלט, אויב ניט דעם זין פֿון ייִד־זײַן און די מערכה פֿון ייִדן פֿון מזרח ביז מערב, פֿון צפֿון ביז דרום?

ווענלדיק פֿאַרשטיין דאָס לעבן און דאָס אויסקומעניש פֿון פֿעלקער, האָט ער זיך געוואָלט דערגרונטעווען און באַנעמען זײַן אייגן לעבן, זײַן גורל, און די גורלות פֿון די זײַניקע.

און עס איז דאָ דער תּירוץ און דער ענטפֿער פֿאַרוואָס אַזוי: הירשביין דער וואַכזאַמער, מיט אָפֿענע אויגן, אַן אומרויִק האַרץ און וואַרעם בלוט אין די אָדערן, האָט דערשפּירט אַן אַחריות אויף זיך — דאָס אחריות פֿון אונדזער דור, סײַ פֿאַרן הײַנט, סײַ פֿאַרן מאָרגן.

און אויף אונדזער דור זײַנען דאָך אויסגעפֿאַלן אויפֿטרייס־לונגען און שנויים, וואָס דאַרפֿן פֿירן צו באַנײַונג און צו אַ גערעכטערער און בעסערער געזעלשאַפֿט.

הירשביין וויל דאָס אַלץ באַנעמען און צולעגן דערצו אַ האַנט. ער האָט זיך געשטעלט מיטן פּנים צו די אַלע קאָלאָסאַלע דער־שײַנונגען; „מיטן פּנים צו דער רעוואָלוציע", ווי ער האָט זיך אַליין אויסגעדריקט. „רעוואָלוציע" אין אַלע אירע אַספּעקטן.

דערפֿאַר בײַ הירשביינען דער פּרווו צו פֿאַרבינדן דעם „אָקטאָבער״ מיט שיבת ציון און חלוצים. עס מיינט באַנײַונג פֿון פֿאַרשידענע ווינקלען.

— צי אים איז געלונגען צו שאַפֿן אַ בריק צווישן די צוויי — און צי דאָס איז גאָר מעגלעך — איז אַן ענין פֿאַר זיך.

אָבער הירשביינען לאָזט דאָס ניט צורו. און די פֿראַגן גע־פֿינען אַן אויסדרוק אין זײַן פּובליציסטיק, פֿאַר וועלכער דער „טאָג״ גיט גערן פּלאַץ אויף זײַנע שפּאַלטן.

אין נאָמען פֿון „טאָג״, ווו הירשביין ציילט זיך צווישן די חשובסטע מיטאַרבעטער, וויל איך אים, דעם יובילאַר, ווינטשן נאָך אַ סך יאָרן פֿון לעבן און שאַפֿערישן כוח. איך וויל אים ווינטשן ער זאָל נאָך זען זײַן חלום פֿאַרווירקלעכט: דער חלום פֿון אַ שענערער, גערעכטערער וועלט. אַזוי אַרום וועלן מיר ייִדן אויך געפֿינען אונדזער תּיקון, און עס וועט האָבן אַ תּיקון דאָס ייִדישע קינסטלערישע וואָרט, וואָס פּרץ הירשביין כאָוועט, צערטלט און האַלט ערלעך פֿון יענער מינוט, ווען ער האָט דערפֿילט, אַז ער מוז האַלטן אַ פּען אין האַנט, אַז ער איז באַרופֿן דערצו.

## ב. לאַפּין

ניו־יאָרק, 20טער יולי, 1941

ליבער פּרץ הירשביין:

איך וויל אויסדריקן מײַן פֿרייד־באַגריסונג צו אײַער זעכציק־סטן געבוירנטאָג אין דער פֿאָרם פֿון אַ בריוו.

די בריוו־פֿאָרם האָט אין זיך דעם באָדן פֿון היימישקייט, ווו חברשע געדאַנקען און אויסדרוקן שפּראָצן אַרויס נאַטירלעך. אַ בריוו איז ווי אַ שמועס . . . מען האָט מער פֿאַר זיך דעם געזיכט פֿון יענעם, צו וועמען מען רעדט. אַ מאָל פֿילט מען אַפֿילו יענעמס שמייכל און ערנסטן בליק אויף זיך; דאָס גיט די מוט אַראָפּצורעדן זיך פֿון דעם געמיט.

פֿיר און דרײַסיק יאָר אײַערע, ליבער פּרץ, פֿון די זעכציק, וואָס עס ווערט אײַך באַלד, — זײַנען מיר גוט באַקאַנט, סײַ דורך אײַער שרײַבן און סײַ דורך מײַן קאָנען אײַך פּערזענלעך.

ווען איך בין אַלט געווען 17—18 יאָר, זײַנט איר שוין אין ווילנע פֿאַר מיר געשטאַנען אַ דערוואַקסענער מיט אײַער פֿײַער־לעכקייט אין אויסזען, און אין טאָן פֿון אײַער שרײַבן. אײַערע שטעגן האָבן געוויס אַ סך יונגע שרײַבער יעמאָלט צוגעצויגן צו זיך . . .

נײַנצן זיבן, די דייזשע־יאָרן, ווען ס׳האָט זיך איבערגעזײַערט די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע, — זײַנט איר, נאָך אַלע אײַערע ספֿיקות (אין דער דראַמע „אינטעליגענט") — דאָך אַליין אויפֿ־געגאַנגען . . .

מען האָט געפֿילט אין אײַך די דערוואַקסנקייט פֿון אַ יונגביימל, וואָס טראָגט שוין אין זיך די שטאַמיקייט פֿון בוים.

אפֿשר האָט אײַער ליטעראַרישע דערוואַקסנקייט, צוזאַמען מיט אײַער פֿײַערלעכן אויסזען, יעמאָלט צו פֿרי אַרויסגעשפּראָצט

פֿאַר די אויגן פֿון די ליטעראַטור־אָפּשאַצער. ווען אַ מאַמע גייט אַרום שטענדיק צווישן אייגענע קינדער קוקט איר אויס פֿרעמד זייער דערוואַקסנקייט . . .

מיר האַלטן נאָך אין אָנהייב פֿון אַ נײַער ליטעראַטור, און דאָ גייט אַרום איינער פֿון די נײַע מיט דער האַלטונג פֿון אַ גאַנצן, אַ פֿאַרטיקן.

אויף אײַך, ליבער פּרץ, איז שווער צו זאָגן, ווי אויף אַ סך אַנדערע שרײַבער, אַז אין די לעצטע ווערק אײַערע האָט איר זיך ערשט געפֿונען. איר האָט גלײַך פֿון אָנפֿאַנג זיך אַליין געפֿונען, אַפֿילו ווען איר האָט געמיינט, אַז איר בלאָנדזשעט.

ס'איז געווען די דערוואַקסנקייט פֿון אַ יונגן יתום, וואָס אַרום אים איז דאָ אַ מאַמע מיט נאָך קלענערע יתומים. — דער יונגער יתום קריגט זײַן זיכערן טראָט אין דער רגע, ווען ער דערפֿילט, אַז עמעצער וועט זיך אָן אים אָנלענען . . .

אין דער מינוט, ווען איר האָט אָט די זיכערקייט דערפֿילט, האָט איר באַלד אַליין אויסגעגלײַכט אײַער וואָג־שאָל פֿון רעאַליזם און ראָמאַנטישקייט.

שטייענדיק אַ גלײַכער, האָט שוין פֿון זיך אַליין זיך אַראָפּ־געיאָכט דער יוגנט־שוים, וואָס איז אײַך לכתחילה פֿרעמד געווען. דער יוגנט־שוים פֿון די פּעסימיסטישע „קברים־בלומען“ און „וואַנדערער־טרוימען“.

געבליבן זײַנט איר בײַ דאָס אײַעריקע: בײַם ראָמאַנטישן רעאַליזם, דעם ערדיק באָדן אונטער אײַערע טריט . . .

אין אײַערע זכרונות פֿון יענער צײַט, דערמאָנט איר פֿיל מאָל די פֿרעמדקייט אַרום אײַך. איר האָט שטאַרק געפֿילט יענעם פֿרעמדלעכן בליק, אָבער איר זײַנט אַלץ געגאַנגען מיט אײַער זיכערן און גלײַכן טראָט.

אײַער גלײַכער טראָט, דאָס איז עפּעס אײַערס, ליבער פּרץ. איר האָט שטענדיק געוואָלט גיין גלײַך אין אײַער אייגענעם לעבן, און גיין גלײַך אין דער ליטעראַטור.

אײַער גלײַכער טראָט האָט אָפּט אָפּגעהאַלטן דאָס וויגן זיך

פֿון די קלאַדקעס אויף אײַער וועג צום מיל נאָך אין אײַערע סאַמע קינדער־יאָרן . . .

די מערסטע שרײַבער לאָזן זיך אויסלעבן זייערע געדאַנקען דורך די העלדן זייערע. די גוטע געדאַנקען דורך אַ פּאָזיטיוון העלד; די שלעכטע — דורך אַ נעגאַטיוון.

די שרײַבער אַליין זײַנען ניט שטענדיק געגאַנגען מיט זייערע העלדן. דער בוך־העלד איז בײַ זיי געווען בלויז אַ פֿאָרם אויס־צולעבן דורך זיי דעם סם און דעם האָניק פֿון זייער אייגענעם לעבן . . .

אָבער איר, ליבער פּרץ, לעבט שטענדיק אויס אײַערע העלדן. איר לעבט זיי, ווען די דראַמע אָדער די טראַגעדיע קומט פֿאָר און איר לעבט זיי ווען דער פֿאָרהאַנג האָט זיך שוין אַראָפּגעלאָזן, נישט מורא האָבנדיק פֿאַר טעאַטראַלישקייט . . .

דער העלד איז מיט אײַך שטענדיק, ווײַל אײַער העלד זײַנט איר אַליין. אין אָט דער געבענטשטער גאַנצקייט אײַערער, האָב איך שטענדיק געזען דעם וועג פֿון אײַער שרײַבן און אײַך אַליין.

שפּעטער זײַנען די, וואָס האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו קאָנען אײַך נאָנט, אויך געוואָרן נענטער צו אײַער שרײַבן. דורך דעם העלד אויסערן בוך, האָבן זיי דערזען דעם העלד אין דעם בוך.

פֿאַראַן שרײַבער, וואָס האָבן נישט קיין העלדן, וועלכע לעבן פֿאַר זיי, און לעבן אַליין נישט אויס זייערע אייגענע העלדן, נאָר די העלדן פֿון . . . אַנדערע שרײַבער.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אָפּט איז זייער גוט צו לעבן ווי אַ פּאָזי־טיווער העלד פֿון אַן אַנדער שרײַבער. אָבער מען דאַרף אַליין אויך פֿאַרמאָגן די קראַפֿט פֿון אַ העלד און ניט זײַן בלויז אַ קאָפּירער פֿון אַ העלד.

רייד וועגן גוטסקייט דאַרפֿן געדעדט ווערן מיטן אייגענעם קול. גוטע טאַטן פֿון אַ העלד דאַרפֿן קאָנען געטאָן ווערן.

איר, ליבער פּרץ, זײַנט שטענדיק אײַער אייגענער העלד, סײַ אין לעבן, סײַ אין בוך.

ווען איר האָט געוואָלט בויען אַ יידישן טעאַטער האָט איר

אפשר געמיינט, אַז איר שפּילט אַ טעאַטער־העלד, אָבער אויך דאַן האָט איר געשפּילט זיך אַליין.

איר האָט פֿריער געבויט דעם העלד אין זיך, איידער איר האָט אים געוויזן אין בוך.

אײַער אַנדערשקייט פֿון אַ סך אַנדערע שרײַבער איז מיר שטענדיק נאָנט געווען. איך האָב ליב דעם העלד אויסערן בוך און האָב ליב אײַער בוך, ווו איר אַליין זײַנט דער העלד. ביידע וויל איך זען מײַן גאַנצן לעבן.

מיטן גאַנצן האַרצן אײַער ב. לאַפּין.

פּ. ס. איך נוץ אויס די פּריווילעגיע, וואָס עס גיט מיר די בריוו־פֿאָרם, צו גריסן האַרציק אײַער אסתר שומיאַטשער, דער חשובֿער ייִדישער דיכטערין און צו שיקן אַ גרוס אײַער עמוסן.

## אברהם רייזען

# די וואַנדערנדיקע יידישע טרופּע

— — — — — — — — — — — — — — —

איין מאָל דערהערן מיר, אַז פּרץ הירשביין, וואָס איז אין יענער צײַט — ווי הײַנט — געווען זייער פּראָדוקטיוו אין זײַן שאַפֿן און האָט שוין פֿאַרמאָגט — נאָך דאַן אַ יונגערמאַן — בײַ אַ צענדליק דראַמען, אַז אָט דער פּרץ הירשביין, דער שטילער, דער איידעלער, דער אָפּגעהיטער — האָט געגרינדעט אַ טרופּע פֿון יונגע קרעפֿטן און פֿאָרט מיט איר אַרום איבער רוסלאַנד. אין אָדעס האָט ער געמאַכט אַ פֿוראָר, און ווו ער קומט „נעמט ער אײַן די וועלט״ . . . און ווי מען דערציילט, נעמט ער אַליין אויך אָנטייל. ס׳הייסט פּרץ הירשביין איז אַליין אַן אַקטיאָר, אויסער אַ דירעקטאָר. איז דאָס אוודאי געווען אַ פֿרייד צו הערן.

דערצו האָט מען דערציילט — און אפשר איז דאָס אויך גע־ווען באַשריבן אין די יידישע צײַטונגען, אַז זײַן טרופּע באַשטייט פֿון אינטעליגענטע ייִדישע יונגע בחורים און מיידלעך, געוועזענע סטודענטן, גימנאַזיסטקעס, אייניקע פֿון זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען פֿון דער רוסישער בינע.

אויף אַזאַ נצחון האָבן מיר זיך ניט געריכט. איבערהויפּט איך.

אַזש פֿון דער רוסישער בינע! אין יענער צײַט האָט עס גע־קלונגען לעגענדאַריש.

און אונדזער פֿרייד איז נאָך גרעסער געוואָרן, ווען מיר האָבן דערהערט, אַז די דאָזיקע טרופּע, וואָס זי האָט געטראָגן צוויי נע־מען: אי פּרץ הירשביינס טרופּע, אי די וואַנדערנדיקע טרופּע — ביידע שיינע נעמען — קומט צופֿאָרן אויף צען ספּעקטאַקלען קיין וואַרשע.

און אין איין ליכטיקן — הגם ווינטערדיקן — פרימאָרגן, זאָגט מען מיר אָן די שׂמחה, נאָך איידער עס איז געווען אַ נאָטיץ אין די צײַטונגען — אַז יאָ, זיי זײַנען שוין דאָ, און פּרץ הירשביין איז מיט זיי.

באַגעגען איך בײַטאָג א. וווייטערן — זאָגט ער מיר אָן די שׂמחה, אַז יאָ — זיי זײַנען געקומען. ער האָט זיי שוין געזען, און פאַרענדיקט:

— מײַן טײַערער, איך בין שטאַרק פאַרנומען. איך מוז גיין פאַרזאָרגן זיי מיט דירות . . . ס׳איז דאָ אַרבעט.

ער פילט זיך, א. וווייטער, ווי אַ מחותּן. ער איז ניט פאַראינטערעסירט, חלילה, דערפאַר, וואָס ער אַליין האָט שוין בײַ אַ צוויי דראַמען. איינע פון זיי, „פאַרטאָג״, באמת אַ העכסט פּאָעטיש ווערק. א. וווייטער איז צו־באַשיידן, צו ווייניק עגאָיסטיש. ער איז גלאַט אַ גרויסער פרײַנד און פאַרערער פון פּרץ הירשביין. ער איז פאַרכאַפּט פון הירשביינס אויפטו, שוין אָפּגערעדט פון הירשביינס דראַמען, וואָס אַלס סימבאָליקער אַליין, האָט ער וועגן זיי די בעסטע מיינונג.

זע איך זיך שוין פאַרנאַכט מיט נאָמבערגן. נאָמבערג זאָגט מיר אָן — אין גאַנצן אַ צופלאַמטער — די שׂמחה, אַז ער האָט זיי שוין געזען.

— אַי, רייזען, ס׳איז שוין איין מאָל אַ חבֿרה . . . אַ פאַרגעניגן, אַלע משלנו.

ער וואָלט מיך איצט געגומען צו זיי, נאָר ער מוז לויפן אָנשרײַבן אַן אַרטיקל . . . ער האָט אָפּגעלעגט אויף דער לעצטער מינוט . . . ער זאָגט מיר אָבער, אַז זיי האָבן אויף מיר געפרעגט... און ער גיט צו מיר אַ שמייכל:

דאָס איז ניט קאָמפּאַניעצעס טרופּע . . . זיי וויסן פון אונדז . . . זיי לייענען . . .

ייִדישע אַקטיאָרן לייענען ייִדישע שרײַבער . . . ס׳איז טאַקע אַ ווונדער געווען און נאָך מער אַ נחת־רוח.

דערגיי איך שוין דעם אַדרעס: ערגעץ אויף מאַרשאַלקאָווסקע. איך בין אַרײַן אין אַ גרויסן צימער. לויטער נײַע געשטאַלטן.

הירשביין אַליין איז ערגעץ אין שטאָט, האָוועט אַרום וועגן דער ערשטער פֿאָרשטעלונג.

אָבער אָט ווײַזט זיך אַרויס, אַז איינע אַ יונגע שוישפּילערין איז אַ באַקאַנטע פֿון ווילנע. כ׳וואָלט ניט געגלויבט, אַז זי זאָל ווערן אַ שוישפּילערין. זי האָט גאָר געענדיקט אַלס ציין־דאָקטאָר... שטעלט זי מיך פֿאָר פֿאַר אַ צווייטער: אָרלאָווסקאַיאַ. אַ מיידל אַ יונגע, אַ ברונעטקע, מיט פֿײַערדיקע שוואַרצע אויגן. און איר יחוס — אַן אָדעסער און געשפּילט אין רוסישן טעאַטער. פֿונדעסט־וועגן רעדט זי מיט מיר יידיש —אַן אָדעסער יידיש.

און אָט איז נאָך איינע — אַ יידיש־ערצויגענע מיידל, רעדט יידיש ווי אַ למדן אַ מאַנסביל, כאָטש אַליין איז זי אַזוי שיין, ווייבלעך שיין מיט אַ צנועהדיקן חן. אַ שטימע האָט זי — איז וואָס זי רעדט אַרויס, זינגט זי.

און אָט קומט שוין אַן בן־עמי. אים דערקען איך אַלס שצירין פֿון מינסק. אַלס זיבעצן־יאָריקער בחורל האָט ער שוין אין מינסק אַנטייל גענומען אין אַן אַמאַטאָרן־פֿאָרשטעלונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין זאַל פּאַריזש. און טאָמער איז דאָס פֿאַר מיר נאָך ווייניק, געפֿין איך אויס, אַז לאַזאַר פֿריד, וועלכן איך האָב אויך אַלס ייִנגל געקענט פֿון מינסק, אין יאָר 1906־7, איז אויך דאָ, אין הירשביינס טרופּע.

אַ גוואַלדיקע שׂמחה!

קיין סך שטערן זיי וויל איך אָבער ניט. זיי פּאַקן אויס די גאַרדעראָבעס, איבערהויפּט איז פֿאַרנומען מיט דעם דער פֿרויען־פּערסאָנאַזש. קיין גוואַלדיקע עשירות זעט מען ניט . . . אָבער דער מוט, דער גלויבן, די יוגנטלעכע פֿריילעכקייט — עס דאַכט זיך, אַז פּערל, בריליאַנטן שיטן זיך — אויב ניט פֿון זייערע קופֿערטס — איז פֿון זייערע ליפּן אַראָפּ.

אויף מאָרגן האָב איך זיך שוין געטראָפֿן מיט פּרץ הירשביין. דאָס דאָזיקע זעען זיך איז מיר געוועזן ניט באַזונדערס „באַקוועם״. איך האָב נעמלעך געפֿילט זיך שולדיק קעגן אים מיט מײַנעם אַ ביבליאָגראַפֿישן נאָטיץ אין מײַן מאָנאַטשריפֿט „קונסט און לעבן״, וואָס איז ערשינען אין 1908, וועגן זײַנע סימבאָלישע דראַמען, וואָס



די „הירשביין טרופּע״ — אָדעס, 1909

ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט איינע נאָך דער אַנדערער. איבערהויפּט וועגן זײַן דראַמע „ערד". דער טאָן פֿון מײַן ביבליאָגראַפֿישן נאָטיץ איז טאַקע געווען גאָרניט קאָלעגיאַל. עד־היום, ווען איך דערמאָן עס, איז מיר אַ ווונדער, ווי אַזוי איך בין גאָר פֿעיִק געווען אַזאַ מין פֿאַרניכטנדיקע מיינונג אָנצושרײַבן און נאָך אָפּצודרוקן. הגם, איך וויל ניט לייקענען, אַז אין גרונט גענומען, בין איך גע־ווען גערעכט — יענע עטלעכע דראַמען, אין דעם ערשטן פּעריאָד פֿון זײַן דראַמאַטישן שאַפֿן — מיט דער אויסנאַם פֿון זײַן דראַמע „מרים", „נאָענטע און ווײַטע" און נאָך איינע אָדער צוויי איינ־אַקטערס, ווי „איינזאַמע וועלטן", וואָס איז נאָך עד־היום אַ „שעדעווער", יענע עטלעכע סימבאָלישע דראַמעס זײַנען געווען צו שטאַרק אונטער דעם אײַנפֿלוס פֿון דער דעקאַדענטישער שולע. ער דאַרף מיר, גלויב איך, דאַנקבאַר זײַן, כאָטש איך פֿאַרלאַנג עס ניט — פֿאַר מײַנע יענע שאַרפֿע ווערטער. גלײַך נאָך דעם האָט ער אונדז געגעבן אַזעלכע פּערלען פֿון דער דראַמאַטישער קונסט, ווי „גרינע פֿעלדער", „דעם שמידס טעכטער", „די פּוסטע קרעטשמע", „אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל" און אַנדערע. איך רעד שוין ניט וועגן זײַנע אַנדערע ווערק, ניט אין דראַמאַטישער פֿאָרם, וואָס זײַנען מוסטערן פֿון עכטער פּאָעזיע (מעג זײַן אויך אין פּראָזע גע־שריבן) און גרויסער שיינקייט און טיפֿקייט פֿון געדאַנק און וועלט־באַנעם.

איז מיר, ווי געזאָגט, געווען ניט באַקוועם דאָס „לײַכטן מיט די אויגן", ווי מען דריקט זיך אויס אין רוסיש. אָבער די באַ־געגעניש איז אַראָפּ גלאַט. פּרץ הירשביין האָט מײַן אַנטשולדיקן זיך גלײַך אָנגענומען מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל און איז באַלד אי־בערגעגאַנגען אויף אַן אַנדער שמועס. נעמלעך, ער האָט מיר דערציילט, אַז אין רעפּערטואַר פֿון זײַן טרופּע געפֿינט זיך אויך אַ פּאָר פֿון מײַנע איינאַקטערס און אַז „די גוטע ברידער" האָט ער אַ פּאָר מאָל אויפֿגעפֿירט אין געוויסע שטעט, אויב ניט אין אָדעס אַליין.

דאָס איז שוין פֿאַר מיר געווען באמת אַ זכיה. הייסט עס, אַז אויך איך האָב וואָס צוגעטראָגן צו דער ייִדישער דראַמאַטישער

קונסט . . . אמת, אַמאַטאָרן־טרופּן האָבן אין פֿאַרשידענע ווינקלען פֿון דער וועלט, וואו עס געפֿינען זיך ייִדישע קולטורעלע ישובים — מײַנע אײַנאַקטערס אויפֿגעפֿירט נאָך פֿריער. אָבער הירשביינס טרופּע, וואָס האָט באַקומען שוין אַזאַ באַרימטקייט, האָט געגעבן איר הסכּמה אויף מײַנע „גוטע ברידער״, איז דאָך שוין דאָ אַ האָפֿ־נונג, אַז אויך איך בין ניט גאָר קיין פֿרעמדער אין דער דראַמאַ־טישער קונסט.

בין איך שוין געלאָפֿן, גלײַך מיט אַלע קאָלעגן, אין טעאַטער, צו דער ערשטער פֿאָרשטעלונג.

איך זאָג געלאָפֿן, ווײַל די מורא צו פֿאַרשפּעטיקן און ניט האָבן קיין מעגלעכקייט אַרײַנצוגיין איז געווען זייער גרויס.

אַזוי פֿלעגן לויפֿן ייִדן אין אַ שטעטל הערן דעם נײַעם מגיד אין שול. דעם נײַעם, ווײַל דער אַלטער מגיד איז שוין דערעסן געוואָרן און מען האָט געוואָלט פֿאַרכאַפּן אַן אָרט, כאָטש בײַם טיר... אַבי הערן!

איך האָב דווקא געהאַט אַ פּלאַץ אין די ערשטע רייען. אין דעם דאַמאָלסטיקן קאָמפּאַניִיעצעס טעאַטער איז ערשטע רייע ניט געווען אפֿילו קיין סך באַקוועמער ווי אין דער לעצטער — צו־ווײַט פֿון דער בינע איז אויך די לעצטע רייע ניט געווען. ס'איז נעבעך געווען אַן אָרימער טעאַטער, אַן אַלטע געבײַדע אויף דער מוראַנאָווסקע גאַס — וואָס ווער קען וויסן צו ווען און צוליב וואָס די דאָזיקע געבײַדע האָט אַ מאָל געהערט און עקסיסטירט.

דאָך, ווי דורך אַ כּישוף, האָט זיך דער אָרימער טעאַטער פֿאַר־וואַנדלט אין אַ טעמפּל פֿון קונסט. עס איז שוין גענוג געווען פּרצעס אַנוועזנהייט, אַז דאָס טעאַטער זאָל ווערן אַ טעמפּל, דערצו זײַנען געקומען די פּני פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און פּרעסע, די אינטעליגענץ און די אַנטוויקלטע אַרבעטער, די באַוווסטזיניקע, וואָס פֿאַר זיי איז שוין אַ בעסערער ייִדיש טעאַטער געווען אַ גײַס־טיקע נויטווענדיקייט.

אַזוי ווי דאָס טעאַטער האָט געטראָגן דעם האַלב־סימבאָלישן טיטול „די וואַנדערנדיקע טרופּע״, האָט מען אויפֿגעפֿירט — לאָמיר האָפֿן, אַז איך האָב קיין טעות ניט — אָסיפּ דימאָווס „דער אײ־

ביקער וואַנדרער". (אַ טעות: געשפּילט האָט מען דעם ערשטן אָוונט „מיטן שטראָם" פון ש. אַש און „מענטשן" פון שלום־עליכם — רעדאַקציע). איך געדענק באמת ניט קיין דעטאַלן. איך בין אָבער זיכער, אַז דאָס שפּילן איז געווען וווּנדערלעך שיין. איבערהויפּט, אַז מען איז געקומען שוין מיט אַ פּאַרטיקער באַגײַס־טערונג. צו די אָוואַציעס נאָך יעדן אַקט איז ניט געווען קיין שיעור. די וואַרשעווער אַמאַליקע יוגנט האָט זיך געקאָנט באַ־גײַסטערן, בפרט אין יענער צײַט, ווען יידיש טעאַטער — אין ריכטיקן זין, איז געווען אַ נײַעס, אַ ליטעראַרישע שטיק — אַ יום־טובֿ. איך געדענק בלויז, אַז שטאַרק אויסגעצייכנט האָט זיך בן־עמי, און אפשר אויך אַנדערע, געדענק איך אָבער ניט. איך דערמאָן זיך אָבער איצט, שרײַבנדיק, אַז אויך נעמי, נאָך יעמאָלט אַ יונג מיידל, האָט שוין באַקומען איר אָנערקענונג אַלס פײַנע קינסטלערין און וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין איר גאַנצער שיינ־קייט און עכטקייט אין שפּיל — שפּעטער שוין בײַ די „ווילנער".

אָבער פון מאָראַלישן ביז מאַטעריעלן דערפּאָלג איז קענטיק אַ ווײַטער מהלך. ניט נאָר הײַנט, נאָר אפילו מיט יאָרן צוריק, אין די אידעאַליסטישע צײַטן . . .

איך געדענק, אַז נאָך אַלע גליקן איז אויפן פערטן טאָג נאָך געקומען צו מיר איינע פון דער טרופּע און זייער חנעוודיק, אויף אַ קינסטלעריש־באַהעמישן שטייגער,געקלאָגט זיך וועגן מאַנגל אין געלט. די טרופּע, אַ פריילעכע, מיט אַ קינסטלערישן לעבנסשטייגער, האָט דערמאָנט אין עטלעכע טעג אַרום שלום אַשעס וווּנדערלעך אײדעלע הומאָרעסקע „אַ חזן מיט בשוררים", וואָס נאָך זייער גאַנצן אויסנעמען בײַם עולם האָבן זיי ניט ווו אײַנצו־שטיין און ניט מיט וואָס אַוועקצופאָרן.

אָבער פּרץ הירשביין, וואָס האָט דאַן אַליין גענוג געמאַנגלט און דאָך געטראָגן מיט גרויס העלדישקייט, ביז אויפאָפּפערונג, די אַלע מאַטעריעלע לאַסטן אויף זײַנע שמאָלע פּלייצעס, האָט שוין ווי עס איז צונויפגעשלאָגן אויף הוצאות און נאָך צען טעג אָפּזײַן אין וואַרשע — איז ער ענדלעך מיט זײַן טרופּע אַוועקגעפאָרן אין אַן אַנדער ווינקל פון דער גרויסער רוסלאַנד.

און גאָר אין גיכן האָבן מיר מיט גרויס ווייטיק אויסגעהערט — צי געלייענט — די ידיעה, אַז די טרופּע, צוליב מאַנגל אין געלט־מיטלען, איז אויפגעלייזט געוואָרן.

אָבער אַ דאַנק אָט דער דאַזיקער טרופּע, וואָס איז געווען די ערשטע, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן — זריעה — פאַר אַ נײַעם ייִדישן טעאַטער, זײַנען אויסגעוואַקסן אַזעלכע גרויסע טאַלאַנטן, ווי בן־עמי; פון בן־עמין שטאַמט דער קונסט טעאַטער אין ניו־יאָרק, וואָס הויבט אָן ציען זײַן יחוס פון פרץ הירשביינס מײַסטערווערק, די „גרינע פעלדער‟, וואָס אַ דאַנק בן־עמיס ווונדערלעכער ראָלע אין דער דאָזיקער שטיק, מיט דער נײַער אויפפירונג זײַנער און אפשר אויך מיט זײַן ערשטער רעזשי, האָט געלייגט דעם ווינקלשטיין און דעם פונדאַמענט פאַר דעם ייִדישן טעאַטער בכלל.

די מי פון פרץ הירשביין איז ניט געגאַנגען פאַרלוירן. ס׳מאַכט גאָרניט אויס, וואָס אין דער צײַט ווען די דאָזיקע ערינגערונגען ווערן געשריבן — לעבט דורך דער ייִדישער טעאַטער אַ שווערן קריזיס — ניט נאָר אין מאָראַלישן, נאָר אויך און דער־הויפּט — אין מאַטעריעלן זין. די ליכטיקע צײַט פאַרן ייִדישן טעאַטער קומט נאָך. ס׳וועט קומען. אין דעם קינפטיקן ייִדישן טעאַטער וועט פרץ הירשביינס אַרבעט אָפּגעשאַצט ווערן און אָנערקענט ווערן ניט נאָר אַלס גרינדער פון דער וואַנדערנדיקער טרופּע — נאָר אויך אַלס דיכטער־דראַמאַטורג.

מענדל עלקין

# אַ בינטל זכרונות

I

אַ פּאָר ווערטער איידער איך גיי איבער צום עצם ענין.

עס וואָלט אוודאי געווען זייער וויכטיק, אַז עס זאָל כאָטש עטוואָס געשריבן ווערן וועגן הירשביינס דירעקטער טעאַטער־טעטיקייט און זײַן איינפלוס אויפֿן ייִדישן טעאַטער אין רוסלאַנד דורך זײַן „הירשביין טרופּע״. צוזאַמען מיט די אָפּשאַצונגען וועגן זײַן דראַמאַטורגיע און וועגן זײַן ווירקונג אויפֿן ייִדישן טעאַטער דאָ אין אַמעריקע, וואָלט עס געגעבן אַ מער אָדער ווייניקער גאַנץ בילד וועגן זײַן אויפֿטו אין ייִדישן טעאַטער ווי אַ דראַמאַטורג און אויך ווי אַ טעאַטער טוער.

די דאָזיקע אַרבעט האָט דער רעדאַקטאָר פֿונעם יובל־בוך, חבֿר ש. ניגער, אַרויפֿגעלייגט אויף מיר, אָבער . . . אָבער גיי שרײַב „געשיכטע״, בעת דער לעבעדיקער, צאַפּלדיקער און אינטימער חבֿר מײַנער הירשביין שטייט פֿאַר מײַנע אויגן דורך די זכרונות זײַנע, וועלכע ער פֿאַרעפֿנטלעכט איצט און אין וועלכע ער גיט מיר אָפּ אַזוי פֿיל פּלאַץ און אויפֿמערקזאַמקייט!

גיב איך, לעת־עתה אויף „געשיכטע״ — און כ׳וועל נאָר פּרוּוון איבערגעבן עטלעכע עפּיזאָדן פֿון די יאָרן, ווען איך האָב זיך אָפֿט געטראָפֿן מיט הירשביינען, און פֿון שפּעטערדיקע באַגע־גענישן אונדזערע. אפשר וועלן די עטלעכע עפּיזאָדן באַלײַכטן אַ ביסל אויך זײַן טעאַטער טעטיקייט.

עד כאן במקום הקדמה.

* * *

דאָס ערשטע מאָל בין איך געקומען אין באַרירונג מיט הירש־

ביינען שריפטלעך. דאָס איז געווען אין יאָר 1908, ווען איך בין אַ געוויסע צײַט געווען דער רעזשיסער פֿון סעם אַדלערס טרופּע אין קיעווער טעאַטער „בערגאָניע". עס האָבן אין יענער טרופּע גע־שפּילט עטלעכע באַגאַבטע, יונגע שוישפּילער — יעקבֿ בן־עמי, לאַזאַר פֿריד, נאַדיאַ נעראַסלאַווסקאַיאַ, א"אַ. זיי אַלע האָבן גע־שטרעבט צו אַ „בעסערן" יידישן טעאַטער, און דער גוטמוטיקער סעם אַדלער האָט עס מיך אײַנגעלאַדן צו העלפֿן אין דער פּיאָנערן־אַרבעט.

הירשביין האָט שוין צו יענער צײַט געהאַט אָנגעשריבן אַ היפּש ביסל פּיעסן פֿון פֿאַרשידענע מינים, — פֿון דער אולטראַ רעאַליסטישער „נבֿלה" ביז די מיסטיש־סימבאָלישע „אויף יע־נער זײַט טײַך", „תּקיעת כּף", „דעמערונג" א"אַ. ער האָט שוין יעמאָלט געצויגן צו זיך די אויפֿמערקזאַמקייט ניט נאָר פֿון די שריפֿטשטעלערישע קרײַזן, נאָר אויך פֿון דער יידישער אינטעלי־גענץ בכלל און פֿון דער יוגנט בפֿרט. אונטער דער ווירקונג פֿון זײַנע דראַמאַטישע ווערק האָבן זיך אין אַ סך שטעט און שטעטלעך אָרגאַניזירט דראַמאַטישע גרופּעס, טעאַטער־קרײַזן אאַז"וו.

דאָס יאָר 1908 איז געווען איינער פֿון די שטורעמדיקסטע יאָרן אין דעם רענעסאַנס־פּעריאָד פֿון דער יידישער קולטור באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהייבן נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם אין 1903 און האָט זיך אויסגעברייטערט און פֿאַרצווייגט נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט פּאָגראָמען אויף יידן מצד דער צאַרישער רעגירונג. אין דעם יאָר האָט זיך אין ווילנע געגרינדעט דער זשורנאַל „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפֿט" אונטער דער רעדאַקציע פֿון ש. ניגער, א. ווייטער און ש. גאָרעליק; אין דעם יאָר האָט זיך הירשביין געלאָזן קיין אָדעס צו די דאָרטיקע יידישע גדולים און אָנגעהייבן חלומען וועגן בויען אַ יידישן ליטע־ראַריש־קינסטלערישן טעאַטער; אין דעם יאָר בין איך אַליין אויך אַרײַנגעצויגן געוואָרן דורך סעם אַדלערן צו „איבערבויען די יידישע בינע", ווי ער פֿלעגט זיך אָפֿט פֿײַערלעך אויסדריקן.

קומענדיק קיין קיעוו האָב איך זיך געווענדט צו די דראַמאַ־טורגן שלום אַש, א. ווייטער, פּרץ הירשביין, א"אַ מיט אַ בקשה

זיי זאָלן מיר דערלויבן אויפֿצופֿירן זייערע פּיעסן. די ערשטע צוויי האָבן מיר תּיכּף געגעבן טעלעגראַפֿיש זייער הסכּם און איך בין באַלד צוגעטראָטן צו דער אויפֿפֿירונג פֿון אַשס „גאָט פֿון נקמה״. הירשביין. וועלכער האָט צו יענער צײַט אָנגעהייבן גרינדן זײַן טעאַ־טער אין אָדעס האָט מיר געענטפֿערט מיט אַ לאַנגן בריוו (דער בריוו געפֿינט זיך אין אַרכיוו פֿון ייִוואָ אין ווילנע), אין אַ דעם בריוו דריקט ער אויס זײַן פֿאַרדרוס למאי קיין איינע פֿון זײַנע ביז דאַן אָנגעשריבענע פֿופֿצן פּיעסן איז ניט אויפֿגעפֿירט געוואָרן אויף דער ייִדישער בינע (גראָד אויף דער רוסישער בינע האָט מען יאָ גע־טראַכט אויפֿצופֿירן „אויף יענער זײַט טײַך״. דערמיט האָט זיך פֿאַראינטערעסירט דער באַוווסטער רעזשיסער מאַרדזשאַנאָוו, וועל־כער האָט יעמאָלט געאַרבעט אין אָדעסער שטאָט־טעאַטער). בײַ קיין אומה ולשון — שרײַבט ער — וואָלט אַזוינס ניט מעגלעך גע־ווען. אוודאי איז ער גרייט צו „ זייען דאָס דערהייבענע, דאָס גוטע און אייביקע״, אָבער . . . עס לאָזט זיך ניט אַזוי גרינג. דאַנקט ער מיר פֿאַרן ווענדן זיך צו אים און ער דערלויבט מיר אויפֿצופֿירן „די נבֿלה״ בתּנאַי, אַז צו דער פֿאָרשטעלונג זאָל איך אים אַראָפּברענגען קיין קיעוו.

עס איז מיר, צום באַדויערן, נישט באַשערט געווען אויפֿצו־פֿירן „די נבֿלה״. צוליב געוויסע סיבות האָב איך אינגיכן געמוזט פֿאַרלאָזן קיעוו און מײַן רעזשיסערישע אַרבעט אין טעאַטער „בער־גאָניע״ איז איבערגעריסן געוואָרן.

איך האָב אָבער מײַנע אויגן ניט אָפּגעווענדט פֿון הירשביינס טעאַטער אַרבעט אין אָדעס און אין אַנדערע שטעט פֿון דרום־רוסלאַנד.

דער דערפֿאָלג פֿון דעם „הירשביין טעאַטער״ איז געוואַקסן פֿון טאָג צו טאָג; באַריכטן וועגן דעם נײַעם ייִדישן טעאַטער זײַ־נען אין דער ייִדישער און אויך אין דער ניט־ייִדישער פּרעסע גע־ווען זייער געהייבענע; הכּלל — דאָס נײַע ליטעראַריש־קינסט־לערישע טעאַטער איז געוואָרן אַ שם־דבֿר.

קלאַנגען האָבן זיך אַרומגעטראָגן, אַז מאַטעריעל גייט עס דער טרופּע ניט אַזוי אי, אי, אי . . . די פֿאַרפֿאָלגונגען פֿון דער צאַ־

רישער פּאָליצײַ האָבן זייער פֿיל גורם געווען צו דעם, און חוץ לזה זאָל דער געשעפֿטס־פֿירער פֿון דער טרופּע, זייער אַ פּיפּיקער יונגערמאַן מיטן נאָמען וו. האָבן צוגענומען פֿון דער טעאַטער־קאַסע בעת די גאַסטראָלן אין יעקאַטעריטאָסלאַוו, אַ היפּשע אַפּותיקי און איז נעלם געוואָרן . . .

ווי מיר איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן, האָט זיך דער דאָזיקער פֿאַל שטאַרק אָפּגערופֿן אויפֿן מאַטעריעלן מצבֿ פֿון די שוישפּילער און פֿון דעם טעאַטער בכלל, אָבער דאָס האָט ניט געווירקט אויף דער טעטיקייט פֿון דער אידעאַליסטישער גרופּע יונגע מענטשן, וואָס האָבן מיט מסירות נפֿש געפּרוווט בויען אַן ערנסטן ייִדישן טעאַטער.

אין 1910, איך געדענק ניט גענוי אין וועלכער צײַט פֿון יאָר, האָבן זיך אין דער ייִדישער פּרעסע באַוויזן ידיעות, אַז די הירשביין טרופּע קלײַבט זיך צו באַזוכן די ייִדישע מעקא — וואַרשע, ד״ה מען לאָזט זיך אין דער גרויסער ייִדישער וועלט אַרײַן צו באַווײַזן וואָס מען האָט אויפֿגעטאָן — און באַקומען „סמיכה״ . . .

איך האָב אָפּגעמאַכט בײַ זיך צו פֿאָרן קיין וואַרשע אָנצוקוקן דעם נײַעם טעאַטער, באַקענען זיך מיט הירשביינען און באַגעגענען זיך מיט די חבֿרים שוישפּילער י. בן־עמי, לאַזאַר פֿריד, מיט וועלכע איך האָב צוזאַמען געאַרבעט אין קיעוו און וועלכע זײַנען טאַקע פֿון סעם אַדלערן אַוועק צו הירשביינען.

אַזוי איז געווען: ווי נאָר עס איז אַנאָנסירט געוואָרן דער טאָג פֿון דער ערשטער הירשביין פֿאָרשטעלונג, בין איך אַוועקגעפֿאָרן קיין וואַרשע.

די פֿאָרשטעלונגען זײַנען פֿאָרגעקומען אין מוראַנאָווער טעאַטער (עס רעדט זיך אַזוי — טעאַטער, באמת איז עס געווען אַ מין שטאַל, רחמנא ליצלן . . .), וואָס דער אַקטיאָר און אַנטרעפּרעניער קאָמפּאַנעיעץ האָט פֿאַרדונגען דער הירשביין טרופּע אויף בלויז עטלעכע פֿאָרשטעלונגען. איך בין אַוועק אַהין זוכן עמעצן פֿון וועמען איך זאָל זיך קאָנען דערוויסן פּרטים וועגן די טעאַטער־געסט. דעם ערשטן האָב איך געטראָפֿן יעקבֿ בן־עמין. אַ דערפֿרייטער, וואָס ער האָט דערזען אַן אייגענעם מענטשן, האָט ער מיך

אַוועקגעפֿירט צו הירשביינען, וואָס איז געשטאַנען אַ פֿאַרזאָרגטער איבער אַ רעקוויזיט פּראָבלעם, — ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָך אַ קורצן געשפּרעך מיט אים.

— דאָס זײַט איר מענדל עלקין, דער וואָס האָט געוואָלט אויפֿפֿירן „די נבֿלה"?

— יאָ, דאָס בין איך.

— שלום עליכם.

— עליכם שלום.

אין דעם מאָמענט באַווײַזט זיך א. ווייטער, און עס הייבט זיך אָן אַ געשפּרעך וועגן די פֿאָרשטעלונגען. דאָס אויסזען פֿונעם טעאַטער האָט דערדריקט יעדער שטימונג, אָבער מען נאָכט קוראַזש און מען גרייט זיך צו דער פֿאָרשטעלונג.

דעם ערשטן אָוונט האָט מען אויפֿגעפֿירט שלום אַשס „מיטן שטראָם" און שלום־עליכמס „מענטשן". די פֿאָרשטעלונג איז אַדורך בעסער ווי איך האָב דערוואַרט. אַלץ האָט אויסגעזען צו זײַן אַזוי „ציכטיק". עס האָט זיך געשפּירט אַן ערנסטער קינסטלערישער צוגאַנג צו דער אויפֿגאַבע. די צוגרייטונג פֿון דער פּיעסע, די אינטערפּרעטאַציע, די אויסשטאַטונג — בײַ די קלאָגעדיקע מעגלעכקייטן — די קאָסטיומען, אקסעסואַרן, גרים און, דער עיקר, דאָס שפּילן, — אַלץ, ווי עס האָט מיר אויסגעזען, איז געווען דורכגעטראַכט און פֿאַרווירקלעכט אויף אַן ערנסטן אופֿן. די אַקטיאָרן זײַנען כּמעט אַלע געווען אויף דער געהעריקער הויך פֿון זייער אויפֿגאַבע. געשפּילט האָט מען אָן אַ סופֿלער, און דאָס איז געווען אין יענע צײַטן אַ גרויסער חידוש . . .

די פֿאָרשטעלונג האָט געמאַכט אַ גוטן אײַנדרוק אויף דעם עולם, וואָס האָט אָנגעפֿילט דאָס טעאַטער.

ווי עס געדענקט זיך מיר איז אויף מאָרגן די פּרעסע אַרויס מיט שבֿחים פֿאַר דער הירשביין טרופּע. די שטימונג בײַ דער טרופּע איז געווען אַ געהייבענע.

וועלנדיק צוטיילן כּבֿוד י. ל. פּרצן, האָט אַ גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פֿון דוד הערמאַן, א. ווייטער, פּרץ הירשביין און מיין זוייניקייט, זיך גענומען צו שטודירן דעם ערשטן אַקט פֿון „די

גאָלדענע קייט״, האָבנדיק אין זינען אויפצופירן כאָטש איין אַקט צו דער שלוס־פאָרשטעלונג.

דערווײַל האָט פּאַסירט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט ניט נאָר צו־נישט געמאַכט דעם דאָזיקן פּלאַן, נאָר האָט אפשר אויך געהאַט פאַטאַלע פאָלגן פאַר דער ווײַטערדיקער עקסיסטענץ פון דער הירשביין טרופּע בכלל.

אין דער פּרעסע האָט זיך אָנגעהייבן אַן אַטאַקע אויף דעם הירשביין טעאַטער. און ווײַל קיין קאָנקרעטע סבות פאַר אַטאַקעס איז ניט געווען, האָט מען געמוזט טראַכטן, אַז הינטער דעם איז דאָ עפּעס אַ האַנט, וואָס פירט אָן אַ קאָמפּאַניע קעגן דעם טעאַטער.

אויף הירשביינען און אויף די יונגע סענסיטיווע אַקטיאָרן האָבן די אָנפאַלן געווירקט שוידערלעך; און ווײַל קיין טעאַטער פאַר ווײַטערדיקע פאָרשטעלונגען, ווו מען זאָל מיט מעשׂים קאָנען אָפּשלאָגן די אַטאַקעס, איז ניט געווען צו קריגן, איז די טרופּע געווען געצווונגען צו ענדיקן אירע גאַסט־שפּילן אין וואַרשע אונטער, אַזוי צו זאָגן, די קלעפּ פון דער פּרעסע, און מען האָט אָנ־געהייבן זוכן „שטעט״ ווו צו שפּילן!

דערווײַל בין איך אַוועקגעפאָרן אַהיים קיין באָברויסק און די טרופּע האָט זיך מיט אַ שווער געמיט געקליבן פאָרן ערגעץ, ווו נאָר עס וועט מעגלעך זײַן צו שפּילן. אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך זיך דערוווסט, אַז די טרופּע פאָרט קיין מינסק אויף עטלעכע פאָרשטעלונגען און פון דאָרט — קיין ווילנע. מײַן לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם האָט זיך צעשפּילט אין מיר און כ׳האָב באַשטימט אַראָפּצובריינגען דעם הירשביין טעאַטער קיין באָברויסק. אומר ועושׂה — איך בין גלײַך אַוועק צו אונדזער באַרימטן איטשע עפּ־שטיין צו אונטערהאַנדלען מיט אים וועגן דעם ענין.

איטשע עפּשטיין, דער אייגנטימער פון דעם באָברויסקער טע־אַטער, איז געווען אַ באַוווסטע פיגור אין דער פּראָווינציעלער טעאַטער־וועלט אין רוסלאַנד. אַ ייִד אַ בן ששים, מיט אַ הדרת פּנים, מיט אַ לאַנגער באָרד, אַ הוסטער, תּמיד אין אַ שוואַרצן סיורטוק מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ, אויך ווען ער האָט געקושט די הענט בײַ רוסישע אַקטריסעס, האָט זייער פיל געטאָן כּדי אַרויס־

צוהעלפֿן אַקטיאָרן אין צײַטן פֿון נויט. הגם קיין הויכע מיינונג האָט ער וועגן זיי ניט געהאַט.

צו מיר האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן מיט גרויס דרך־ארץ און דע־ריבער איז מיר ניט שווער אָנגעקומען צו פֿאַראינטערעסירן אים מיט דער הירשביין טרופּע; איז ער אין אַ קורצער צײַט אַרום אַוועק קיין ווילנע און האָט אַראָפּגעבראַכט די טרופּע קיין באָב־רויסק. דאָס איז געווען פּסח־צײַט. ערשט דאָ האָב איך זיך נאָענט באַקאַנט מיט הירשביינען און מיר זײַנען פֿון יעמאָלט אָן געבליבן אינטימע פֿרײַנד און חבֿרים עד היום הזה, אַ משך פֿון איבער דרײַסיק יאָר (ביז 120, אָמן!)

## II

עפּשטיין האָט געמאַכט „פּובליסיטי" אויף אַ גרויסן שטײַ־גער; אַלע פּאַרקאַנעס, וויטרינעס און סתּם ליידיקע ווענט פֿון הײַזער און שטאַלן זײַנען געווען באַהאַנגען מיט פֿיל קאָלירטע אַפֿישן. „באָברויסקי גאָלאָס" איז געווען פֿול מיט סענסאַציאָנעלע ידיעות וועגן די פֿאָרשטייענדיקע פֿאָרשטעלונגען פֿון דעם „יעוו־רעיסקי כודאָזשעסטוועני טעאַטער הירשביינאַ". באָברויסק איז געגאַנגען אויף רעדלעך.

איך האָב צוזאַמען מיט עפּשטיינען באַגעגנט די טרופּע בײַ זייער אָנקומען פֿון ווילנע; מיר האָבן זיי באַזאָרגט מיט דירות און הירשביינען אַליין האָבן מיר — איך און מײַן פֿלוניתטע מרת רבֿקה תּחיה — אײַנגעלאַדן צו אונדז אין שטוב, אָפּגעגעבן אים אַ צי־מער און אָנגעזאָגט אים מיטן האַרבן וואָרט, אַז ער זאָל זיך אויפֿ־פֿירן ווי אין דער היים און זאָל זיך פֿילן ווי אין דער היים. אַלע שוישפּילער האָבן מיר געלאָזט וויסן, אַז דער הויפּט שטאַב פֿון דער טרופּע אין באָברויסק וועט זײַן בײַ אונדז אין שטוב און אונדזערע טירן זײַנען תּמיד אָפֿן פֿאַר זיי. לאה נעמי, פֿייגל אָר־לאָווסקאַיאַ, יעקב בן־עמי, לייזער פֿריד, דער דיכטער ב. שאַפּיר, דער סופֿלער פֿון דער טרופּע, — זיי אַלע זײַנען געוואָרן אונדזערע טאָג־טעגלעכע געסט, און ס'איז געווען פֿריילעך. הירשביין האָט דערזען אין שטוב אַ פּיאַנאָ, האָט ער זיך צוגעכאַפּט אימפּראָווי־

זירן און דערמיט באַלד געוווּנען די נאָענטע פֿריינדשאַפֿט פֿון אונדזער קליינער בת־יחידה עסיע.

שטאָט האָט זיך געגרייט צו דער פּרעמיער פֿאָרשטעלונג פֿון דער הירשביין טרופּע. איך אַליין האָב אויך געוואַרט מיט אומגע־דולד אויף די פֿאָרשטעלונגען; — עס האָט זיך מיר געוואָלט, אַז די טרופּע זאָל דאָ האָבן דערפֿאָלג און זאָל זיך אָפּרוען פֿון אירע אי־בערלעבונגען אין וואַרשע.

איך געדענק ניט גענוי, וואָס מען האָט געשפּילט דעם ערשטן אָוונט, איך געדענק אָבער, אַז די באַגײַסטערונג פֿון דעם עולם, וואָס האָט אָנגעפּילט דעם טעאַטער איבער די ברעגן, איז געווען זייער גרויס, אַפּלאָדיסמענטן האָבן געדונערט אָן אַן אויפֿהער און חבֿרה האָט זיך געפֿילט געהייבן; אפֿילו הירשביין, וואָס איז געווען בײַ די פֿאָרשטעלונגען תּמיד טויט־ערנסט, שטײַף און קאַרג אויף אַ וואָרט, אפֿילו ער האָט געשמייכלט . . .

עפּשטיין איז געווען אויפֿן זיבעטן הימל פֿון נחת, וואָס ער האָט געטראָפֿן מיט זײַן אויסוואַל און האָט כּסדר געפֿרעגט בײַ די אַקטיאָרן: — אפֿשר פֿעלט זיי עפּעס.

אין אַ פּאָר טעג אַרום בײַ דער דריטער אָדער פֿערטער פֿאָר־שטעלונג האָבן מיר געהאַט אַ היפּש ביסל שפּאַס, הירשביין האָט מיט מיר געלערנט אַ פּרשה בלק אין טעאַטער . . . פּאַסירט האָט אָט וואָס: אויף דער בינע איז געגאַנגען „מענטשן" פֿון שלום־עליכם. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס איך האָב שוין געהאַט גע־זען דעם איינאַקטער אין וואַרשע, האָט מיך שטאַרק פֿאַראינטערע־סירט דאָס שפּילן פֿון דעם הויז־משגיח דניאל. די מאַנירן פֿון זײַן שפּילן און די גאַנצע סצענישע געשטאַלט זײַנע איז געווען וווּנדערבאַר.

געזעסן בין איך לעבן הירשביינען איז פּאַרטער אין דער סאַמע ערשטער ריי. נויג איך זיך צו צום דירעקטאָר און טו אים אַ פֿרעג: — „ווער איז דער שוישפּילער, וואָס שפּילט דניאלן?"

ענטפֿערט מיר הירשביין געלאַסן, אויף זײַן ספּעציפֿישן שטיי־גער: „עס געפֿעלט אײַך ווי ער שפּילט? אָ, ער איז אַ גאַנץ פֿײַ־נער יונגערמאַן, איך וועל אײַך באַקאָנען מיט אים."

נאָך דער פֿאָרשטעלונג זײַנען מיר אַוועק הינטער די קוליסן. הירשביין האָט מיך צוגעפֿירט צו דער גאַרדעראָבע פֿון דעם אַק־טיאָר, וואָס האָט געשפּילט דניאלן און האָט זיך געווענדט צו אים בזה הלשון: — עס איז דאָ מיט מיר אַ מענטש, וועמען עס געפֿעלט זייער ווי איר שפּילט דניאלן און ער וויל זיך באַקענען מיט אײַך, מעג ער אַרײַנגיין צו אײַך?

— זיכער, — איז געווען דער ענטפֿער. און ווי נאָר איך האָב געמאַכט אַ באַוועגונג אַרײַנצוגיין אין דער גאַרדעראָבע האָט דער הער דירעקטאָר אויסגעשאָסן אַ געלעכטער מיר אין פּנים אַרײַן... דער אַקטיאָר, וואָס האָט געשפּילט דניאלן איז געווען מײַן חבֿר יעקב בן־עמי.

איך האָב זיך פֿאַרשעמט, אָבער בין געווען גליקלעך — איבערראַשט פֿון אַזאַ קינסטלערישער פֿאַרוואַנדלונג און פֿון אַזאַ מײַסטערהאַפֿטן שפּילן. (אגבֿ האַלט איך, אַז די דניאל געשטאַלט, וואָס בן־עמי האָט געשאַפֿן איז איינע פֿון די בעסטע סצענישע קרע־אַציעס אין זײַן שוישפּילערישער קאַריערע).

דער דערפֿאָלג פֿון דער טרופּע אין באָברויסק איז געווען זייער גרויס; דער עולם האָט זיך באַצויגן צו דער טרופּע מיט ליבע און אויפֿמערקזאַמקייט. יונגוואַרג, וואָס האָט געליטן פֿון טעאַטער־קרענק האָט אָנגעהייבן האָגלען מיט בריוו צו הירשביינען, מיט בקשות ער זאָל זיי אַרײַננעמען אין זײַן טרופּע. און ווער איז דען אין יענער צײַט אין דער פּראָווינץ ניט קראַנק געווען אויף דער „טעאַטער קרענק"?... הירשביין האָט מיך באַשטימט פֿאַר זײַן „סעקרעטאַר" און איך האָב באַדאַרפֿט דערליידיקן די קאָרעספּאָנ־דענץ פֿון די „טעאַטער־קרענקס", אַן אַרבעט ניט גאָר קיין אָנגענעמע...

כּדי צו האָבן אַ שטיקל באַגריף ווער עס האָט זיך אין יענער צײַט אין דער פּראָווינץ געריסן צו דער בינע, וועט ניט איבעריק זײַן איבערצודרוקן דאָ אַ פּאָר בריוו, וואָס אַ באָברויסקער בחור, אַ מוליער לויטן פֿאַך, האָט יעמאָלט צוגעשיקט הירשביינען. אָט זײַנען דעם בחורס צוויי בריוו, איבערגעגעבן אות באות מיט זײַן

אויסלייג. (די אָריגינאַלן פֿון די בריוו געפֿינען זיך אין אַרכיוו פֿון ייִוואָ אין ווילנע).

בריוו 1.

ליבער הער פּערעץ גירשביין.

אזייא וויא איך פֿער לאַנג צוא אָן קומען אויף דער ייִדישער בינע איין איינטייל צו נעמען אין אייער טרופּע! אזייא ווי מיינע מיסלעס זײַנען נאָר צו זײַן איין אַקטיאָר, חאָציא איך קען זיך דורך לעבען אזייא ווילע איך בין אין גישעפֿט נאָר פֿון דעסט וועגון איז מיר בעסער גיפֿעלון צו זײַן אויף יודישער בימע!

ווען דאָ איז גיווען געגפֿערס טרופּפּע האָב איך ניט גיוואָלט זיך טאָגלאָסען מיט זייא צו פֿאָרון ווילע זיין נאָמען איז נישט איינגינאם בא דער וועלט ער האָט נישט קיין אינטעלעגענטנום וויד בא דער פּובליק ווען ער קומט אין איין שטאָט איז דער פּראָסטער נאַראָד אוצאסטווי־וועט אין טעאַטער! אָבער דער אינטעלעגענטנער מענש דער וואָס פֿאַרשטייט יודיש טעאַטער וועט ניט פּאָסע־שצאיען אין טעאַטער! און אַזוי ווי איך בין גיווען אין איין שטוב האָט מען מיר איבערגעגעבן פֿון אייערט וועגון מיא האָט מיר ערצײלט פֿון אייער אייגענום סאָצינעניע וואָס איר האָט סאָצינאָיעט תּקיאת קאף מיטון דיווערטיסמענט און איך האָב זיך פֿאַרליבט אין דעם דאָס איז מיר זאָ אינטע־ליגענט געפֿעלון וואָס בעסער קען נישט זײַן! און צוא יעקעל דער שמיד וועל איך אין טעאַטער גיין, וואָרום איך בין איבערצײַגט דאָס די פּיעסע איז איין גוטע! נאָר אין קורצון ווען איך וואָלט גיהאַט איין שטים וואָלט איך שעם לאַנג גישפּילט אין איין טרופּע! איך קען צוא נעמען די ראָלע פֿון איין דראַמאַטור, נאָר איך פֿיל אַז איין דראַמאַטור וואָלט גלייכער גיווען; אייבער אייער פֿערלאַנג איז גוט בעט איך אייך מיר צו ענטפֿערון אויף דיזען בריף איך בלייב צוא וואַרטען פֿון אייך איין גוטון ענטפֿער פֿון מיר לייבע



פרץ הירשביין (לינקס) און מענדל עלקין
באברויסק, 1910



פרץ הירשביין (לינקס) און ז. שניאור
ווילנע, 1905

גאָך. דאָס איז מיין אַדרעס..........און איך בעט אײַך נאָך איין מאָל מיט אַכטונגספאָל צו ענטפערין אויף דיזען בריף צוא איר זײַט סאָגלאָסנע אָדער נישט ווייל מיר איז די זאַכע פיל אינטערעסאַנט ? ? ? . . און ווייטער קען איך אייך מיטטיילין אַז עס איז דאָ איין באַרישנע וואָס וויל זיך אייכעט דאָביוואַיען צו זײַן איין יודישע אַרטיסטען און זיא האָט דערצוא גרייסע, געפילען זי קאָן אָננעמען די ראָל פון איין ערשטע ליובימע פון יעדער ספעקטאָקל „מיט אַכטונגס־פאָל אונז צו ענטפערון״.

בריוו 2.

אזייא וויא איך האָב אייך גישיקט איין בריף אַז איך פערלאַנג צוא ווערון איין יודיש אַרטיסט, און איך האָב פון אייך נישט קיין אַנטוואָרט דערום בעט איך אייך אַז איר זאָלט מיר טאָן די פראָסבע און שיקון איין ענטפער וואָרים מיר אינטערעסירט זייער צוא וויסן וואָס איז דער סלוצאַי מיטון בריף איך האָב אייך גישיקט דעם בריף אויף עפּ־שטיינס אַדרעס: טעאַטער עפשטיין, זשורנאַליסטו גירשביין.

איך וויים ניט פאַר וואָס האָב איך ניט פון אייך קיין ענטפער! איך בעט אייך מאָסיו גירשביין מיר צוא אַנט־וואָרטון אויף דיזון בריף איך פערלאַנג זייער צוא אָנקומען אויף דער יודישער בינע ווײַלע מיין לעבון שטרעבט נאָר דערצוא ווען איך וואָלט ווערון אָנקומען אביא אין איין טרופּע וואָלט איך שעם לאַנג אָנגיקומען נאָר איך וויל זיך ניט פאַרלירון נאָר צו אייך ציט מיר זייער מיין האַרץ מיר גיפעלט זייער אינטעליגענטסטוואָ אדנים סלאָוואָם אויב איר גיפינט פאַר איין גלייכע זאַך זאָלט איר מיר געבון צוא וויסון פון מיר קען די טרופּע קיין שלעכטס ניט האָבון! ווייטער איז דאָ איין באַרישנע וואָס וויל ווערון איין אַרטיסטון און קען אָננעמען איין גוטון ראָלע איין דראַמאַטישע זיא האָט זייער דערצוא גרייסע איסקוסטוועס איך בעט אייך צו

טאָן די טייבע און גלייך צוא ענווערון איך בלייב ווארטון
אויף איין גוטון אַנטוואָרט פֿון מיר לייבע גאָך.
דאָס איז מײַן אַדרעס..........

3

אין אַ צוויי־דרײַ וואָכן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז לאַנג וועט די טרופּע אין באָברויסק ניט קאָנען בלײַבן. דער טעאַטער־עולם האָט שוין געזען דעם גאַנצן רעפּערטואַר און אין טעאַטער איז פֿון טאָג צו טאָג געקומען אַלץ ווייניקער עולם. דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער טרופּע — יאַקאָבסאָן — האָט אָנגעהייבן קאָרעספּאָנדירן מיט פֿאַרשידענע שטעט וועגן אַריבערבערענגען אַהין די טרופּע. הירשביין איז די גאַנצע צײַט אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרלאָרענער, אַ צעטראָגענער, ווי איינער, וואָס ווייס ניט פֿאַרוואָס זיך צו כאַפּן. איך האָב ניט איין מאָל פֿאַרפֿירט מיט אים שמועסן וועגן זײַנע שטימונגען, וועגן די ווײַטערדיקע פּלענער זײַנע, וועגן נײַע אויפֿפֿירונגען אאַז״וו, אָבער ער פֿלעגט זיך שטענדיק אָפּפּאַרטיקן מיט אַלגעמיינע ווערטער, פֿון וועלכע עס איז שווער געווען צו דערוויסן זיך עפּעס. אויף מיינער אַ באַמערקונג, וואָס איך האָב אים אַ מאָל געמאַכט למאי ער האָט אויפֿגעהערט צו שרײַבן, — האָט ער מיר געענטפֿערט מיט אַזאַ טיף טרויעריקן, כּמעט טראַגישן קוק אויף מיר, אַז איך האָב שוין מער ניט געוואַגט צו רעדן מיט אים וועגן דעם. עס איז קענטיק געווען, אַז דער מענטש לעבט אייבער שווערע מאָמענטן און אַז ער שטייט פֿאַר וויכטיקע באַשלוסן. און אַזוי איז עס טאַקע געווען: ווען דער געשעפֿטס־פֿירער יאַקאָבסאָן מיט עטלעכע שוישפּילער זײַנען געקומען מיט דער פֿריילעכער בשורה, אַז עס איז אָנגעקומען אַ דעפּעש פֿון קאָוונע, ווו מען פֿאַרלאַנגט, אַז די טרופּע זאָל באַלד קומען אַהין אויף גאַסטשפּילן, האָט הירשביין דערקלערט, אַז די טרופּע וועט דאַרפֿן פֿאָרן אַליין, אָן אים, און אַז ניט נאָר וועט ער קיין קאָוונע ניט פֿאָרן, נאָר אַז די טרופּע דאַרף בכלל אָנהייבן שטיין אויף די אייגענע פֿיס, ווייל ניט ער, הירשביין, איז אַ פּראָפֿעסיאָנעלער שוישפּילער, ניט ער איז אַן אַנטרעפּרעניאָר.

די דערקלערונג זײַנע האָט צעטומלט אַלע שוישפּילער. זיי האָבן באַגריפֿן, אַז די לאַגע ווערט קאַטאַסטראָפֿאַל, אַז דאָס מוסר נפֿש זײַן זיך אין משך פֿון קאַרגע צוויי יאָר גייט לאיבוד, און די שטימונג איז בײַ זיי געוואָרן זייער אַ שווערע. מען האָט געפּרוווט ווידער רעדן מיט הירשביינען, אָבער קיין זאַך האָט ניט געהאָלפֿן, ער איז געבליבן בײַ דאָס זײַניקע און די הירשביין טרופּע איז אַוועק קיין קאָוונע אָן הירשביינען. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ דעפּעש פֿון דער טרופּע, אַז ער ווערט געבעטן צו קומען קיין קאָוונע, אָבער ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. אין אַ וואָך שפּעטער איז אָנגעקומען אַ צווייטע דע־פּעש אין וועלכער מען בעט אים, אַז ער זאָל קומען קיין דווינסק.

— „עס העלפֿט ניט, מען דאַרף צופֿאָרן קיין דווינסק צו די קינדער . . . אמתע קינדער זײַנען זיי, הילפֿלאָזע. אָבער דאָס איז צום לעצטן מאָל. איך פֿאָר זיך זעגענען מיט די בינע ברע־טער" — האָט מיר הירשביין שטיל, אָבער קאַטעגאָריש מודיע גע־ווען. און ער איז אַוועקגעפֿאָרן.

נאָך עטלעכע פֿאָרשטעלונגען אין דווינסק איז די טרופּע גע־קומען צוריק און האָט נאָך געשפּילט אַ קורצע צײַט אין באָב־רויסק. עס געדענקט זיך מיר אגבֿ, אַז הירשביין און איך האָבן זיך ביידע באַטייליקט אין דער לעצטער פֿאָרשטעלונג אין באָברויסק. מיר האָבן געשפּילט, אויב איך בין זיך ניט טועה, אָסיפּ דימאָווס „שמע ישׂראל", — הירשביין האָט געשפּילט דעם מיושבֿדיקן, טראַגישן אַלטן און איך האָב געשפּילט דעם עקס־פּאַנסיוון, יונגן חובֿבֿ ציון.

דאָס איז געווען דער סוף פֿון דעם געוואַגטן, מסירת נפֿש'דיקן און צאַרטן הירשביין טעאַטער. די טרופּע איז זיך צעפֿאַלן און די שוישפּילער זײַנען פֿאַרקלאָגטע צעפֿאָרן ווער וווהין עס האָט געקאָנט.

דער הירשביין טעאַטער איז ניט געוואָרן. אָבער די ווירקונג פֿון דער פּיאָנערן־אַרבעט, וואָס ער, הירשביין און זײַנע חבֿרים שוישפּילער, די יונגע אידעאַליסטן, האָבן געטאָן, האָט געלאָזן טיפֿע שפּורן און כּמעט געשאַפֿן אַ טראַדיציע אין

מאָדערנעם ייִדישן טעאַטער. אַלע ווײַטערדיקע פּרוּוון צו שאַפֿן אַן ערנסטן ייִדישן טעאַטער זײַנען געווען אַ רעזולטאַט פֿון דער דאָזיקער פּיאָנערן אַרבעט. און אַז אסתּר רחל קאַמינסקאַ, די פֿאָרשטייערין פֿון דער „ליטעראַרישער טרופּע" האָט געזוכט די שווישפּילער פֿון דער הירשביין טרופּע און האָט מיר אין 1911 דער־פּעשירט פֿון כערסאָן: „ווישליטיע כערסאָן אַרטיסטקו נאָעמי אָנאָ מאָזשעט זאַראַבאָטאַט און מעניאַ קראַסיוואיו קאָפּעיקו" — איז דאָס אויך געווען אַ פּועל יוצא פֿון יענער פּיאָנערן אַרבעט. און אַפֿילו די „ווילנער" האָבן זיך ניט איין מאָל פֿאָרגעשטעלט פֿאַרן עולם ווי פֿאָרטזעצער פֿון הירשביינס געוואַגטן פּרוּוו.

4

הירשביין האָט זיך דערפֿילט ווי נאָך אַ חתונה, אָדער ווי נאָך אַ קרענק. כּדי צו איבערלעבן און דורכלעבן די נשמה צעטומלע־ניש וואָס די צוויי יאָר טעאַטער טעטיקײַט האָבן געבראַכט מיט זיך, האָט ער זיך גענומען צו מײַן בלומען גאָרטן. צענדליקער עמער וואַסער פֿלעגט ער יעדער טאָג ברענגען מיט מיר צושלעפּן פֿון ברונים צו באַגיסן די בלומען; יעדער צווייטן אָדער דריטן טאָג פֿלעגט ער פֿאָרן מיט מיר אויף דער פֿאַבריק (זעג־מיל) בײַם טײַך און פֿלעגט שטונדן לאַנג שטיין בײַ די גאַטערן. און אַז מײַן אשת חיל רבֿקה מיט עסיען זײַנען אַוועקגעפֿאָרן קיין „זאַגראַ־ניצע", פֿלעגן מיר — איך און הירשביין, אַרויספֿאָרן אויף מײַן פֿערד און וועגעלע אָדער אַוועקלאָזן זיך צופֿוס הינטערן שטאָט אויף שפּאַציר.

ביסלעכווײַז האָט זיך זײַן געמיט צושטאַנד פֿאַרבעסערט און ער האָט אָנגעהייבן . . . בויגן קאָפּיקעס, קלאַפּן מיט בלויזן האַנט נעגל אין די ווענט און נאָך אַזעלכע וויכטיקע אַרבעטן . . . ער האָט פֿאַר איין וועגס אַרויסגעשלעפּט פֿון די געשיר אַלמערס אַלע אָנגעשפּאָלטענע טעלער, שיסלען, שיסעלעך, גלעזער, גלעזלעך, און אַנדערע מכשירין און האָט עס צעבראָכן.

— „זאָל רבֿקה קומען אין אַ היים מיט גאַנצער „פּאַסודע"...

— האָט ער געטענהט.

ערשט איצט, ווען ער איז געקומען צו זיך האָב איך גענענטער דערקענט הירשביינען דעם גראָזן־קלײַבער, דעם פֿליגן־כאַפּער, דעם פֿײַנעם שמועסער מיטן יונגן הענדעלע, וואָס האָט אַרומגע־שפּאַצירט איבערן שטוב, און גראָד דאַן האָט ער זיך אַוועקגעזעצט צום שרײַב־טיש און האָט פֿאַרמאַכט הינטער זיך די טיר פֿון זײַן צימער.

אין אַזעלכע שעהן פֿלעג איך ניט ווערן.

איין מאָל, נאָכדעם ווי מיר האָבן מיט גרויס אויפֿמערקזאַמ־קייט אָנגעמאָסטן די ווײַסע מאַרינאַרקעס, וואָס דער שנײַדער האָט אונדז געבראַכט (וועגן די נאַכט־העמדער האָט הירשביין שוין אַליין געשריבן . . .), האָט הירשביין פֿײַערלעך אַ זאָג געטאָן: —

— „נו, מענדל, איצט וועל איך פֿאַר אײַך איבערלייענען אַ נײַע פּיעסע, וואָס איך האָב בײַ אײַך אין שטוב אָנגעשריבן, און איר זאָלט אײַער מבֿינות זאָגן".

איך האָב אים באַדאַנקט פֿאַרן צוטרוי, און בין השמשות, בײַ אַ גלעזל טיי, האָט ער פֿאַר מיר איבערגעלייענט זײַן נײַע פּיעסע „בײַם ברעג".

* * *

אין פּעטערבורג האָט זיך אין יענעם יאָר געגרינדעט אַ נײַער רוסישער טעאַטער, טאַקע מיטן נאָמען „נאָווי טעאַטער". בראש פֿון דעם טעאַטער איז געשטאַנען אַ גרופּע שריפֿטשטעלער — אָסיפּ דימאָוו, וואָלינסקי, בורדעס א״אַ. איז מיר אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק איבערצוזעצן די פּיעסע „בײַם ברעג" אויף רוסיש און פּרוּוון „פֿאַרקויפֿן" זי צו אָט דעם נײַעם טעאַטער. איך האָב אינפֿאָרמירט הירשביינען וועגן מײַן פּלאַן און ער האָט מסכּים גע־ווען צו דעם. איך האָב זיך פֿלײַסיק גענומען צו דער אַרבעט, איבערגעזעצט די פּיעסע (דער מאַנוסקריפּט געפֿינט זיך בײַ מיר) און סוף זומער האָבן מיר זיך ביידע געלאָזן קיין פּעטערבורג. אין איין „שיינעם אָוונט" איז אין אַ גרויסן צימער פֿון האָטעל „מאָסקוואַ" אויף נעווסקי פּראָספּעקט, געזעסן אַ גרופּע שרײַבער

מיט אַסיפֿ דימאָוון בראש און איך האָב פֿאַר זיי געלייענט די פּיעסע „נאַ בערעגו". דער מחבר, רב פּרץ הירשביין, איז, נאַ־טירלעך אויך געווען דערביַי. די פּיעסע האָט געמאַכט אַ גאַנץ גוטן איַינדרוק, די איבערזעצונג איז געפֿעלן געוואָרן, אָבער אָנגענומען פֿאַרן טעאַטער האָט מען זי ניט, וויַיל — האָט דימאָוו דערקלערט — כּדי אין אַ רוסישן טעאַטער בכלל און אין זייער טעאַטער בפּרט, זאָל אויפֿגעפֿירט ווערן אַ ייִדישע פּיעסע, דאַרף די פּיעסע מאָלן די טראַגיק פֿון ייִדישן לעבן, אַנדערש האָט עס קיין זין ניט, און די פּיעסע „ביַים ברעג" פֿאַרמאָגט עס ניט". דערביַי איז געבליבן. אויף הירשביינען האָט עס געמאַכט ניט קיין גוטן איַינדרוק, אָבער ער האָט עס אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, און נאָך אַ קורצן באַזוך אין פֿינלאַנד (מיר האָבן באַזוכט דער וואַסערפֿאַל „אימאטרא"), האָבן מיר זיך צוריקגעקערט קיַין באָברויסק.

5

אין יענעם יאָר האָב איך געהאַט וואַלד־געשעפֿטן אַרום ביכאָוו, אין אַ דאָרף כאַטשינקע, וואָס האָט באַלאַנגט צו אַ פּאָמעשטשיק מיטן נאָמען באָטשקאָוו, — אַ יונגערמאַן אַ לעבעדיקער, אַ זאָרגלאָזער און, ווען די משוגעת פֿלעגט אים אָפּלאָזן, אויך אַ צוגעלאָזענער. הירשביינען האָט זיך געוואָלט באַקאַנען מיט דעם „גאָיעץ". איך האָב אים מיטגענומען אין דאָרף אַריַין, ווו ער האָט זיך באַקאַנט מיטן „גאָיעץ" און האָט זיך שטאַרק פֿאַראינטערעסירט מיט מיַינע וואַלד־אַרבעטן. (קלעשטשעל און ליפּעס מיל סבֿיבֿה האָט אים געלאָזט גריסן . . .) זיַין פֿאַראינטערעסירונג איז אַוועק אַזוי וויַיט, אַז ער האָט פֿאַרלאַנגט פֿון מיר איך זאָל אים לאָזן שווימען אין פֿרילינג אויף די פּליטן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. איך האָב זיַין פֿאַרלאַנג אָנגענומען און ער האָט זיך אָנגעהייבן גרייטן צו דער ריַיזע אויף די פּליטן ווי אַן אמתער וואַלד־מענטש. ער האָט זיך באַזאָרגט מיט אַ פּאָר וואַלד־שטיוול. ער האָט געלאָזט אויפֿנייען אַ טוזשורקע מיט אַ פּאָר דיקע הויזן, — אַלץ כּדבעי. איך האָב ספּעציעל געלאָזן אויסבויען אַ באַקוועם שטיבל מיט אַ קיַילעכדיקן דאַך פֿאַר אים מיט מיַין ברודער, וועלכער איז געווען

דער אַנפירער פון דער עקספעדיציע און, אַז מען איז פּאַרטיק געוואָרן מיט אַלע צוגרייטונגען, ערך אָנהייב מאַי, האָט מען דאָס שטיבל ארויפגעשטופּט אויף אַ פּליט און ער איז אַוועקגעשוווּמען מיט מײַן ברודער און נאָך אַ כאַפּטע לאַצמאַנעס איבערן מאַיעס־טעטישן דניעפּר „אויפן ניז". מיט זיך האָט מען גענומען: ברויט, אויל, גרויפּן, טאַראַנקעס און טיי מיט צוקער.

עס האָט פּאַסירט, אַז איך בין קראַנק געוואָרן און דאָקטוירים האָבן מיך אַוועקגעשיקט קיין אָדעס אויף אַ הידראָפּאַטישער קור־ראַציע. האָב איך ניט באַזוכט די פּליטן ביז איך בין פּאַרטיק געוואָרן מיט מײַן קרענק. סוף יוני בין איך אַוועקגעפאָרן באַגעגע־נען מײַנע ברויטגעבער — הירשביינען מיטן ברודער. ווען איך בין אָנגעקומען קײַן יעקאַטערינאָסלאַוו, האָב איך זיי געטראָפן שוין וואַרטנדיק אויף מיר.

דער ערשטער האָט מיך באַגעגנט הירשביין. אין די גרויסע שטיוול, אין אַ צעכראַסטעטער העמד, האָט ער מיר געגעבן אַ ברייטן ברוך הבא און האָט מיר גלײַך באַוויזן את כבוד עשרו ורוב גדלו, — ער האָט פאַר די פּאָר חדשים צײַט אויסגעהאָדעוועט אַרום שטיבל אַ מחנה אַ גאַנצע הינדעלעך, קראָליקעס, קאַטשקעס און איז געווען גוואַלדיק צופרידן פון זײַן באַלעבאַטישקייט.

— און ווי האָסטו פאַרבראַכט דײַנע טעג און נעכט אויפן וואַסער, אין דער פרײַער, מיט סמאַלע שמעקנדיקער שטיבל אויף די פּליטן? — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן.

הירשביין, אַ גוטמוטיקער, אַ רואיקער און אַ פאַרברוינטער פון זון, האָט זיך צעשמייכלט און האָט אויף זײַן שטילן, לאַנגזאַמען אופן געענטפערט לערך בזה הלשון:

— „בײַנאַכט, ווען אַלץ אַרום איז שטיל, ווען די לבנה באַ־זילבערט דעם מאַיעסטעטישן דניעפּר און די פײַערלעך אויף די פּליטן ווינקען זיך דורך אַזוי פרײַנטלעך איינס צום צווייטן אונטערן אַקאָמפּאַנעמענט פון דעם געהיימניספולן שטראָמען פון די יאָגנדיקע וואַסערן, איז גאָר ניט שלעכט געווען דורכצושמועסן זיך מיט אַ יונגן הענדעלע אָדער מיט אַ קראָליקל. און הירזשענע קאַשע מיט אויל, און קאַרטאָפליעס מיט טאַראַנקע וואָס דײַן ברודער

צאלקע קאָכט איז אויך ניט אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט. איך האָב קיין חרטה ניט, אָבער איצט, אַז איך האָב דיר געבראַכט בשלום דײַנע קלעצער ווהין דו האָסט זיי באַדאַרפט ברענגען און האָב נאָך דערצו געשאַפן אַזאַ רײַכע באַלעבאַטישקייט, דאַרפסטו מיך שיקן אויף וואַקאַציע, איך מוז אַ ביסל אָפּרוען פון דעם לײדיק גיין . . .״

ווהין זאָל איך דיך שיקן ?

— „טאַקע אַהין, פון וואַנען דו ביסט איצט געקומען, קיין אָדעס״.

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט מײַנע געשעפטן, האָב איך דעם בחור משלח געווען קיין אָדעס און אַליין בין איך אַוועק אַהיים.

אין אַ חודש אַרום איז מיר אָנגעקומען אַ דעפּעש פון הירש־ביינען מיט אַן אָנפראַגע ווהין ער זאָל פאָרן. איך האָב אים פאַר־געלייגט קומען קיין באָברויסק. איז ער געקומען, און באַזעצט האָט ער זיך אין אַן אַלטן פּאַלאַץ אין דער אימעניע קאַרמע, וואָס איך האָב געהאַט געקויפט פאַר מײַן פאָמעשטשיק באָטשקאָוו. עס האָט אים, קענטיק, געצויגן צום דאָרף.

אין יענער צײַט האָט בײַ מיר פאַרבראַכט א. ווייטער. איין מאָל, אין אַ פרימאָרגן,ווען מיר זײַנען אַלע געזעסן בײַם טיש צו פרישטיק, האָט דער בריוו־טרעגער אַרײַנגעבראַכט אַ בריוו פון הירשביינען.

— „לייען בקול רם, וועלן מיר אַלע הערן״, — האָט ווייטער געזאָגט, און איך האָב אים געפאָלגט, אָבער . . . וואָס ווײַטער איך האָב געלייענט דעם בריוו, אַלץ מער איז מײַן שטים גע־פאַלן. דער עולם איז געבליבן זיצן פאַרשטומט. דער בריוו איז געווען פול מיט תּערומות אויף דער וועלט פאַרן גורל פון יידישן שרײַבער, פון יידישן דיכטער, וואָס איז איבערגעלאָזן געוואָרן אויף הפקר און יעדער האַלב־ווילדער גוי קאָן פאַר זײַנע אויגן און אפילו מיט אים אַליין טאָן די געמיינסטע זאַכן, אאַז״וו. דאָס איז געווען אַ וויי־געשריי פון אַ מענטשן, וואָס באַקלאָגט זײַן גורל . . .

דער איינדרוק פֿון דעם בריוו איז געווען אַ גוואַלדיק שווערער. ווען איך האָב געענדיקט לייענען איז שוין ווייטער בײַם טיש ניט געווען. דער שטילער, פֿאַרשלאָסענער און שטאָלצער ווייטער איז געשטאַנען אין מײַן צימער בײַ אַ פֿענצטער און האָט געיאָמערט ווי אַ קליין קינד. רבֿקה און עסיע האָבן זיך אַרויסגעשלײַכט פֿון שטוב און איך בין אַרומגעגאַנגען איבער די חדרים אין גאַנצן אַ פֿאַרלאָרענער.

— וואָס לויפֿסטו אַרום? וואָס וואַרטסטו? דעפּעשיר גלײַך, אַז ער זאָל קומען! — האָט ווייטער אַרויסגעכליפּעט.

איך האָב גלײַך דעפּעשירט, אַז ער זאָל תּיכּף קומען.

הירשביין איז אָבער ניט געקומען. אויפֿן דריטן אָדער אויפֿן פֿערטן טאָג האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פֿון אים, אין וועלכן ער שרײַבט, אַז ער . . . פֿאַרשטייט ניט פֿאַרוואָס מיר רופֿן אים פֿון דאָרטן, און אַז ער וועט פֿאַרלאָזן קאָרמע אין אַ חודש אָדער צוויי אַרום. און כּך הוה: — געקומען איז ער פּונקט אין דרײַ טעג אַרום . . .

ווייטער איז געווען אויסער זיך פֿון דעם אופֿן ווי אַזוי הירש־ביין האָט געהאַנדלט און ער האָט עס אים געזאָגט. דער בחור האָט זיך פֿאַרשעמט ווי אַ יינגל און האָט זיך פֿאַרענטפֿערט, אַז דעם בריוו האָט ער געשריבן אונטער זייער אַשווערן אײַנדרוק: — דער „גאָיעץ" באָטשקאָוו האָט אין אויפֿרעגונג אָפּגעגאָסן מיט הייס וואַ־סער אַ פֿרוי, וואָס האָט געאַרבעט בײַ אים אין הויז. ווען ער הירשביין האָט געפּרווט אײַנשטעלן זיך פֿאַר דער פֿרוי, האָט זיך דער צעיושעטער פּאָמעשטשיק צעשריען אויך אויף אים. דאָס האָט אים גוואַלדיק וויי געטאָן און ער האָט אויסגעגאָסן זײַן ביטער האַרץ אינעם בריוו. און געקומען פֿריער איז ער דערפֿאַר, ווײַל ער האָט זיך דערמאָנט, אַז באַלד איז ראש השנה.

הירשביין האָט זיך שוין אין גאַנצן באַפֿרײַט פֿון זײַנע טעאַטער־איבערלעבונגען, זײַן געמיט־צושטאַנד איז געוואָרן אַ נאָרמאַלער און ער פֿלעגט זיצן בײַם שרײַב־טיש שעהן לאַנג יעדער טאָג.

בקרובֿ איז ער אַוועק קיין וואַרשע און פֿון דאָרט האָט ער מיר גע־לאָזט וויסן — אַז ער פֿאָרט קיין אַמעריקע. דאָס איז געווען אין

יאָר 1911. איך האָב אים געבעטן איבערצוגעבן אַ גרוס מײַנע שוועסטער און מײַן ברודער אין אַמעריקע און פּרץ הירשביין איז פֿאַרשוווּנדן.

איך געדענק ניט גענוי ווען, אין וועלכן יאָר איך האָב זיך גע־טראָפֿן מיט הירשביינען נאָך זײַן ערשטן צוריקקער פֿון אַמעריקע. איך געדענק אָבער, אַז פֿאַרגעקומען איז עס אין ווילנע, ערגעץ אויף אַ הויף, ווו ער, פּרץ הירשביין, האָט געפֿירט אַ פֿאַרביטערטע מלחמה מיט אַ ציג . . . איך האָב יעמאָלט אַרויסגעגעבן זײַנע צוויי זאַכן: „מײַן בוך" און „גרינע פֿעלדער" — פֿאַרלאַג „מנחם".

איך געדענק אויך ניט גענוי ווען ער איז צום צווייטן מאָל אַוועק קיין אַמעריקע.

אין יאָר 1914, ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגע־בראָכן, האָב איך דערהאַלטן פֿון הירשביינען אַ דעפּעש, אין וועל־כער ער האָט מיך געבעטן אַכטונג צו געבן אויף זײַן שוועסטער שׂרהן (איצט מרס. פּראַוואַטינער) עד יעבֿור זעם. איך האָב אים צו־געשיקט מײַן הבֿטחה אויף טעלעגראַפֿיש, און... מער האָב איך פֿון אים ניט געהערט אַ גאַנץ לאַנגע צײַט.

אין יאָר 1919 האָבן די פּאָליאַקן בעת זייער אָפֿענסיווע אויף רוסלאַנד פֿאַרנומען באָברויסק און איך האָב זיך געראַטעוועט פֿון פּראַנט קיין ווילנע, און שפּעטער — 1920־1922 — קיין וואַרשע. אויף מײַן אָנפֿראַגע אין ניו־יאָרק וועגן הירשביינען האָב איך דורך דר. צמח שאַבאַד געקראָגן אַן ענטפֿער, אַז ער וואַנדערט ערגעץ אי־בער דער וועלט.

די משפּחה מײַנע האָט דאַן געוווינט אין אָטוואָצק אין שטיבל, וואָס אַנ—סקי האָט אונדז אָפּגעטראָטן צוליב דוחק אין דירות, און איך האָב זיך געפֿונען אין אַ דאָרף לעבן פּינסק.

אַרום אויגוסט 1922 האָב איך זיך דאָרט אין דאָרף דערוווּסט, אַז הירשביין איז אָנגעקומען קיין וואַרשע. איך בין גלײַך אַוועק אַהין און מיר האָבן זיך געטראָפֿן.

עס איז מיר שווער איבערצוגעבן וואָס איך האָב איבערגעלעבט בײַ דער באַגעגעניש מיט הירשביינען. איך געדענק נאָר, אַז מײַן

בת־יחידה עסיע, וואָס איז געווען דערביי האָט מיך געהאַלטן אין איין באַרויקן . . .

געטראָפן האָב איך אים שוין מיט זיין באַשערטער, מיט דער עקזאָטישער אסתּר שומיאַטשער.

אויסגעזען האָב איך דאָן ווי אַ יורד, — איך האָב ווירקלעך פאַרלאָרן אַלץ, וואָס איך האָב פאַרמאָגט, און דאָס האָט, ווייזט אויס, געמאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק אויף פּרצן, — האָט ער אָנגעהייבן פירן מיט מיר דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען וועגן מיין אַריבערפעקלען זיך קיין אַמעריקע.

— ווי אַזוי, ברודער לעבן, זאָל איך זיך אויף דער עלטער לאָזן אין אַ פרעמד לאַנד, ניט קאָנענדיק די שפּראַך, ניט וויסנדיק ווי אַזוי דאָרט אַ טאָג איבערצולעבן ? — האָב איך געטענהט.

— עט, מענדל, אַמעריקע איז אַ גרויס וועלט, אַ גרויסער ים. דו ביסט אַ שווימער און דו וועסט שווימען . . .

ער האָט אָבער דערשמעקט, אַז איך האָב ניט מיט וואָס צו פאָרן, — האָט ער מיר שפּעטער צוגעשיקט פון לאָנדאָן עטלעכע הונדערט דאָלער און ער האָט מיך געבראַכט קיין אַמעריקע. און דאָ אין אַמעריקע גופא האָב איך געהאַט אַ היפּש ביסל דערפאַרונגען מיט הירשביינען, דערפאַרונגען, וועגן וועלכע עס איז כּדאי צו דערציילן, אָבער דאָס וועל איך מערצעשעם טאָן צו זיין 75טן געבוירנטאָג . . .

ניו־יאָרק, אויגוסט, 1941.

יואל ענטין

# פּרץ הירשביינס באַטײַט פֿאַר דער אַמעריקאַנער־יידישער בינע

„אַנדערש וואָלט מײַן ליד געקלונגען" —

ווען איך שרײַב וועגן הירשביינען ניט אין פֿאַרבינדונג מיטן איצטיקן יידישן טעאַטער, נאָר מיטן יידישן טעאַטער אין אַן אַנדער צײַט. איך דאַרף שרײַבן וועגן המשך אין יידישן טעאַטער, אין אַ צײַט, ווען דער המשך איז אויסגעריסן מיטן וואָרצל; איך דאַרף שרײַבן וועגן טעאַטער דאַמאָלס, ווען די פֿראַגע ווערט גע־שטעלט, צי האָבן מיר נאָך, ערלעך גערעדט, אַ יידיש טעאַטער.

אין אונדזער טעאַטער האָט זיך אַלץ געביטן. אַלץ איז מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פֿיס אַרויף. אַנשטאָט פּיעסן פֿאַרן האַרץ און מוח, גילטן צומײַסט שפּעקטאַקלען פֿאַרן אויג און אויער. אַנשטאָט די אויפֿפֿירונג זאָל זיך רעכענען מיט געדאַנק און טיפֿע־רער עסטעטיק, מיט לעבן און פּראָבלעמען, כאַפּט זי זיך גאָר אָן אַן צײַטונג־סענסאַציעס, קלאַמערט זי זיך גאָר אָן פּאָליטישע גע־שעענישן. הײַנט פֿאָלג מיך אַ גאַנג, זוך אין אַזאַ צײַט דעם באַ־טײַט, די ווירקונג פֿון פּרץ הירשביינען, וואָס אפֿילו בשעתו האָט ער צו מאָל דעם ברייטן שליאַך פֿון לעבן אויסגעמיטן און גאָר געוואַנדערט אין „פֿאַרוואָרפֿענע ווינקלען" און אויף אָפּגעלעגענע סטעזשקעס, וואָס אפֿילו אין ברען פֿון זײַן דראַמאַטישן יריד האָט ער געוווייכט פֿון קלאָר־צעעפֿנטע רעיונות און זיך געצויגן צו מיסטיש־פֿאַרנעפּלטע מחשבֿות. שוין אַ יאָר פֿופֿצן, אַז מען האָט הירשביינען אויף אונדזער בינע ניט געשפּילט (בלויז פֿאַר פֿינף יאָרן, אַן ערך, איז אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן געוואָרן די הירש־ביין־שטילקײַט מיט זײַנער אַן אָפּערעטע־ליברעטאָ, געבויט אויף

זײַן אַלטן איין־אַקטער „אליהו הנבֿיא). אפֿילו די דויערנדיקע ווירקונג פֿון יעקבֿ גאָרדינען, כאָטש מען שפּילט אים נאָך פֿון צײַט צו צײַט, דאַרף מען שוין זוכן מיט דיאָגנעסעס לאָמטערנע אין מיטן העלן טאָג.

איך וועל פּרוּוון זוכן הירשביינס אַנהאַלטנדיקן באַטײַט פֿאַרן ייִדיש־אַמעריקאַנישן טעאַטער אונטער חורבֿות. אפֿשר וועל איך אונטער די אויסגעקערטע וואָרצלען פֿונם „בורעלאָם" פֿון ייִדישן טעאַטער געפֿינען שפּורן פֿון הירשביינס ווירקונג.

## א

קודם כּל, לאָמיר פּרוּוון הירשביינען פֿאַרשטיין: וואָס איז ער שריפֿטשטעלעריש־דראַמאַטיש? פֿון וואַנען האָט ער זיך גענומען.

אין 1916, אין זײַן הקדמהלע צו זײַנע דראַמאַטישע שריפֿטן, אַרויסגעגעבן פֿון די ייִדישע דראַמאַטיש־ליטעראַרישע פֿאַריינען פֿון אַמעריקע, שרײַבט הירשביין, ווי ווײַט איך קען מיך דערמאָנען, (ניט האָבנדיק די אויסגאַבע בײַ דער האַנט), בלויז דאָס:

ער דאַנקט זײַנע עלטערן, וואָס האָבן אים אויף דער וועלט געבראַכט און אויסגעהאָדעוועט לעבן אַ ריין־קלאָרן טײַכל, לעבן אַ שטיל־איינזאַמען וואַסער־מילכל.

האָט עס ניט־נאָר ניט צופֿרידנגעשטעלט די נײַגעריקײַט וועגן דעם מענטשן הירשביינען, עס האָט זי גיכער גאָר צערייצט. דער־פֿאַר, אַז עס איז, אַן ערך — פֿאַר זעקס יאָרן, דערשינען הירש־ביינס „מײַנע קינדער־יאָרן", האָט עס אים אויפֿגעקלערט שיעור ניט אינגאַנצן:

דאָס טײַכל, בײַ וועלכן הירשביין איז געבוירן געוואָרן און זיך אויסגעהאָדעוועט, איז געווען אַ דאָרפֿיש־ייִדיש טײַכל, ווו קליינע ייִדעלעך פֿלעגן וואַרפֿן שטיינדלעך און גרויסע ייִדן פֿלעגן זיך באָדן, און איין מאָל האָט זיך אפֿילו אין דעם אַ ייִדישע נקבֿה געטרונקען, און דער קליינער הירשביין, פֿאַרמאַכנדיק די אויגן, ניט צו קוקן אויף איר, האָט זי אַרויסגעראַטעוועט. די קליינע וואַסער־מיל, וואָס איז געווען אין איינעם מיטן שטוב, וואָס מחמת

דעם פֿלעגט מען אפֿילו אין שלאָף שטענדיק הערן דעם איינזאַם־רוישנדיקן „טלאָפּאַ־טלאָפּאַ" פֿון דער ראָד, איז געווען אַ ייִדישע מיל, נישט נאָר מיט די מענטשן, וואָס האָבן אין איר געאַרבעט, נאָר אויך מיט פֿיל פֿון קליינעם עולם, וואָס פֿלעגט אין איר קומען.

מאָדנע שטילע דאָרף־מענטשן זײַנען געווען די מענטשן פֿון מיל. ברידער גוטע, שווײַגזאַמע, אפֿשר אויך בענקענדיקע, אָבער אַזוי שטיל, אַז מען האָט עס ניט געקענט הערן. אַ טאַטע, מיט, אי־בער אַ סיבה, אַן עטוואָס צוגעפּלעטשטן מוח, אַ ביסעלע צו מרה־שחורה צוגענייגטן. אַן אַלטינקער, וואָס האָט שוין אַרויסגעקוקט אויפֿן טויט, אַזוי ווי דער זיידע פֿון „דעם שמידס טעכטער", אַן אָנגעשטאָפּטער מיט פֿאָלקלאָרישע „זאַבאַבאָנעס", מיט אַ געפֿיל פֿאַר נגינה און ער האָט געוווסט ניט נאָר רויטע און ווײַסע נגונים, נאָר אפֿילו פֿון ראַבע. דערפֿאַר אַ מאַמע, וואָס צווישן איר און דעם זון „פּרצן" איז געווען אַזאַ ליבשאַפֿט, ווי אין דעם ענגלישמאַן לאָרענסעס ראָמאַן „געליבטע און זין", וואָס כאָטש זי איז אויך געווען אַ שווײַגערן, אָבער פֿלעגט זי זיך אַ מאָל צערײדן, איז זי געווען אַ פּלאַי־פּלאַימדיק־שיין־בלישצנדיקער קוואַל פֿון ייִדיש־מוטערלעכער לעבנס־חכמה, פֿון חלומותדיקייט, פֿון ניט־געשטיל־טער לעבנס־בענקשאַפֿט.

און פֿון דער איינזאַמער מיל איז הירשביין אַריבער אין די נאָך איינזאַמערע קלויזן, אין דער חבֿרשאַפֿט פֿון כמורנע אַלטע, קליינשטעטלדיקע מורה־הוראהס.

הירשביינס „קינדער־יאָרן" פֿאַרפֿעסטיקט אין מיר נאָך טי־פֿער די מיינונג, וואָס איך האָב, בײַ דער געלעגנהײט פֿון דער שוין דערמאָנטער אויסגאַבע, אַרויסגעזאָגט וועגן הירשביינס דראַמען, אין מאַי־נומער „צוקונפֿט", 1916, און וואָס איך גיב דאָ איבער, אַ מאָל צונויפֿגעפּרעסטערהייט, זעלטן־ווען אויסגעבריטערט:

הירשביין איז, קודם כּל, אַ מיסטיקער. עס לאָזט זיך ניט פֿעסטשטעלן, צי האָבן אַזעלכע קינסטלער־דענקער ווי מאָריס מע־טערלינק און לעאָניד אַנדרעיעוו אונדזער דיכטער באַאײַנפֿלוסט. עס דאַרף אָבער פֿאַר קײַן ערנסטן לעזער קײַן ספֿק ניט זײַן, אַז דער גרונט־געדאַנק פֿון אייניקע פֿון הירשביינס פּיעסן און פֿון פֿיל

ערטער אין אַנדערע זײַנע פּיעסן דערמאָנט גאַנץ שטאַרק אויף יענע צוויי דיכטער.

דער מיסטיקער אין קונסט, ווי דער מיסטיקער אין דער פּי־לאָזאָפיע און רעליגיע, זעט פאַר זיך אַ גײַסטיקע און אַ מאָל אַפילו אַ גײַסטערהאַפטע וועלט. דאָס לעבן ווערט אין זײַנע אויגן באַ־הערשט פון גײַסטיקע קרעפטן. אַ דאַנק אַט דער אייגנאַרטיקער באַציִונג צו דער וועלט, זעט דער מיסטיקער סודות דאָרט, ווו אַנדערע זעען בלויז נאַטירלעכע, פשוטע זאַכן. ער זעט שיינקײַט און ערלעכקײַט, ווו אַן אַנדערער זעט בלויז אַלטעגלעכן לעבנס־שטויב. ער שפּירט שרעק און פחד, ווו אַ געוויינטלעכער בשׂר ודם פילט בלויז דעם גלײַכגילטיקן טראָט פון לעבן. ער אַנט גליק און פרייד, דאָרט ווו אַנדערע זעען בלויז טויט און פאַרדאַרבונג.

דאָס איז דער קוק אָדער די שפּירונג פון מעטערלינקן און אַנדרעיעוון. פונקט אַזאַ, נאַטירלעך, אָמער־ווייניקער יִדישלעכע באַציִונג צום לעבן איז כאַראַקטעריסטיש פאַר הירשביינען.

די ליכטיקע אויפפאַסונג פון טויט, וואָס ווערט אַנגעטײַט אין הירשביינס „אויף יענער זײַט טײַך" און „קברים־בלומען" איז די אייגענע ווי אין מעטערלינקס „דער טויט פון טיטאַנזשיל" און „בלויער פויגל" און חוה פון „יואל" רעדט באַלד מיט דער שפּראַך פון מעטערלינקס וועליסאַנדע; חוהס גאַנצע צאַרטע און וווּנדערלעך־שיינע באַציִונג צו יואלן דערמאָנט אָן דער ליבע צווישן „פעלעאַס און מעליסאַנדע". דער שרעק און משוגעת פון „איינזאַמע וועלטן" דערמאָנט אויף די פחדים פון אַנדרעיעווס „רויטער געלעכטער" און אַז מען ענדיקט לייענען הירשביינס „אַ לעבן פאַר אַ לעבן", קומט מען צו דער זעלביקער איבער־צײַגונג ווי ענדיקנדיק אַנדרעיעווס „גובערנאַטאָר", אַז דער הויפּט־העלד איז נאָך בײַם לעבן געווען טויט און, אַז דערהרגעט האָט אים ניט עפעס אַ פיזישע קראַפט, נאָר דער געדאַנק, די מחשבה.

אַ מעטערלינקיש־אַנדרעיעווישער מיסטיציזם שפּירט זיך אין צענדליקער שורות, באַמערקונגען און פראַזן. למשל: די זיבעצן־יאָריקע פעשקע פון „אין דער פינצטערניש", וואָס שרעקט זיך פאַרן

לעבן אויפֿן שטייגער פֿון אַנדרעיעווס העלדן, ווערט אָנגעפֿילט מיט פּחד קוקנדיק אויף די פּנימער פֿון אירע מיטאַרבעטערנס אין דער טאַבאַק־פֿאַבריק. און דינה פֿון „דער לעצטער" וואָס, פֿיגוראַטיוו גערעדט, שפּילט זי זיך אָפּ אין די שווינדלדיקע שאָטנס פֿון די פּאַגראָמען, זאָגט צו איר שווער דעם רב: „און בײַ אײַך אויפֿן שטערן איז נאָך אַ קנייטש צוגעקומען. ווי אותיות אויסגעקריצטע אַזוי זעען אויס די קנייטשן אויף אײַער שטערן — זאָגט, וואָס איז דאָרט אָנגעשריבן?"

געקוקט אויף זײַן מיסטיציזם — און אפֿשר גאָר אים צו פֿאַרדאַנקען, איז הירשביין איינער פֿון אונדזערע צאַרטעסטע פּסיכאָלאָגן. אמת איז, אַז ס'איז ניט אַלע מאָל די געוויינטלעכע פּסיכאָלאָגיע פֿון אַנאַליזירן אָדער פֿון איבערלעבן און זיך אַרײַנלעבן. אָפּט מאָל איז עס גאָר די פּסיכאָלאָגיע פֿון טיפֿערן אָדער גאָר ברייטערן שפּירן, פֿון אָבסערווירן אין די אָפּגעלעגענע ווינקלען און ווײַטערע ברעגלעך פֿון לעבן. און ווידער דערמאָנט דאָ הירשביין אָן מעטערלינקן און אַנדרעיעוון. בײַ אַלעמען דרײַען איז די פּסיכאָלאָגיע אַ קינד פֿון פֿײַנעם פּאָעטישן עמפּפֿינדן. אַלע דרײַ זײַנען, ווי שוין געזאָגט, מיסטיקער און מיסטיקער פֿון פּאָעט זײַנען צווינגלינג־גײַסטער. און סײַ טאַקע דער דאָזיקער געמיש פֿון פּסיכאָלאָגיע און פּאָעזיע, וואָס מאַכט אַזוי טיף און פֿײַן די ליבע פֿון „פּעלעאַס און מעליסאַנדע", וואָס מאַכט אַזוי איידל און הייליק־שיין די מענטשן־ליבע, די זעלב־אויפֿאָפּפֿערונג און די הערלעכקײַט אין שאָטן פֿון טויט פֿון אַנדרעיעווס „זיבן געהאַנגענע"; וואָס מאַכט די מוטער־ליבע און דאָס מוטער־גליק אַזוי נשמהדיק־שיין, אַזוי טיף און אַזוי צאַרט אין הירשביינס „לעצטער".

הירשביינס צווייטער הויפּט־שטריך, נאָך זײַן מיסטיציזם (וואָס שליסט אויך אײַן פּאָעטישע פּסיכאָלאָגישקײַט) איז זײַן־פֿאָלקסטימלעכקײַט. ער מאָלט מיט אַ באַזונדערער ליבשאַפֿט, מיט אַ גליקזעליקייט, וואָס שײַנט אַרויס פֿון צווישן די שורות, די איינפֿאַכע, די פּרימיטיווע, פֿון דער נײַער צײַט נאָך ניט אָנגערירטע ייִדישע מענטשן און סבֿיבֿה. אַזוי ווי אַ גאָלדענע שנור ציט זיך

די פֿאָלקסטימלעכקײט דורך כּמעט אַלע װערק הירשבײנס, פֿון „װוּ ס'לעבן פֿאַרגײט", װאָס איז אײנס פֿון זײַנע ערשטע, ביז „דעם שמידס טעכטער" און דער „זאַװערוכע", װאָס געהערן צו גאָר די נײַסטע אין דער געזאַמלטער אױסגאַבע פֿון 1916.

הירשבײן מאָלט דעם ייִדישן פֿאָלקס־מענטשן: די פֿאָלקס־פֿרױ, דעם ישובֿניק, דעם בעל מלאכה, דעם פּאַקן־טרעגער, דעם אָרימאַן װאָס גײט איבער די הײַזער, דעם שמש פֿון שול. און זײ לעבן בײַ אים מיט זײערע השגות, מאַנירן און שפּראַך. דורך דעם קװעלן הירשבײנס דראַמען, אַזױ װי אַ פֿאָנטאַן מיט ייִדישן אױבערגלױבן, מיט פֿראַגמענטן פֿון פֿאָלקס־מעשׂהלעך, מיט געשיכטן װעגן שדים, מתים און גוטע ייִדן, מיט אַלערלײ פֿאָלקס־טימלעכע שרעקן און אַנונגען, מיט אַלערלײ „זאַבאַבאָנעס".

הירשבײנס כאַראַקטעריסטישסטע אײנאַקטערס, אַלס װערק פֿון לױטערער פֿאָלקסטימלעכקײט זײַנען: „בעבעלע", װאָס איז אַ פּראַכטפֿול־צאַרטע שילדערונג פֿון ליבע און אײפֿערזוכט בײַ אַ פֿאָלקס־קינד, „אליהו הנבֿיא" און „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען", װאָס זײַנען שײנע און ליבהאַרציקע פֿאַרקערפּערונגען פֿון דעם פֿאָלקס אוראַלטן גלױבן אין דעם פּאַטריאַרכאַלן און גערעכטן װעלט־אױסגלײַכער און רעטער אין נױט. פּונקט אַזױ כאַראַקטעריסטיש זײַנען די פֿיר־אַקטיקע „אין אַ פֿאַרװאָרפֿן װינקל", װאָס מאָלט די ליבע, די קריג און די איבערבעטונג פֿון האַלבע ישובֿניקעס פֿון הינטערן שטאָט און די דרײַ־אַקטיקע „דעם שמידס טעכטער" (װאָס צוערשט האָט זי בײַ הירשבײנען געהײסן „װען עס זינגען די שטערן") װעלכע מאָלט די ליבע און די קאָקעטסטװע פֿון ניט־געקינצלטע ייִדישע דאָרף־טעכטער.

דאָס זײַנען פּיעסן, האָב איך געזאָגט, פֿון לױטערסטער פֿאָלקס־טימלעכקײַט, פֿון לױטערסטער אָבער ניט פֿון רײנסטער. און איך מײן דערמיט צו זאָגן, אַז אַפֿילו די דאָזיקע פּיעסן זײַנען אױך ניט אין גאַנצן פֿרײַ פֿון אַ הױך פֿון מיסטיציזם. אַזאַ פּיעסע איז, דאַכט זיך, בײַ הירשבײנען איבערהױפּט ניטאָ. אפֿילו אין „די ערד" (1908) װאָס איז אין פֿלוג, אַ רײן „דאַרװיניסטישע" פּיעסע, זײַנען פֿאַראַן װערטער און פֿראַזן, װאָס גיבן דעם „קאַמף פֿאַרן

קיום״ און זײַן פּערזאָניפֿיצירונג, דער הויפּט העלדן, אַ מיסטעריעזן אָנבליק. איך מיין ווײַטער צו זאָגן, אַז דער מיסטיציזם און די פֿאָלקסטימלעכקײַט זײַנען בײַ הירשביינען ניט עפּעס אַזעלכע צוויי באַזונדערע שטראָמען, וואָס לויפֿן פּאַראַלעל און רירן זיך ניט אָן. פּונקט להיפּוך. די צוויי שטראָמען — אפֿשר טאַקע ווײַל הירשביין איז אַ קינד פֿון זײַן טאַטע־מאַמעס איינזאַמער מיל און שטוב, און ווײַל ער איז אַ זון פֿון בײַנאַכטיקע קלויזן און בית־דין שטיבלעך — די שטראָמען פֿון מיסטיציזם און פֿאָלקסטימלעכקײַט שלינגען זיך, גיסן זיך צוזאַמען, באַהעפֿטן זיך און פֿון דער באַהעפֿטונג ווערן אָפּטמאָל געבוירן די פּאָעטישקייט און דער הומאָר פֿון הירשביינס פּיעסן. זיכער ווערן פֿון איר געבוירן הירשביינס אינטערעסאַנטסטע, אפֿשר וויכטיקסטע פּיעסן.

אין הירשביינס אינטערעסאַנטסטע פּיעסן איז עס אַ שיינער געמיש, אַן אָריגינעל־ווילדע קאָמבינאַציע, מיני פֿיגורן אַזעלכע, אויסגעהעפֿטע מיט גרוי־בלויער וואָל אויף אַ געל־ווײַסער קאַנווע. עס ווענדט זיך נאָר, וואָס איז געדיכטער: איז די מיסטישע שטיקערײַ געדיכטער, איז די פּיעסע גרוי־אומהיימלעך; איז דער פֿאָלקסטימלעכער גרונט מער אויג־פֿאַרנעמעריש, דעמאָלט איז די פּיעסע זוניק־לאַכעדיק, זינגעוודיק.

הירשביינס אינטערעסאַנטסטע פּיעסן (איך רייד, נאַטירלעך, פֿון די וואָס מען האָט געשפּילט) זײַנען: דער „תּקיעת כּף״, „די פּוסטע קרעטשמע״, „אַ לעבן פֿאַר אַ לעבן״ און, די נאָך דער שלי־סונג פֿון יענער זאַמלונג געקומענע, „גרינע פֿעלדער״.

דער „תּקיעת כּף״ דערציילט, אויף אַ ייִדיש־דאָרפֿישן שטייגער, די געשיכטע פֿון דער חזקה, וואָס די טויטע האָבן אויף די לעבעדיקע, אַ געשיכטע, וואָס איז אַ ביסל ענלעך צו די געשיכטעס פֿון די יעמאָלט שטאַרקע גאַנגבאַרע איבסענישע „ראָזמערזהאָלם״ און הויפּטמאַנישע „פֿורמאַן הענשל״, נאָר וואָס בײַ זיי איז עס דער עיקר געווען דראַמאַטיש־פּסיכאָלאָגיש, בשעת בײַ הירשביינען איז עס הויפּטזאַכלעך פֿאָלקלאָריסטיש־מיסטיש. אַ כּלה און איר פֿאָטער גיבן אַ חתן אַ תּקיעת כּף, און כאָטש ער איז שוין געשטאָרבן, וויל ער אים, דעם תּקיעת כּף, ניט מוחל זײַן. און אַלע דערפֿילן

עס אין די סימנים וואָס ווײַזן זיך — שרעק, בייזע ווינטן (דער טאַטע, הענאָך דער מילנער, האַלט אַ ווינט־מיל) חלאת — און וואַקסן אָן אויף די מענטשן אַזוי ווי אַ באַרג זאַמד אין אַ שטורעם. און עס העלפֿן ניט קיין בעל שמישע סגולות און עס העלפֿט ניט דער מאַמעס קנייטלעך־לייגן און שפּרעכעניש, ביז סײַ די כּלה און סײַ איר טאַטע גייען פֿון דער וועלט.

די „פּוסטע קרעטשמע״ וואַלט, ווערליק אַ טייל פֿון איר פֿאַר־טראַכט, געקענט זײַן אַ טעאַטער־שטיק פֿון כוואַטסקע־שקצישער ליבע, אין גײַסט פֿון גאַרקישן רוסלאַנד אין יענער צײַט, אָבער אין הירשביינס פֿאָלקלאָריסטיש־מיסטישן מוח ענדיקט זיך די שקצערײַ טראַגיש. וועלנדיק קריגן זײַן געליבטע קעגן דעם ווילן פֿון אירע דאָרפֿישע עלטערן, לאָזט דער כוואַטסקער געליבטער אין גאַנג די שדים־מעשׂות וועגן דער פּוסטער קרעטשמע, וואָס געפֿינט זיך מיט זיי אין שכנות. ווערן דיביידע מחותּנים, וואָס יאָוועז זיך אויף דער חתונה, פֿאַרשטעלטע ניט־גוטע. ווערט די כּלה אַוועק־געגנבעט, עס הייסט „צוגעכאַפּט פֿון די שדים״ פֿון אונטער דער חופּה. ווערט אַלץ אַרומגערינגלט מיט שדישן שרעק — גאָר אָן אַ לייזונג. אין „אַ לעבן פֿאַר אַ לעבן״, וואָס איז די געשיכטע פֿון אַ געגעבענעם נדר, וואָס האָט געמוזט מקויים ווערן אין וואַלד. טיף־גורלדיקע אומהיימלעכקײַט ווערט ניט געמינערט, ניט מיט קיין טראָפּן הומאָר און ניט מיט קיין שפּריץ פּאָעזיע, ווערט דער שיקזאַל פֿון מאַן פֿאַרזיגלט אַזוי שנעל ווי די פֿרוי פֿאַרגייט אין טראָגן. פֿאַרן קינד, דאָס הייסט פֿאַרן לעבן, וואָס דער טאַטע האָט, מיט אַ נדר, אויסגעבעטן בײַם בעל־שם, מוז ער מיט זײַן לעבן באַצאָלן. די „גרינע פֿעלדער״, וואָס אין פֿלוג איז עס אַ שפּילעוודיקע אידיליע פֿון פֿעלד און דאָרף און דאָרפֿישער ליבע און פֿירונגען, ווערט אָבער פֿאַרטיפֿט, פֿאַרגײַסטערט דורכן אויפֿ־טרעט פֿון אַ סודותדיק־העכערן מענטשן. צווישן די ישובֿדיקע יִדן, יִידענעס און מוידן און יונגען פֿאַלט, ווי פֿון הימל אַראָפּ, דער עילוי און צדיק לוי יצחק. זײַנע הייליקע טריט בענטשן שיעור ניט די פֿעלדער מיט גערעטעניש, זײַן תּורה און צדקות־פֿילן די עלטערן מיט יראת הכּבוד און מצווה־ברען אָן. זײַן שייך־

פּרומע באַנעמונג, וואָס איז, דאַכט זיך, גאָר ניט פֿון דער וועלט, פּילט אָן די טעכטער מיט אַן איבער־ערדישער ליבע.

ב

הירשביינס וועג צו דער ייִדיש־אַמעריקאַנער בינע איז געווען אַ לאַנגער און אַ שווערער, און יאָרן־לאַנג האָט ער זיך געצויגן דורך די דראַמאַטישע קלובן און אונטער דר׳ערד, דאָס הייסט, דורך די הערצער פֿון ייִנגערע אַקטיאָרן, וואָס האָבן אַ מאָל אין רוס־לאַנד אין דער הירשביין־טרופּע געשפּילט. די דראַמאַטישע קלובן, דערהויפּט דער פּראָגרעסיוו דראַמאַטיק קלוב, וואָס איך בין מיט אים אינטים פֿאַרבונדן געווען, איז געווויר געוואָרן וועגן הירשביינען פֿון די זשורנאַלן און זשורנאַלעכלעך, ביכלעך און ביכעלעך, וואָס פֿלעגן אין די ערשטע יאָרן פֿון יאָרהונדערט גאָר אָפּט, אָנקומען פֿון רוסלאַנד. מײַן ערשטער אײַנדרוק פֿון הירש־ביינען איז געווען, ווערדליק פֿון זײַנע פּריסטע פּיעסן „ווו דאָס לעבן פֿאַרגייט" (דאַמאָלס האָט עס נאָך געהייסן „ווײַטע און נאָענטע") און „נבֿלה" און ווערדליק עס האָט געלויטעט אין רוס־לאַנד, ווי פֿון אַ קעלער־שטוב־דיכטער, דאָס הייסט, אַ דיכטער פֿון אָרימקײַט און נויט. אָבער וואָס מער איך האָב הירשביינען גע־קראָגן צו לייענען, אַלץ מער איז יענער אײַנדרוק אָפּגעריבן גע־וואָרן און ס׳איז אויסגעוואָקסן אַן אינטערעס אין הירשביין דעם דראַמאַטיקער און טאַקע דעם מיסטישן, אָדער ווי עס האָט דאַ־מאָלס געהייסן דעם דעקאַדענטישן, דראַמאַטיקער.

אַרום 1906 האָט דער פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב, אין זײַן טעאַטערל, וואָס האָט אַרײַנגענומען וואָסערע הונדערט־מיט־זעכצן מענטשן, אויף זײַן אָרים בינעלע, וואָס האָט אָבער געהאַט אַ גאָר נישקשהדיקע באַלײַכטונג, געשפּילט די „איינזאַמע וועלטן". כאָטש דער איינאַקטער, ווי הירשביין האָט שפּעטער דערציילט, איז פֿון אים אָנגעשריבן געוואָרן, בשעת ער האָט „געדינט" אין דער ייִדישער זעלבסט־שוץ אין ווילנע, בשעת די רעוואָלוציע פּאָגראָ־מען, צווישן איין „וואַכטע" און דער צווייטער, איז אין דעם פּיע־סעלע קיין דירעקטע אָנצוהערעניש אויף יענע שרעקן ניטאָ. דערפֿאַר

אָטעמט דאָס פּיעסעלע מיטן „פּחד פֿון לעבן‟ ווי די פּראָזע איז יעמאָלט אַרומגעגאַנגען, מיט די יסורים פֿון ערדישער עקסיסטענץ, מיט דער טראַגיק פֿון איינזאַמקייט, אַלטקייט און משוגעת און מיט דער בענקשאַפֿט נאָך פֿרייד. אָן סיטואַציעס, אָן סצענעס אַפֿילו, אָבער מיט דער שטימונג וואָס ווערט אַלץ געדיכטער אָנגעטראָגן אַזוי ווי שניי און רעגן, וואַקסט כּסדר די דאָזיקע פּחדימדיקע טראַגיק אין שווערקייט און געדיכטקייט. אַ וויסטער קאַליקע אָן הענט און אָן פֿיס שרייַט אַלץ שטאַרקער וועגן זייַנע פֿאַרלאָרענע גלידער און וועגן די „דאָקטוירים אָן קעפּ‟, וואָס האָבן זיי אים אַרונטער־גענומען; אַ משוגע געוואָרענער חקרן זוכט אויף דער וואַנט, ווי אויפֿן האָריזאָנט פֿון דער וועלט, בערג און טאָלן, געפֿינט זיי און פֿאַרלירט זיי; אָן אַלטיטשקע רעדט פֿון אירע ביסלעכווייַס פֿאַר־לוירענע ציין, ביסלעכווייַס פֿאַרלוירענע קינדער און ווי אַזוי אַלץ פֿאַרגייט; אַ זייער אַלטע מויד חלומט וועגן אַ קינד, כאָטש וועגן אַ געגנבֿעטס. צוויי יונגלעך נאָר בענקן נאָכן לעבן, אַ רייַכער נאָך אַ מויער מיט טויזנט חדרים, וואָס ער וועט האָבן, דער צווייטער נאָך חתונות, ווו קלעזמער שפּילן און דער עולם טאַנצט. די איינ־ציקע ליכטיקע אָפּוועקסלונג אין דעם חושך איז ווען פֿון אַ וווינונג, הויך איבערן קעלער, דערהערט זיך מוזיק, פֿון אָן אומבאַשטימטן שפּילער, פֿון אָן אומבאַשטימטן אינסטרומענט, אָבער פֿאַר די מענטשן איז עס גענוג צו מאַכן וועגן דעם ליכטיקע השערות, ביז די מוזיק ווערט אַנטשוויגן אַזוי ווי „אַלץ פֿאַרגייט‟.

דער פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב האָט די דאָזיקע פּיעסעלע, אַזוי ווי אַלץ וואָס ער האָט „געשטעלט‟, פֿריער גוט איבערגע־לייענט, גוט דורכגעדיסקוסירט און, גוט פֿאַרשטייענדיק די זאַך, און אָננעמענדיק זיך פֿאַר איר מיט ענטוזיאַזם, האָט ער פֿון איר גענומען מאַכן פּראָבעס זי שפּילן (דער קלוב האָט שוין דאַמאָלסט פֿאַרשטאַנען, אַז נישט זייַענדיק קיין שטרענג רעאַליסטישע, נאָר אַ שטימונג־זאַך, מוז אויך איר אויפֿפֿירונג נוטה זייַן צו שטימונג). מיט חשק און אַזאַרט איז די זאַך געשטעלט געוואָרן, מיט אַזאַרט איז זי אָפּגעגאַנגען וואָכן־לאַנג פֿאַרבלייַבנדיק אין קלובס רע־פּערטואַר; מיט טיפֿן און ליבן אינטערעס איז די זאַך אויפֿגענומען

געוואָרן פֿון עולם, צווישן וועלכן ס׳פֿלעגן זיך געוויינטלעך געפֿינען די בעסטע לעזער פֿון דער ייִדישער פרעסע און בוך, אָפּגעצייכנטע טוער אין פּאַרטייען און באַוועגונגען. (אַ מאָל פֿלעגט אויך אַרײַנפֿאַלן אַ שרײַבער, אַן אַקטיאָר און אַפֿילו אַ ייִדיש־ענגלישער „סעטעלמענט וואָרקער״).

אויסגעצייכנט זיך אין שפּילן פֿון איינאַקטער און אפֿשר טייל־ווײַז טאַקע אַ דאַנק דעם אַרויף אויף דער גרויסער ייִדישער בינע אָדער אַזוי אַריבער אין אַ ברייטערן שפּיל־קרײַז האָבן זיך ל. ווײַסבערג און מלכּה קאָרנשטיין, טיקמאַן (ניט שרײַבנדיק די געשיכטע פֿון קלוב, האַלט איך ניט פֿאַר נויטיק אויסצורעכענען אויך די וואָס זײַנען שוין טויט אָדער יענע וואָס זײַנען גלאַט פֿאַרשוווּנדן פֿון דער שפּיל־וועלט).

אַ קלענערן, דאָך אַ דערפֿאָלג, האָט געהאַט אין קלוב, אין אַ צוויי יאָר אַרום, הירשביינס איינאַקטער „אין דער פֿינצטער״, מכּוח אַ זייער יונג אַרבעטער־מיידל, וואָס הענגט זיך אויף איבער־לאָזנדיק ניט נאָר איר באָבען, וואָס זי טוליעט זיך צו איר שטאַרק, ווי איר פֿאַרביטערטן טאַטן, נאָר אויך איר געליבטן. די זיבעצניאָריקע פעשקע טויטעט זיך ניט נאָר פֿאַר נויט, נאָר, אפֿשר נאָך מער, פֿאַרן פּחד פֿון לעבן — פֿאַר „אומעט לעבן״. דער קלוב האָט עס פֿאַרשטאַנען, דאָך האָבן מיר אויף דער זאַך גע־קוקט ווי אויף אַ ניט־געמינערטער, ניט געהילדערטער עקסטרים־נאַטוראַליסטישער זאַך. ווי ווײַט איך קען זיך דערמאָנען, האָבן מיר עס געשפּילט ניט אָן אַ געוויסער שווערקייט אויפֿן האַרצן.

ניט אָן אַ געוויסער קווינקלעניש, וואָס איז אָבער פֿאַר־שוווּנדן אין משך פֿונם שפּילן, האָט דער קלוב, אַן ערך אין 1909, אויפֿגעפֿירט הירשביינס היפּשלעכע פּיעסע, הגם מיט קליינע אַקטעלעך, דער „תּקיעת כּף״, די קווינקלעניש איז געווען ניט מחמת דער „גרויזאַמקײַט״ פֿון דער טעמע, וואָס ווערט פֿאַר־מילדערט דורך פֿאָלקסטימלעכער פּאָעזיע טיפֿערע, מענטשלעכע לײַדן און אַ הויך פֿון דער פֿרײַער נאַטור, נאָר טאַקע דערפֿאַר וואָס די אַקטן זײַנען אַזוי קליין און ס׳איז ניטאָ קיין מעגלעכקײַט פֿאַר דער פֿאַנאַנדערשפּינונג פֿון דראַמאַטישע סיטואַציעס. אָבער

מיטן עסן פֿון שפּילן איז געקומען דער אַפּעטיט. די פּיעסע איז געשפּילט געוואָרן מיט ליבע און חשק, געשפּילט געוואָרן אין אַ פּאַסיקן האַלב־ראָמאַנטישן טאָן און איז געווען איינער פֿון די גרויסע פֿיל־וואָכעדיקע דערפֿאָלגן פֿון קלוב.

פֿון די וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן: י. פֿישמאַן, וואָס איז איצט ביַי דער „פֿרײַע בינע" פֿון אַרבעטער־רינג; לינאַ מעלצער, וואָס איז פֿון קלוב אַריבער אויף דער גרויסער ייִדישער בינע; און די פֿאַרשטאָרבענע סיידי גאָטליב (די פֿרוי פֿון לעאָן גאָטליב, פֿון „פֿאָרווערטס").

איין מאָל איז צו אַ פֿאָרשטעלונג פֿון „תקיעת כף" געקומען באָריס טאָמאַשעווסקי און אַנקוועלנדיק, האָט ער אין אַ טעאַטער־וואָכנבלאַט וואָס ער האָט דעמאָלס אַרויסגעגעבן, שטאַרק געלויבט דאָס שפּילן און די שפּילער.

אַחוץ דעם פּראָגרעסיוו דראַמאַטיק קלוב, וואָס איז געקומען אין יאָר 1902, זײַנען אין אַ פּאָר יאָר אַרום אין ניו־יאָרק, אויך אויפֿגעקומען דער היברו דראַמאַטיק ליג און דער פֿון גאָר יונגע מענטשן באַשטייענדיקער דראַמאַטיש־ליטעראַרישער פֿאַראיין. דער צווייטער פֿלעגט שפּילן, גאָר דילעטאַנטיש, די פּיעסע „ווײַטע און נאָענטע"; דער ערשטער, ווו יחיאל גאָלדסמיט האָט נאָך יעמאָלט באַלאַנגט און וואָס האָט נאָך אַ פּאָר מענטשן אויסגעהאָדעוועט פֿאַר דער גרויסער ייִדישער בינע אָדער פֿאַרן ברייטערן ייִדישן שפּיל־קרײַז, האָט געשפּילט הירשביינס נײַ־ראָמאַנטיש־שטאַרק פֿאַרחלומטע „יואל" און די שיין־מיסטיש־פּאָעטישע „קברים־בלומען". דעם איין־אַקטערל האָט יחיאל גאָלדסמיט אַדורכגעטראָגן אויף זײַנע פּלייצעס און איך האָב אים געדענקט פֿון יעמאָלט אָן.

אין 1910 איז הירשביין געקומען קײַן אַמעריקע. אַמהאַר־ציקסטן האָבן אים אויפֿגענומען די דראַמאַטישע קלובן, בראש דער פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב און פֿון דאַמאָלס אָן, אַזוי לאַנג ווי די קלובן האָבן עקסיסטירט, איז די באַציִונג צווישן הירשביינען און זיי געווען זייער אַ וואַרימע (אין פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב איז ער אַ צײַט געווען אַ מין „ערן־מיטגליד").

קודם כּל, בײַ הירשבײנס אָנקומען, האָבן אַלע דרײַ קלובן זיך פֿאַרבונדן און בשותּפֿות געמאַכט הירשבײנען, אײנעם אַ זונטיק, אַ גרויסן קבלת פּנים, אין ווינדזאָר טעאַטער. דאָס טעאַטער איז געווען געפּאַקט, די שרײַבערשע קאָרפּאָראַציע, איז געווען שטאַרק פֿאַרטראָטן. די פּראָגראַם, באַשטײענדיק פֿון אַן אַקט אָדער צוויי פֿון „יואל“, דאָס זעלביקע פֿון „ווײַטע און נאָענטע“ און פֿון „אײיזאַמע וועלטן“ באַמערקונגען פֿון פֿאָרזיצער (יואל ענטין) און פֿון עטלעכע ווערטער פֿון הירשבײנען איז וואָרים אויפֿגענומען געוואָרן (אַמוואָרימסטן, אויב איך געדענק ריכטיק, מצד די שרײַבער), די „אײנזאַמע וועלטן“.

דער פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב האָט באַלד דערנאָך געהאַט נאָך עטלעכע הירשבײנישע פֿאָרשטעלונגען, אָפֿיציעל און ניט־אָפֿיציעל (דאָס הייסט מיטגלידער פֿון קלובן האָבן געשפּילט, אָבער „ניט דער קלוב“, אין פּיעסן מיט דעם קלובס „הסכּמה“ אָדער אָן איר) אין און אַרום ניו־יאָרק. אײן מאָל אָדער מער, אויב איך געדענק ריכטיק, האָט הירשביין אויך מיטגעשפּילט.

אָפֿיציעל איז דער פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב נאָך אײן מאָל אַרויס מיט אַ גרויסער הירשביין־פֿאָרשטעלונג. דאָס איז געווען אין יאָר 1912, קורץ פֿאַרן קלובס אונטערגײן, מיט „דער לעצטער“, אַ שווער־מוטיק פּעסימיסטישע, ווערדליק דעם זשאַנר אַ נײַ־ראָמאַנטישע, נאָך־פּאָגראָם פּיעסע. דער הויפּט־העלד, דעם רבס זון, דערווײַטערט זיך פֿון זײַן יונגינקער פֿרוי, נישט ווילנדיק ברענגען קײַן קינדער אויף דער וועלט, וואָרים — „וואָס איז דער תּכלית? מען הרגעט אונדז סײַ ווי אויס!“ געשפּילט האָט י. פּישמאַן, מלכּה קאָרנשטײן־טיקמאַן, דאַכט זיך אויך לינאַ מעל־צער (ס'איז געווען נאָך עמיצער, נאָר כ'געדענק ניט ווער). די פּיעסע איז, אין משך פֿון וואָכן, גוט אויפֿגענומען געוואָרן פֿון עולם און, אַ דאַנק דעם פֿאַרשטאַרקטן הירשבײנישן אינטערעס מצד דער שרײַבערשער משפּחה, אויך פֿון פֿיל שרײַבער, דער פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב האָט זיך אויפֿגעלייזט, אָבער זײַנע מיטגלידער, איבערהויפּט די שפּילער צווישן זיי, אַפֿילו די וואָס זײַנען שוין געווען אַרײַנגעקומען אין דער אַקטיאָרן־יוניאָן, האָבן

זיך נאָך געהאַלטן צוזאַמען, אַ געוויסע צײַט אַלס צווײַג פֿון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פֿאַרבאַנד. צוזאַמען מיט זיי האָט זיך אויך געהאַלטן הירשביין און האָט ער אָנגעשריבן אַ נײַע פּיעסע, איז דער דאָזיקער „קרײַזל" געוועזן זײַנע ערשטע צוהערער. איז, אַז ס'איז געקומען אין אַ „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל", האָבן עס די קלוב־מיטגלידער די ערשטע אין אַ גרויסן טעאַטער, געשפּילט (כ'געדענק א. טענענהאָלץ, לינאַ מעלצער, דאַכט זיך אויך קלאַראַ לענגסנער און יודל דובינסקי) געשפּילט מיט פֿײַער, מיט חשק, אין אַ לײַכט־האַרציק מאַניר, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַזאַ שפּילעוודיקער פֿאָלקס־טימלעך־פּיעסע, וואָס גרענעצט מיט קאָמעדיע. די פֿאָרשטעלונג איז שוין יעמאָלט געוועזן אַ וואַרים־פֿריילעכער דערפֿאָלג.

ענלעכס איז געוועזן, אפֿשר אין אַ יאָר אַרום, מיט דער שפּילעוודיק־שוימיקערער, אפֿשר דערפֿאַר אַ ביסל פּלאַטשיקערער „דעם שמידס טעכטער". יצחק אײַזיק הורוויץ, (יעמאָלט דער פּרעזידענט פֿון יידיש. נאַצ. אַרב. פֿאַרבאַנד) כאָטש קיין מאָל פֿריער האָט ער קיין וואָרט ניט געשריבן וועגן יידישן טעאַטער אָדער יידישער ליטעראַטור, איז דאַמאָלס אַרויס מיט אַ וואַרימער רעצענזיע, אין „טאָג", וועגן שפּיל, שפּילער און שפּילן.

אויף די פֿרײַע בינע, ווו י. פֿישמאַן, דער אַמאָליקער מיט־גליד פֿון פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב, איז אַ צײַט לאַנג דער אָנ־פֿירער, און וואָס איז אויפֿגעקומען כמעט אין איין צײַט מיטן קלובס זעלבּ־אויפֿלייזונג, האָט זיך טיילווײַז דראַמאַטיש געטוליעט צו הירשביינען. זיי האָבן געשפּילט זײַן איין־אַקטער „אליהו הנביא" (דאַכט זיך אויך „בעבעלע") און האָבן די ערשטע, און קענטיק גאָר ניט אָן דערפֿאָלג, אויפֿגעפֿירט די „גרינע פֿעלדער".

ג

פּרץ הירשביין אויף דער גרויסער יידישער בינע אין אַמע־ריקע איז נאַטירלעך, אַ קאַפּיטל מיט אַ גרויסן פֿאַרנעם, אויך מיט גרויס אַפּלאָמב. צי איז דער קאַפּיטל, בדרך כּלל, אויך שענער געוועזן פֿון פֿריערדיקן, וועגן דעם מעג זײַן אַן ערנסטע פֿראַגע. אויב די קלוב־שפּילער האָט אַ מאָל געפֿעלט טעמפּעראַמענט, אויב

זיי האָט, פּיל עפּטער, געפּעלט טעכניק, בינע־פּאָליטור, האָבן זיי דערפֿאַר רײַכלעך פֿאַרגיטיקט מיט זייער ערנסטקייט און פֿאַר־שטענדעניש. זיכער איז, אַז דאָס מיסטישע, (אַ מאָל, אַ מאָל אפֿשר אויך ניט גראָד דאָס מיסטישע), וואָס איז פֿאַר דעם אויסגעוואָק־סענעם הירשביינען אַממייסטן כאַראַקטעריסטיש, האָט אויף דער גרויסער בינע ערגער אָפּגעשניטן ווי אין די קלובן.

די ערשטע הירשביינס אויפֿפֿירונג אויף דער גרויסער בינע איז געווען נאָך אין אַלטן טאַליאַ טעאַטער, אַרום 1908, בימי ליפּצין וקעסלער. די פּיעסע איז געווען די „נבֿלה". מען האָט זי געשפּילט אין אַ זומערדיקן שבת בײַטאָג און בײַנאַכט — און אַראָפּגעכאַפּט פֿון דער בינע. איך האָב די פֿאָרשטעלונגען ניט געזען. געהערט האָב איך, אַז די פּיעסע איז געווען אַ גרויסער דורכפֿאַל, אי אין שפּילן, אי בײַם עולם. מען האָט מיר דערציילט, אַז אַרויסרופֿנדיק קעסלערן נאָך אַ „פֿאָרהאַנג", פֿלעגן מענטשן פֿון עולם צו אים שרײַען: „נבֿלה, קום שוין אַרויס!" צי האָט אָבער די פּיעסע באַדאַרפֿט דורכפֿאַלן? שוין ניט ריידנדיק פֿון דער אויפֿנאַמע פֿון דער פּיעסע אין רוסלאַנד, וועדליק מען קען זען פֿון הירשביינס זכרונות, וואָס גייען איצט אין „טאָג", טאַקע פֿון דער אייגענער צײַט, האָבן מיר אָבער אַליין געזען ווי היפּש וואַרימלעך אונדזער היגער עולם האָט די „נבֿלה" אויפֿגענומען, אַרום 1923, אין די אויפֿפֿירונגען פֿון די ווילנער, מיט אַזראַ און עלמית אין די הויפּט־ראָליען. די אויפֿפֿאַסונג איז געווען אַ גאַנץ נאַטוראַליסטישע, דאָס שפּילן איז געווען קרעפֿטיק, טעמפּע־ראַמענטפֿול — אַקוראַט ווי אַ קעסלערשע אויפֿפֿירונג וואָלט גע־דאַרפֿט און געקענט זײַן. וואָס זי איז דאַמאָלס אין קעסלער טע־אַטער געווען? קענענדיק די מענטשן און די אומשטאַנדן, מאָל איך מיר אויס די זאַך אַזוי:

מיכאל מינץ (בעני ליפּצינס מאַן און איר „אימפּרעסאַריאָ") האָט די פּיעסע אויפֿגעפֿירט, ערשטנס, ווײַל דאָס איז געווען באַלד נאָך דעם „משוגענעם" ערפֿאָלג (אַ יאָר נאָכאַנאַנד האָט אויף דער ייִדישער גאַס געפֿלאַקערט אַ קאַמף וועגן דער „אוממאָראַלישקייט" פֿון דער פּיעסע צווישן דער אָרטאָדאָקסיע און דער סאָציאַ־

ליסטישער פּרעסע) פֿון אַשס „נאַטוראַליסטישער" „גאָט פֿון נקמה", האָפֿנדיק, מן הסתם, אַז אויך הירשביינס פּיעסע קען „אָנרײַסן". צווייטנס, איז ניט אויסגעשלאָסן אַז מינצן, וואָס איז תּמיד געווען געענגט אין געלט, האָט אויך געלאָקט דאָס, וואָס מען דאַרף דעם ווײַטן שרײַבער קיין האָנאָראַר ניט צאָלן. בינו לבינו, קיין אמתן קונסט־אינטערעס האָט ער פֿאַר דער פּיעסע ניט געהאַט. קענען מיר זיך פֿאָרשטעלן, ווי אַזוי קעסלער, וואָס אפֿילו ווען מינץ איז געווען גאַנץ אָנגעוואָרימט, פֿלעגט ער אָפֿט דעם ענין אויפֿנעמען קאַלט — קענען מיר זיך פֿאָרשטעלן, ווי אַזוי קעסלער האָט זיך צו אָט דער פּיעסע אויף טראַף באַצויגן. (מען דאַרף געדענקען, אַז קעסלערן איז געווען גאָר ניט אַזוי גרינג אַרײַנצורהאַקן אין האַרצן עפּעס אַ נײַעם זשאַנר פֿון אַ נײַער מאַניר, אַז ער איז ווײַט ניט געווען פֿון די ערשטע שלום צו מאַכן אפֿילו מיט גאָרדינען). און אַז קעסלער האָט אַ פּיעסע ניט סובל געווען — צי איז דאָס געווען פּראָפֿעסאָר הורוויצעס אַ שטיק, צי איבסענס „פֿאָלקס פֿײַנט", האָט ער די פּיעסע פּשוט אָוועקגעהרגעט, עס הייסט, שלעכט אויסגעלערנט די ווערטער פֿון דער ראָליע, און, שפּילנדיק, זי „אָפּגעשאַלאָמייזעט".

פֿון קעסלערס צוויי פֿאָרשטעלונגען „נבֿלה" דאַרף מען, בכן, פּשוט מאַכן אַ מחק.

(אויב איך האָב קיין טעות ניט האָט יחיאל גאָלדסמיט, אין יענער צײַט און אויך שפּעטער, שוין שפּילנדיק אויף דער גרויסער בינע, צו זײַנע „אייגענע אָוונטן" געשטעלט די „נבֿלה", ניט מיט קיין דורכפֿאַל).

קומענדיק קיין אַמעריקע האָט הירשביין, ווי ער האָט, איבעריקענס, פֿאַר אַ פּאָר יאָרן אַליין דערציילט אין „טאָג", פֿאָרגעלייגט זײַנע פּיעסן אַלע אונדזערע אַרטיסטישע טעאַטער בעלי־בתּים, אָבער אָן ערפֿאָלג. העכסט וואָרשײַנלעך איז דער טעם פֿון זייער אָפּנייגונג געווען דער אייגענער, פֿאַר וואָס דער פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב, אָדער טאָקע איך אַליין, האָב זיך געהאַט געקווײַנקלט אויפֿצופֿירן אַזעלכע זאַכן ווי „דער תּקיעת כּף", עס הייסט, די ניט גענוג טעאַטערדיקע בולטקייט פֿון די פּאַר־

שווינגען, דער עיקר די אָפּוועזנקייט פֿון אמתע, עכטע דראַמאַטישע סיטואַציעס. די איינציקע אויסנאַם איז געווען באָריס טאָמאַשעווסקי. ער האָט די „פּוסטע קרעטשמע" געקויפֿט. צי האָט ער טאַקע ערנסט בדעה געהאַט די פּיעסע צו שפּילן, אָדער זײַן איינהאַנדלונג איז, לכתּחילה, געווען נאָר אַ העפֿלעכער זשעסט? ביידעס איז מעגלעך געווען אויף טאָמאַשעווסקין.

די ערשטע אמתע הירשביינישע אויפֿפֿירונג איז געווען אין יאָר 1918, וואָס דעמאָלט איז מאָריס שוואַרץ געוואָרן מאַקס ווילנערס הויפּט־שפּילער, אין דעם פֿון דער דײַטשער טרופּע איבערגענומענעם אירווינג פּלייס טעאַטער. אָנגעהויבן דעם סעזאָן האָט שוואַרץ מיט אַן אויסגעצייכנטער טרופּע אָבער מיט אַ פּיעסע פֿון ז. ליבין און, באַלד דערנאָך, פֿון אברהם שאָמערן. דוד פּינסקיס נאָך־מלחמה־פּיעסע „די קרומע וועגן פֿון ליבע" איז אוודאי קינסטלעריש געווען אַ שענערער צוג פֿון יענע צוויי. אָרום און אָרום איז אָבער מאָריס שוואַרצס ערפֿאָלג געווען אַ צווייפֿלהאַפֿטער. האָט ער, ערשנס, געזוכט עפּעס נײַעס, איז ער, אפֿשר, טאַקע גרייט געווען צו עקספּערימענטירן. דער עיקר איז אָבער יעקבֿ בן עמי אַ וויכטיקער מיטגליד אין שוואַרצס טרופּע און, זיך צוהערנדיק צו די מיינונגען פֿון מענטשן מיט אַ שײַכות צו דער ליטעראַרישער וועלט, איז שוואַרץ אים גרייט געווען צו פֿאָלגן. בן עמי, זײַענדיק אַן אַלטער אָנהענגער פֿון הירשביינען און האָבנדיק, העכס וואַרשײַנלעך, געזען די אויפֿפֿירונג פֿון „אין אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל" בײַ די מיטגלידער פֿון פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב, האָט ער זי שוואַרצן גערעקאָמענדירט.

אין אַ קליינעם גראַד איז שוואַרצס אויפֿפֿירונג פֿון „אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל" אפֿשר טאַקע געווען אַ פֿאָרזעצונג פֿון די אויפֿפֿירונגען פֿון פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב. עטלעכע ראָליסטן, גרשון רובין, יחיאל גאָלדסמיט, און, דאַכט זיך, אויך יודל דובינסקי, זײַנען, אין פֿאַרשיידענע צײַטן געווען, מיטגלידער פֿון קלוב. דער צוגאַנג, ווי צו אַ פּשוט האַרציק, פֿריש, פֿריילעך און ערדיש פֿאָלקסשטיק, איז געווען דער זעלביקער. דער פֿאַרנעם, לכל־הפּחות, בנוגע די מייסטע שפּילער, איז אָבער געווען אַ פֿיל־העכע־

רער (שוואַרץ, בן עמי, צילי אַדלער און לודוויג זאַץ, שוין ניט ריידנדיק פֿון די פּרויען פֿאַרקויף און סאַלטשע שאָר). די אויפֿ־פֿירונג איז געווען אַ גרויסער ערפֿאָלג, הגם פֿון אַן אַנדער סאָרט ווי גאָרדינס שטאַרקסטע און בעסטע פּיעסן, אָדער אפֿילו ווי קאָברינס „דעם דאָקטאָרס ווײַבער". דער עולם אין טעאַטער איז ניט געווען פֿאַרכאַפּט, אפֿשר אפֿילו ניט שטאַרק מיטגערי־סן, אָבער ער האָט זיך געפֿרייט, אַנגעקוואָלן, הנאה געהאַט. אין די ערנסטע מאָמענטן האָט ער שטיל מיטגעפֿילט, אין די קאָמישערע, פֿריש־האַרציק געלאַכט. עס איז, קורץ, געווען דער ערפֿאָלג פֿון אַ פֿרישער אָפּוועקסלונג און באַגנײַונג, פֿון אַן אומקערן זיך, נאָך אַ לאַנגן אָפּשייד, צו אַ נאַיִוו־היימישער סבֿיבֿה, צו דער מוטער נאַטור (איך געדענק, למשל, ווי דער עולם האָט אָנגעקוואָלן פֿון אַן ·ערלעך, אַן קאַריקאַטורע דורכגעפֿירטן מאָמענט פֿון עין הרע אָפּשפּרעכן פֿון סאַלטשע שאָר, מער נאָך פֿון דער גאַנצער האַלטונג פֿון לודוויג זאַצן, ווי פֿון אַ פּשוטן חנעוודיק־היימישן זיידעלע, איבערהויפּט אין לעצטן אַקט).

נאָך איינער אַזאַ פֿאָרשטעלונג פֿון „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל" האָט יהושוע גאָרדאָן, דער טעאַטער־קענער און טעאַטער־שרײַבער, וואָס איז דאַמאָלסט געווען אין אַמעריקע (הײַנט איז ער אין ארץ־ישראל) באַמערקט: „דער עולם האָט הנאה — פֿון הירשביינען דעם ווילן ייִדן". דאָס האָט ער געמיינט צו זאָגן, אַז דער ערפֿאָלג פֿון דער פּיעסע האָט זיך גענומען פֿון איר ייִדישער פֿאָלקסטימלעכקייט.

אַן ענלעכן ערפֿאָלג האָט געהאַט באַלד די נעכסטע הירשביי־נישע אויפֿפֿירונג „דעם שמידס טעכטער". אַן ענלעכן ערפֿאָלג, אָבער ניט פּונקט אַזאַ. אפֿשר ווײַל ס'איז שוין אויסגעקומען צום סוף פֿון סעזאָן, גיכער אָבער דערפֿאַר, וואָס כאָטש די פּיעסע איז געווען פּונקט אַזוי פֿאָלקסטימלעך, נאָך מיט אַ צוגאָב, לסוף, פֿון אַ ימים נוראימדיקער שטימונג, איז זי אָבער געווען שוין עטוואָס צו שפּילעוודיק־שוימיק, מיט קוים עפּעס אַ ממשותדיקן קערן אונטער דער בלישצענדיקער אויבערפֿלאַך, מיט אַ צוגאָב נאָך פֿון דעם שוין צו־דאָרפֿישן ליבעס־טראַנק פֿון איינער פֿון די מיידלעך צו איינעם פֿון די בחורים. וואָס איז שײַך דראַמאַטיזם, דראַמאַ־

טישע סיטואַציעס זײַנען זיי דאָ געווען נאָך קנאַפּער ווי אין „אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל״.

געוויס איז דער ערפֿאָלג צום גרעסטן טייל געווען אַ דאַנק דעם שפּילן, וואָס איז אויך דאָ ניט נאָר אויסגעצייכנט צוגעפּאַסט גע־ווען צום טעקסט, נאָר איז טאַקע, בדרך כּלל, גאַנץ גוט געווען אין זיך אַליין. אַחוץ רובינען, טענענהאָלצן און גאָלדסמיטן, פֿונעם פּראָגרעסיוו־דראַמאַטישן קלוב, און שוואַרצן, צילי אַדלערן און לודוויג זאַצן, האָט דאָ נאָך בערטאַ גערסטין, אַלס איינע פֿון די צוויי טעכטער, געשאַפֿן איינע פֿון אירע געזינטסטע, פֿלייש־און־בלוטיקסטע פֿאַרשוינען.

דערמיט אייגנטלעך האָט זיך געענדיקט דער שוואַרץ־הירש־ביין עפּיזאָד.

אַ געוואַלטיק־וויכטיקע און אינטערעסאַנטע הירשביינישע אויפֿפֿירונג האָט יעקבֿ בן עמי, אויף זײַן אייגענער אחריות און גאַנץ מיט זײַן אייגענער רעזשי, געגעבן דעם נעכסטן בין־הסע־זאָנען פֿון די „גרינע פֿעלדער״. די אויפֿפֿאַסונג פֿונעם הויפּט־העלד לוי יצחק און פֿון דער באַציִונג צו אים מצד די אַרומיקע איז געווען גענוי ווי איך האָב באַשריבן אין אַ פֿריערדיקן קאַפּיטל. די ליבע־שפּילעניש איז דאָ, דורך צילי אַדלער, נאָך טיפֿער און שענער דורכגעפֿירט געוואָרן ווי אין דער פֿריערדיקער פּיעסע: בן־עמיס צדיקיש־פֿאַרסודותדיקטער לוי יצחק האָט אפֿשר געשאַפֿן אַ נײַעם זשאַנר פֿון שפּילן בײַ אונדז (מער וועגן בן־עמיס שפּילן אין דער ראָליע אַ ביסל שפּעטער). אַחוץ זיי האָבן גאָר אַ סך צוגעגעבן גרשון רובין, דאַכט זיך, אויך יחיאל גאָלדסמיט, סאָניאַ גורסקאַיאַ אפֿשר אויך נאָך עמעצער, וואָס איך געדענק ניט גענוי). כאָטש די פּיעסע איז, העכסט וואַרשײַנלעך איבער דער אומפּאַסי־קער צײַט, לאַנג ניט געגאַנגען, קען אָבער קײַן טעות ניט זײַן וועגן דעם קינסטלערישן ערפֿאָלג פֿון דער זאַך.

(אַז די ווילנער זײַנען אַהערצו געקומען, האָבן זיי אויך „גע־געבן״ „גרינע פֿעלדער״. זייער אויפֿפֿאַסונג איז געווען ווי פֿון אַ געזונט־דאָרפֿישער אידיליע — אָט ווי די סינעמאַ וואָס איז

פֿאַר עטלעכע יאָרן געמאַכט געוואָרן פֿון דער פּיעסע — דאָס היי־ליקע, דאָס העכערע, דאָס שיין־מיסטישע האָט אין גאַנצן געפֿעלט).

אין 1919 האָט ה׳ שניצער און זײַן פֿרוי, די שוישפּילערן הענריעטאַ שניצער (שאַפּיראָ) ביידע געוועזענע מיטגלידער פֿון די דראַמאַטישע פֿאַראיינען, געעפֿנט דאָס נײַע אָדער קונסט טע־אַטער, מיט בן עמין, צילי אַדלערן, גרשון רובינען, יחיאל גאָלד־סמיטן און חנה אַפּעלן צווישן די הויפּט־שפּילער. האָבן זיי, אַלס זייער צווייטע אָדער דריטע פּיעסע אויפֿגעפֿירט הירשביינס „די פּוסטע קרעטשמע". די פּיעסע, וואָס לכתחילה האָט זי געזאָלט זײַן בלויז מיסטיש באַפֿאַרבט מיט דער שדים־לעגענדע, וואָס צו ערשט קומט זי אַרײַן ווי אַ שפּאַס, ווערט אָבער, אין פֿערטן און לעצטן אַקט, ווו דער שפּאַס ווערט אַ טויטער ערנסט, גאַנץ סטיכיש־מיסטיש.... האָט דאָס זיכער געשטערט דער גאַנצקייט פֿון דער אילוזיע. פֿון דער צווייטער זײַט איז דער צווייטער אַקט, אויב ניט דראַמאַטיש, איז אומגעוויינטלעך סצעניש. די אַקטיאָרן האָבן דעם אַקט אויסגעשטעלט אמתדיק באַגראַנדע. (אָפֿיציעל האָט עס געהייסן, אַז עמנואל רײַכער, אַ באַוווּסטער שפּילער פֿון דײַטשלאַנד, איז געווען דער רעזשיסער; בן עמי האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז דער דאָזיקער זייער היימיש־ייִדישער אַקט, ווי די גאַנצע פּיעסע, איז אויסגעשטעלט געוואָרן פֿון אים מיט זײַנע חבֿרים). דאָס שפּילן פֿון דער פּיעסע איז געווען געלעגן אין גאַנץ גוטע הענט. די פּיעסע איז געווען אַ שיינער ערפֿאָלג — מיט דעם טראָפּ אויפֿן שיינעם.

אין אַ יאָר אַרום, אונטער דער רעזשי פֿון באַוווּסטן טעאַטער־שפּילער און ייִדיש־פּוילישן רעזשיסער מאַרק אַרנשטיין, מיט די מייסטע פֿון די שוין פֿריער דערמאָנטע שפּילער, מיטן צוגאָב נאָך פֿון רודאָלף שילדקרויטן, בינאַ אַבראַמאָוויטשן און יוסף שענגאָלדן, האָבן די שניצערס אויך אויפֿגעפֿירט הירשביינס „אַ לעבן פֿאַר אַ לעבן". דער טיף־שווערער מיסטיציזם פֿון דער פּיעסע, ווי איך האָב אים שוין פֿריער באַשריבן, ווי אויך דאָס וואָס פֿון דער ערד און זון פֿון הירשביינס אַנדערע פּיעסן איז דאָ קוים אַ הויך געווען (אין דעם קורצן אויפֿטריט פֿון רב, וואָס קומט אַרײַן פֿון פֿעלד, פֿון

קלײַבן קרײַטעכער, וואָס דאָס איז אפשר דאָס איינציקע, וואָס ברענגט אַרײַן אַ שפּריץ דערפרישונג) נאָר מער נאָך, דאָס וואָס אַפילו די פּראָסט־פּשוטע פֿאָלקלעכקייט אין דער געשטאַלט פֿון אַ זקנה אַ מחותנעסטע, וואָס דערציילט אַ פּאָר פֿאָלקס־מעשׂהלעך, איז דאָ קנאַפּער און גרויער ווי אין הירשביינס אַנדערע שטיק — דאָס אַלץ האָט געווירקט, אַז די פּיעסע איז גאָר קײַן ערפֿאָלג ניט געווען. אפילו דער עולם, וואָס האָט מיט דער פּיעסע געוואָלט סימפּאַטיזירן — ווי איך האָב זיך איבערצײַגט פֿון שמועסן הינטער מײַנע פּלייצעס אין טעאַטער — איז געבליבן קאַלט.

אין צוויי יאָר אַרום האָט די מאַדאַם קאַליש, מיט די גערמאַנס און אייניקע אַנדערע שפּילער, אויפֿגעפֿירט הירשביינס „אַ קינד פֿון דער וועלט״. דאָס „קינד פֿון דער וועלט״ איז אַ זונה מיט, זאָל זײַן פֿאַרווירטע, אָבער מענטשלעכע געפֿילן, מיט אַ בענקשאַפֿט נאָך שענערס. דאָס שענערע זעט זי אין איינעם אַ מענטשן, וואָס שפּילט זיך מיט קינדער און מיט קינדערשע שפּילצײַג, און איז בכלל „אַ מענטש ניט פֿון דער וועלט״ אַ מין טאָלסטאָיאַנער, אַ מין עסטעטיש־פּעדאַגאָגישער הייליקער. גיכער פֿון אַלץ איז ער אַ סימבאָל עפּעס, אַ מין מיסטישע מאַסקע. די מאַדאַם קאַליש האָט שטאַרק געשפּילט, הגם אפשר ניט מיט איר גאַנצער אַמאָליקער קראַפֿט; ליוסע גערמאַן האָט געשאַפֿן אַ זיכערע פֿיגור פֿון אַ פּראָסט־פּשוטער זונה; מישאַ גערמאַן האָט, פֿונעם אומבאַשטימט־„סימבאָלישן״ מענטשן, ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, געשאַפֿן אַ צעבראָכן־אומבאַשטימט פֿיגורל. פֿאַרשטייט זיך, אַז די פּיעסע האָט אַ קנאַפּן ערפֿאָלג געהאַט.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט מאָריס שוואַרץ נאָך געשפּילט הירשביינס אַ פּיעסע „שדים ווייסן וואָס״. געזען האָב איך די זאַך ניט; געלייענט האָב איך זי (אין דער „צוקונפֿט״) כ׳שעם זיך אָבער ניט צו זאָגן, אַז איך האָב דעם סימבאָליזם, ד״ה די גאַנצע פּיעסע, ניט פֿיל פֿאַרשטאַנען. געוויס האָט די פּיעסע געהאַט קורצע יאָר. הירשביינס סאַמע שפּעטסטע לײַסטונג דעם ייִדישן טעאַטער, אַן ערך פֿאַר פֿינף יאָרן, אין צווייטע עווענין טעאַטער, איז געווען אַ ליברעטאָ צו אַ מוזיקאַלישע פּיעסע — אַן אויס־

ברייטונג פֿון זײַן אַמאָליקן איין־אַקטער „אליהו הנבֿיא". דער פּרווו ווערט אפֿשר קענען דינען אַלס אָנשטויס פֿאַר אַזעלכע, וואָס וועלן אפֿשר אין דער צוקונפֿט, טראַכטן מכּוח אַרײַנגעבן דער אָפּערעטע נײַ, ייִדיש בלוט.

זײַנען מיר, הייסט עס, דורכגעגאַנגען דאָס גאַנצע פֿעלד הירש־ביין אין אונדזער טעאַטער לאַנד, באַקוקנדיק הירשביינס לײַס־טונגען אין משך פֿון וואָסערע פֿינף־און־דרײַסיק יאָר, סײַ אין די דראַמאַטישע קלובן און סײַ אויף דער אַזוי־גערופֿענער גרויסער בינע. מיר האָבן געזען, וואָס הירשביין בשעתו האָט צוגעטראָגן, דעם מהות, דעם מין, דעם שניט פֿון זײַנע פּיעסן און פּיעסעלעך. מיר האָבן אויך געזען, וואָס די אַלע בינע־שאַפֿונגען האָבן באַטײַט אויפֿן אָרט און אין דער צײַט, ווען זיי זײַנען געשפּילט געוואָרן און אין דעם אוממיטלבאַרן אַרום — ווי אַזוי זיי זײַנען געשפּילט געוואָרן און ווי אַזוי מען האָט זיי אויפֿגענומען.

עס בלײַבט מיר נאָר דורכפֿירן עפּעס, וואָס אויף אַ ווירקלעך עקסיסטירנדיקער בינע, אויף אַ בינע וואָס פֿונקציאָנירט נאָרמאַל, וואָלט עס געווען אַ גרינגע זאַך, אָבער מחמת דעם וויר־וואַר אויף אונדזער בינע, מחמת דעם וואָס אַלץ איז דאָרט אויסגעקערט מיטן וואָרצל איז עס שווער ווי די אָקטערשטע בערוועגע און דאַרף אָנווײַזן דעם המשך פֿון הירשביינען, דאָס בלײַבנדיקע פֿון אים אויף אונדזער בינע, דאָס פֿון זײַן שאַפֿן, וואָס צאַפּלט נאָך איצט און קען אויך געדייען אין דער צוקונפֿט.

ווי אַזוי אָבער ווײַזט מען עס אויף אַ בינע, וואָס זייער אָפּט קוקט זי אויס ניט מער ווי אַ סקעלעט, ווו אַחוץ דעם קנאָכן, איז אַלץ לעבעדיקע פֿאַרטריקנט געוואָרן און אָוועקגעפֿאַלן? ווי אַזוי ווײַזט מען דאָס בלײַבנדיקע פֿון הירשביינען אויף אַ בינע, וואָס איז אַזוי אויסגעליידיקט, אַז עס דאַכט זיך, אַז קיין זאַך איז אויף איר ניט געבליבן?

בלײַבט נאָר, בײַ די אומשטענדן זיך גראָבן אונטער די חורבֿות, נישטערן צווישן די צויטן און זען אַריבערוואָרפֿן אַ בריק, אַ פּראָ־וויזאָרישן בריק, איבער דעם ברוך, פֿאַרוואָרפֿן אַ פֿאַסטריגע אַרי־בער די צויטן און זען אָנהעפֿטן דאָס געוועזענע מיט דעם וואָס

טליעט אונטערן אַש אפֿשר נאָך איצט און דאָס אַלץ פֿאַרבינדן מיט דעם, וואָס ביַי בעסרע אומשטאַנדן, וואָלט געקענט זיַין, און, ווען דאָס געגאַרטע, דאָס ניסימדיקע זאָל אַ מאָל געשען, ווערט טאַקע זיַין, שפּעטער.

הירשביינס ביַיטראָג אויף דער יידישער בינע דאַרף אַחוץ דער ברייטער צעטיילונג אויף די דראַמאַטישע קלובן און דער גרויסער בינע, נאָך איַינגעטיילט ווערן, לפּי דער פֿריערדיקער צעגלידערונג, אויף דריַי פֿאַזן: אויף דאָס אולטראַ — אָדער עקסטרעם אָדער ריין מיסטישע ווי אין דעם פּערטן אַקט פֿון דער „פּוסטע קרעטש־מע״, ווו דער אויבערגלויבן אין שדים ווערט ערנסט געפּרעסט, און אין דער גאַנצער פּיעסע „אַ לעבן פֿאַר אַ לעבן״, וואָס איז פֿאַר־טרונקען אינעם באַוווסטזיַין, אַז דער נדר, דאָס אַרויסגערעדטע וואָרט איז אַ כּוח, וואָס ווירקט זעלבשטענדיק אין לעבן, ניט שוואַכער פֿון דער מאַטעריעלער קראַפֿט; אויף דאָס פּאָעטיש־מיסטישע, ווו די ביידע ווערן צונויפֿגעמישט, אַזוי אַז דאָס שווער־טראַכטנדיקע ווערט אויפֿגעהייבן אויף די פֿליגלען פֿון וועלט־וווּנדער און בענקשאַפֿט און פֿון דאָס איידל־דערהייבנדיקע און פֿאַרגיַיסטערנדיקע, ווי מיר זעען עס, פֿון איין זיַיט, אין אַזאַ זאַך ווי „איינזאַמע וועלטן״ און, פֿון דער צווייטער, אין אַזאַ ווי „גרינע פֿעלדער״; און, לסוף, אין דאָס, אמת דאָ און דאָרט מיסטיש באַשפּריינקלטע, אָבער, קודם כּל, ערדיש־פֿרישע, פּאָע־טיש־הומאָריסטישע, נאַיִוו־פֿאָלקסטימלעכע.

וועלכעס פֿון די דריַי האָט וואָרצלען געשלאָגן, אַזוי אַז מען וואָלט געקענט זאָגן, אַז עס איז פֿאַר דעם באַשאַפֿן געוואָרן אַ דיס־פּאָזיציע, אַ באַגער דאָס דאָזיקע וויַיטער ממשיך צו זיַין?

ס׳איז קלאָר פֿונעם אופֿן ווי אַזוי „אַ לעבן פֿאַר אַ לעבן״ אָדער דער פֿערטער אַקט פֿון דער „פּוסטע קרעטשמע״, איז אויפֿ־גענומען געוואָרן, אַז דאָס ערשטע, דאָס אולטראַ־מיסטישע האָט ניט נאָר אין טעאַטער קיין וואָרצלען ניט געשלאָגן, עס האָט זיך צו אים איבערהויפּט ניט צוגעקלעפּט.

ס׳איז אויך קלאָר דער טעם דערפֿון: ריינע מיסטיק, סתּם שווערער אָדער אפֿילו שווערלעכער גלויבן, ניט באַפֿליגלט פֿון

פּאָעזיע, ניט פֿאַרלײַכטערט מיטן הייוון פֿון לעבנס־בענקשאַפֿט, רעדט ניט צום האַרץ, פֿאַנגט נישט די פֿאַרשטעלונג, רופֿט קיין דראַמאַטישע אילוזיע נישט אַרויס. (כאָטש ס׳איז געווען „אין אַ לעבן פֿאַר אַ לעבן״ אַ שטראָמעלע פּאָעזיע אינעם רבס אויפֿטריט, איז עס אָבער געווען בלויז אַ קורצער מאָמענט, וואָס איז באַלד פֿאַרטרונקען געוואָרן אונטער די שווערע מחשבֿות און די בילדלעך און ממילא פּסיכאָלאָגיש ניט־דערקלערלעכע גרוילהאַפֿטע טראַכטענישן פֿון די מענטשן אין דער דראַמע). פֿון דער צווייטער זײַט, אויב די „פּוסטע קרעטשמע״ האָט אַ דערפֿאָלג געהאַט, איז איר צויבער תּיכּף לאָקאַליזירט, באַשרענקט געוואָרן אויפֿן צווייטן, סצעניש גרויסאַרטיקן און גרויסאַרטיק אויסגעשטעלטן אַקט.

אַ ראיה לדבֿר קען מען אפֿשר אויך זען אין דעם „תּקיעת כּף״, וואָס אייגנטלעך געהערט די פּיעסע אין איין קאַטעגאָריע מיט „אַ לעבן פֿאַר אַ לעבן״. כאָטש זי האָט אַ גרויסן ערפֿאָלג געהאַט בײַם פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב, האָט זי אָבער די גרויסע בינע ניט איבערגענומען. נאָך מער, איך דערמאָן זיך טאַקע, אַז איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין אַ גרויסן טעאַטער, האָט דער קלוב זי געשפּילט פֿאַר אַ טעאַטער עולם אָבער נישט נאָר האָט זי קײַן רושם ניט געמאַכט, זי איז אפֿילו שלעכט אויפֿגענומען געוואָרן.

און דאָס הייסט, אַז אויך דער „תּקיעת כּף״ האָט קײַן וועלכע ס׳איז וואָרצלען איבערגעלאָזט. וואָרים, נישט געקוקט, וואָס אַנ־סקיס „דיבוק״ איז אויך געבויט אויף אַ געבראָכענעם תּקיעת כּף און האָט פֿיל אַנדערע סוזשעט־ענלעכקייטן מיט הירשביינס פּיעסע, איז זי אָבער ניט קיין מיסטישע פּיעסע נאָר אַ האַרט־רעאַליסטישע אויף אַ מיסטישער טעמע. און דאָס אינאיינעם מיט איר שטאַרק דראַמאַטישן איינשטעל, לכל הפּחות, אין מאָריס שוואַרצס אויפֿפֿירונג, איז געווען איר קראַפֿט און ערפֿאָלג.

אַ ביסל אַנדערש, דאַכט מיר, איז עס מיט הירשביינס צווייטן סאָרט פּיעסן די פּאָעטיש־מיסטישע. שוין די אויפֿנאַמע אין פּראָגרעסיוו־דראַמאַטישן קלוב, פֿון די „איינזאַמע וועלטן״, איז, בײַ פֿײַנערע צוקוקער, אַ וואַרימערע געווען איידער „דער תּקיעת כּף״. עפּעס האָט מען זיך, זעענדיק דעם איינאַקטער, געקענט

אַוועקלאָזן אין דער וועלט פֿון פֿאַנטאַזיע, עפּעס האָט מען דער־פּילט אַ טיפֿערן מיט־שמערץ, אפֿשר אויך אַ משוגענע מיט־פֿרייד, מיט דער וועלט. אין 1910, בײַם הירשביין קבלת פּנים, האָט אַ טויזנט־קעפּיקער עולם דעם שמערץ מיטגעפֿילט. וואָס איז שײַך די „גרינע פֿעלדער", האָט די בן עמישע אויפֿפֿירונג אַ טיפֿן און אַ שיינעם רושם געמאַכט. זי איז אויך שפּעטער פֿיל מאָל איבער־געחזרט געוואָרן. שוין דאָס, וואָס ס'איז משמעות, געווען אַ באַ־דערפֿעניש, זי אין אַ „מוווי" „אײַנצומאַרינירן", כאָטש אין דעם דאָ־זיקן פּראָצעס זײַנען אירע פּאָעטיש־מיסטישע פֿליגלען אונטער־געהאַקט געוואָרן ,ווײַזט אויף דער דיספּאָזיציע, אויף דעם באַגער, וואָס זי האָט הינטער זיך איבערגעלאָזט.

ערגעץ־ווו, גלויב איך, האָבן יענע הירשביינישע פּיעסן וואָרצ־לען טאַקע איבערגעלאָזט. אפֿשר האָט טאַקע דימאָוס ,אַ, וועלט אין פֿלאַמען", ווו פֿאַקטן פֿון דער מלחמה און רעוואָלוציע זײַנען פֿאַראַלגעמיינט געוואָרן אין היסטאָריש־סימבאָלישע שטריכן און וואָס האָט אַ ריזיקן ערפֿאָלג געהאַט, פֿון יענע וואָרצלען עטוואָס יניקה געצויגן. אפֿשר, און טאַקע נאָך מער, זײַנען לייוויקס פּיעסן „שמאַטעס" און „שאָפּ", ווו עס האָט, כאָטש שוואַכלעך, פּאָעטיש־מיסטישער טאָן געקלונגען און וואָס זײַנען גוט אויפֿגע־נומען געוואָרן, געווען אַ ווידער־וואַקסונג פֿון יענע וואָרצלען. אפֿשר איז דער המשך אויך אויסגעדריקט געוואָרן דורך דעם, וואָס ווען די „הבימה" איז אַהער געקומען, האָבן אויך אַזוי פֿיל ייִדיש־לעזער און ייִדישע טעאַטערלעך אַרויסגעוויזן אַזאַ אינטערעס אין זייער העברעיִשן „גולם".

די דריטע פֿאַזע פֿון הירשביינס שאַפֿונג, זײַנע ערדיש־פֿרישע, פּאָעטיש־הומאָריסטישע נאַיִוו־פֿאָלקסטימלעכע פּיעסן האָט אַזאַ וואַ־רימע אויפֿנאַמע געהאַט, אַז אפֿילו אָן המשכים וואָלט גאָר קיין ספֿק ניט באַדאַרפֿט זײַן מכּוח דער גרייטקייט, דעם באַגער נאָך אַזעלכעס צו זען, וואָס זיי האָבן באַשאַפֿן. אָבער די המשכים זײַנען דאָך געווען. דאָס וואָס נאָך די קלוב־אויפֿפֿירונגען זײַנען געקומען די שוואַרצישע און, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט „דעם שמידס טעכטער" געשטעלט תּיכּף נאָכן „ווינקל" זײַנען גוטע המשכים געווען. אַ

המשך איז אָן ספֿק אויך געווען טאַקע די „גרינע פֿעלדער".

אוודאי וואָלטן נאָך אַזעלכע פּיעסן געקומען, ווען — ווען אַזעלכע פּיעסן וואָלטן זיך געלאָזט אימיטירן. אָבער דאָס קינדיש־פֿרישע „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל" לאָזט זיך אַזוי ווייניק נאָכמאַכן ווי מעטערלינקס „בלויער פֿויגל". וואָס איז שייך הירשביינען אַליין וואָלט ער העכסט וואַרשיינלעך אַזעלכעס ווײַטער געשריבן, ווען אין אונדזער טעאַטער וואָלטן אין יענער צײַט ניט אָנגעהויבן בלאָזן אַזעלכע האַמסון־ווינטן, וואָס זײַנען אַזוי ברענענדיק, שטיקנדיק פֿאַר אַ שטיל־תּמימותדיקן שאַפֿן.

* * *

ביז איצט האָב איך גערעדט וועגן איין סאָרט וואָרצלען — פּיעסן. אָבער יעדע נײַע ווענדונג אין טעאַטער פֿאַרפֿלאַנצט אויך אַ צווייטן סאָרט וואָרצלען — שפּילער. נײַע פּיעסן, פּיעסן פֿון אַ נײַעם מין, באַשאַפֿן אויך נײַע אַקטיאָרן. אַקטיאָרן געפֿינען זיך אין פּיעסן, דעקן זיך אויף פֿאַר זיך אַליין און פֿאַר אַנדערע. דורך גאָרדינס בעסערע פּיעסן איז אַרויסגעשוווּמען אַ גאַנצע פּלעיאַדע נײַע אַקטיאָרן, פֿיל אַלטע זײַנען אין זיי באַנײַט געוואָרן, אייניקע אַנדערע ווי מאָריס מאָשקאָוויטש און בערטאַ קאַליש זײַנען דורך זיי אַנטדעקט געוואָרן. ענלעכעס קען אויך געזאָגט ווערן וועגן קאָברינען: בינאַ אַבראַמאָוויטש, למשל, איז ערשט אין זײַן „פֿאַרלאָרענער גן־עדן" אַנטדעקט געוואָרן אַלס אַזאַ טייערע, האַרציקע ייִדישע מאַמע.

און אַזוי איז אויך געווען מיט הירשביינס דערמאָנטע פּיעסן. איך האָב שוין דערמאָנט די פֿרוי סאַלטשע שאָר. זי האָט אויך פֿריער געשפּילט און מען האָט איר ווייניק אויפֿמערקזאַמקייט געשענקט. אָבער אין „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל" האָט מען זי באַמערקט אַלס אַ פּשוט־תּמימותדיקע, עלעמענטיש־ערדישע פֿאָלקס־פֿרוי. און יענע איינפֿאַכע טענער האָבן זיך אין דער דאָזיקער פֿרוי, זײַט יעמאָלט, אַזוי ווי אָרגאַניש אײַנגעלעבט. נאָך איצט, אין אַ ביליקער מעלאָדראַמע טרעפֿט אַ מאָל, אַז זיצנדיק אין טעאַטער, זאָל איך פּלוצים פֿאַרווונדערט ווערן פֿון אַ היימיש־האַרציקן טאָן,

וואָס פֿאַרקלינגט אַזוי אומדערוואַרטעט אין דער אַרומיקער שונ־
דיקער סבֿיבֿה. ערשט ווען איך קוק זי אָן און דערקען די דאָ־
זיקע פּרוי, ווערט מיר קלאָר דאָס רעטעניש און פֿון וואַנען עס
קומט אַזוי אומגעריכטערהייט.

ענלעכעס קען געזאָגט ווערן אויך וועגן אַנדערע, טויטע און
נאָך מער לעבעדיקע, וואָס זײַנען דורך הירשביינס פּיעסן באַנײַט
און פֿאַרטיפֿט געוואָרן, און וואָס אָפּקלאַנגען פֿון יענער באַנײַונג
און פֿאַרטיפֿונג שאַלן פֿון זיי אַרויס, אפֿילו ווען זיי גייען שוין
אויף אַנדערע, דעמפּיקערע וועגן. איך וויל זיך אָבער נאָך אַ ביסל
גענויער אָפּשטעלן אויף בן עמין.

ער, בן עמי, האָט זיך, מיינאיך, ערשט רעכט געפֿונען אין
הירשביינס „גרינע פֿעלדער". דאָס האָט ער טאַקע אַ מין נײַע
שוישפּילערײַ — בײַ אונדז יעדנפֿאַלס נײַ — דערפֿונדן. אַלטע
טעאַטראַלן וועלן דעם חידוש אפֿשר גרינגער אײַנזען, פֿאַרגלייכנדיק
בן עמיס שפּילן אין ליבינס „דער מאַן און זײַן שאָטן" און אפֿילו
אין פּינסקיס „קרומע וועגן פֿון ליבע" מיט זײַן קונסט אין די
„גרינע פֿעלדער", וואָס איז געקומען בלויז אין עטלעכע חדשים
אַרום, אין זעלביקן טעאַטער.

שפּילנדיק לוי יצחקן, דעם צדיק, דעם עילוי, דעם הימל־
מענטשן, דעם מענטשן פֿון הוילע רחניות. האָט בן עמי אײַנגעזען,
אַז אים דאַרף מען גאָר אַנדערש פֿאָרשטעלן, אַרויסברענגען. מען
דאַרף אים פֿאַרשפּיצן, דין מאַכן, מאַכן אים אין דער הויך, צום
הימל שטרעבנדיק. און ער האָט געשאַפֿן אַזאַ מין שפּילן, וואָס
ווען ס׳וואָלט ניט געקומען פֿון אַ ייִדן, פֿון אַ ייִדיש־פֿרומען פֿאַרשוין,
וואָלט איך געזאָגט, אַז עס איז גאָטיש, געבאָרגט פֿון דער אַרכי־
טעקטור פֿון מיטלאַלטערלעכע קאַטעדראַלן, ווו יעדע ליניע, יעדער
שטריך, פֿון וואַנט און זײַל, ביז צום שפּיץ צלם, שטרעבט אַרויף,
אַרויף צום הימל. איז, לאָמיך בעסער נעמען אַן אַנדער בילד
און עס אָנרופֿן אַ מין פֿיליגרין אַרבעט, אַ מין אויסגעשמידט,
אויסגעקלאַפּט פֿעדים — ווערק פֿון זילבער אָדער גאָלד, ווי עס
קלאַפּן אויס אונדזערע תּימנישע גאָלדשמידן פֿײַן הדסן אָדער חנוכּה־
לעמפּלעך.

עס איז געווען אַ דינקייט, אַ פֿײַנקייט, אַן איידלקייט, אַ גײַסטיקייט, וואָס ניט נאָר האָט זי זיך אָנגעזען אין דעם שפּילערס דין געמאַכטער פיגור, אין די מינעס פֿון דעם קינסטלעריש־פֿאַר־לענגערטן פּנים, אין די תּנועות פֿון די ווײַס־פֿאַראיידלטע הענט, אין די פֿײַן־ריידעוודיקע, פֿאַרשמעלטע פינגער — ניט נאָר דאָ, נאָר זי איז אויך שאַרף דורכגעדרונגען דורך זײַן שטימע, זײַן גאַנץ אַרט ריידן, זײַן גאַנצער האַלטונג און באַנעמונג.

און די דאָזיקע נײַע קונסט־מאַניר האָלט בן עמי אָן די גאַנצע צײַט ביז איצט, פֿון דאָס נײַ אָנטוענדיק זי יעדעס מאָל, ווען זי קען זײַן אין איינקלאַנג מיט דער פּאַרשוין ייִאָס ער שפּילט. ניט נאָר האָט ער אין דער סקאַנדינאַווישער „שמשון און דלילה", וואָס איז געקומען אין גיכן נאָך די „גרינע פֿעלדער", די דאָזיקע מאַניר אָפּגעהיט און נאָך פֿאַרטיפֿט, אויף דער ייִדישער און אויף דער ענגלישער בינע, ווו זי האָט אים אַזוי באַרימט געמאַכט, נאָר טענער פֿון איר האָבן אויך געקלונגען אין דעם קאַטוילישן פּריסטער, וואָס ער האָט אַרום יענער צײַט געשפּילט אין שוואַרצס אויפֿפֿירונג פֿון שניצלערס „פּראָפֿעסאָר בערנאַרד", און אין מירקינען אין שוואַרצעס דראַמאַטיזאַציע פֿון אַשעס „דרײַ שטעט", פֿאַר צוויי און אַ האַלב יאָרן און אינעם ריכטער אין לייוויקס „ווער איז ווער?" פֿאַר אַנדערטהאַלבן יאָרן. און דאָס איז אַ וואָרצל, וואָס שפּראָצט פֿון הירשביינס „גרינע פֿעלדער".

* * *

זאָגט מען, אַז הירשביין ווערט שוין זעכציק יאָר אַלט. עס איז אַזוי שווער צו גלויבן. דאַכט זיך אָט ערשט האָט מיך דער פֿאַר־שטאָרבענער א. ש. זאַקס מיט אים באַקענט אין שלומס קאַפֿע — מיט יענעם יונגן בחור. עס איז שווער צו גלויבן, אַז דער מענטש הירשביין, וואָס איז, דאַכט זיך, קיין מאָל ניט יונג געווען, זאָל גאָר קענען אַלט ווערן.

איז הירשביינס ראָל פֿאַר אונדזער בינע שוין פֿאַרענדיקט?

אונדזער בינע נויטיקט זיך אין אַ דראַמאַטישן גיגאַנטישן צויבערער, וואָס זאָל זי פֿון איר שפֿלות אַרויסהייבן, ווידער־

באַשאַפֿן. פֿיל ניסים זײַנען געשען אין אונדזער פּאָליטיש־קולטורעלער געשיכטע. ווער אַפֿשר פֿון אונדזער פֿאָלקס טיפֿן פֿאָלקלעך־לעבנס־ווילנדיקן מהות ווידער אַ מאָל אַזאַ נס אַרויפֿשטײַגן.

קען הירשביין יענער צויבערער זײַן ?

איך האָב הירשביינען אימער געהאַלטן פֿאַר מער ליריקער איידער דראַמאַטיקער. פּאָעטישן חן, פֿאָלקסטימלעכע ערדישקייט, פֿרישקייט און נאָכדענקלעכקייט פֿאַרמאָגט ער אַ סך, דראַמאַטיש־טעאַטער־בלוט, דאָס בלוט וואָס טרינקט אָן פֿיגורן און פֿאַרבולט זיי, וואָס גליט אויס צוזאַמענשטויסן און סיטואַציעס — ניט פֿיל.

דער נס, אויף וועלכן אונדזער טעאַטער וואַרט — אויב ס׳איז פֿאַראַן אַזאַ מין וואַרטן אין אַט אַזאַ גרויס־כאַאָטישן דומם — יענער נס קען, קודם כּל, קומען דורך אַ פֿולבלוטיקן מענטשן־באַשעפֿער, דורך אַ לײַדנשאַפֿטלעכן קאַמף־און־שטרײַט צינדער.

מיט דעם אַליין וועט מען דאָך אַ קומענדיק ייִדיש־טעאַטער אויספֿילן ניט קענען. וואָרצלען פֿון דער שטימונג־דראַמע, פֿון פּאָעטיש־סימבאָלישן שפּיל, פֿון דער פֿרישער פֿאָלקלעכער אידיליע זײַנען געבליבן און זיי שפּראָצן און זיי וועלן פֿאָדערן דאָס זייעריקע.

ווען דער נס זאָל געשען און דער נײַער טעאַטער־בנין וועט געשטעלט ווערן, איז אויב הירשביין וועט ניט זײַן די אַרקע פֿון בנין, אָבער אַ זײַל אין בנין וועט ער זײַן.

## מאָריס שוואַרץ

# דיכטער — דראַמאַטורג

דוד קעסלער איז בלי־ספק געווען אַ זעלטענער דראַמאַטישער טאַלאַנט, אַ רויער דעמבּ, פון וועלכן מע וואָלט געקאָנט אויס־הובליעווען די שענסטע ברעטער, און ער האָט פאַרמאָגט אַ זעל־טענעם חוש צו דערפילן דעם אמת אין דער טעאַטער־קונסט; קיינער האָט אים ניט געקאָנט אָפּנאַרן — נישט קיין אַקטיאָר און אַפילו נישט קיין דראַמאַטורג. געדענק איך די מיינונג, וואָס ער האָט זיך געשאַפן ווען ער האָט צום ערשטן מאָל באַגעגנט אונדזער פּרץ הירשביין. די מיינונג האָט קעסלער אויסגעדריקט אין דעם כאַראַקטעריסטישן שמועס, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן אים און מיר נאָך דער פאָרשטעלונג, ווען הירשביין האָט פאַרלאָזט דעם טעאַטער. (ס'איז געווען דער ערשטער באַזוך הירשביינס אין דעם קעסלער טעאַטער אויף דער צווייטער עוועניו.)

איך געדענק נישט גענוי וואָס פאַר אַ פּיעסע מיר האָבן געשפּילט, מיר דוכט, אַז ס'איז געווען ליבינס אַ מעלאָדראַמע.

אין טעאַטער האָבן זיך געפונען העכסטנס אַ צוויי־דריי אַק־טיאָרן פאַר וועלכע הירשביין האָט געהאַט אַ באַדייטונג — די איבעריקע האָבן אָדער פון אים נישט געהערט אָדער נישט געוואָלט הערן פון אים — ווייל הירשביין איז נאָך געווען — ווי זיי האָבן אים גערופן אַ פּאָליצע דראַמאַטורג, אַ שרייבער וועלכער ליגט בשלום אויף דער פּאָליצע.

— איך אַליין בין נאָך אויך ערשט נאָר וואָס אַרויסגעקראָכן פון די פּעדערן. ס'איז געווען די צייט ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן גריבלען אין איבסענס און ביערענסאָנס ווערק — אויך האָב איך מיט התמדה געלייענט שעקספּיר, מאָליער און די רוסישע דראַמאַ־טורגן טשעכאָוו און אָסטראָווסקי. פון אונדזערע ייִדישע — האָבן

גאָרדין, קאָברין, ליבין געהאַט אויף מיר אַ השפעה — פּינסקיס, יאַנקעל דער שמיד איז דאַן געווען אַ גרויסער דערפֿאָלג מיט קעס־לערן אין דער טיטול־ראָלע, און איך האָב זיך פֿאַרליבט אין דער פּשטות מיט וועלכער די דראַמע איז אַנגעהויכט.

דער אמת איז אַז אַ פּיעסע האָט אויף מיר געווירקט אַ סך מער ווען איך האָב זי געזען אויף דער בינע. איך האָב נאָך צו יענער צײַט נישט פֿאַרמאָגט אָט יענע פֿאָרשטעלונגס־קראַפֿט צו זען די העלדן לעבן אין בוך ווי אויף דער בינע, איבערהויפּט בין איך צע־טומלט געוואָרן בײַ די פּיעסן וועלכע האָבן פֿאַרמאָגט אַ סך רעזשי־סאָרישע באַמערקונגען — ווי מ׳דאַרף גיין, שטיין — עפֿענען פֿענ־צטער, פֿאַרמאַכן טירן, אַפֿילו איצט האָב איך נישט גערן צו לייענען פּיעסן מיט מער רעזשיסאָרישע אָנמערקונגען ווי אינ־האַלט . . .

ווען איך האָב געלייענט הירשביינס פּיעסן, בין איך פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דעם מענטשלעכן אמת פֿון זײַנע העלדן. מ׳האָט נישט געדאַרפֿט לייענען, ס׳האָט זיך אַליין געלייענט. — אויך איז מיר געפֿעלן געוואָרן וואָס ער ווײַזט נישט אָן וואָס די כאַראַקטערן זאָלן טאָן אויף דער בינע. ער לאָזט אַלץ איבער דעם רעזשיסאָרס פֿאַנ־טאַזיע.

איך האָב הירשביינען געקענט בלויז פֿון די בילדער זײַנע. פּערזענלעך האָב איך אים באַגעגענט בײַ זײַן ערשטן וויזיט צו קעסלערן.

ער האָט אויף מיר געמאַכט אַ זעלטענעם אײַנדרוק, ער איז געזעסן אין דער ערשטער לאָזשע און זיך צוגעקוקט צו אונדזער מעלאָדראַמאַטישן אופֿן שפּילן לויט קעסלערס רעזשי — וואָס האָט געמיינט אַ טישל אויף דער זײַט — אַ קאַנאַפּע בײַם פֿענצטער, אַ רויטער טעפּיך אויף דער פּאָדלאָגע — און נישט קענען די ראָלן. אַזוי ווי קעסלער האָט אַליין נישט געקענט זײַנע ראָלן, האָט ער זיך ממש מחיה געווען, ווען דער גאַנצער אַנסאַמבל האָט געבולבעט. נאָר ווען ער האָט דערהערט, אַז הירשביין קומט אין טעאַטער, האָט ער אַלעמען געלאָזט וויסן, אַז מ׳זאָל הײַנט עפֿענען די פּיסקעס, נישט ריידן אין די אַרבל אַרײַן. ער האָט אויך באַפֿוילן דעם סופֿ־



הירשביין בײַ זיך אין שטוב.
ניו־יאָרק, 1938

לער צו האַלטן דעם טעקסט אין דער סופֿלער־בודקע, נישט אויף דער בינע, ווו דער עולם זעט, ווי ער אַרבעט מעשׂים און שרייַט אויפֿן קול.

נאָכן צווייטן אַקט איז הירשביין באַגריסט געוואָרן פֿון קעסלערן, וועלכער פֿלעגט ניצן אין זייַנע רעדעס מער ענגליש ווי ייִדיש. איך געדענק קלאָר וואָס ער האָט געזאָגט:

„ליידיס און דזשענטעלמען, ווערטעס און האָכגעשעצטעס פּובליקום. מיר האָבן הייַנט אין טעאַטער אַ גרויסן גאַסט, דעם פּעימאָס . . . (באַרימטן) דראַמאַטורג פּרץ הירשביין. ער איז אַ גאַסט אין אַמעריקע. טאָ לאָמיר אים גיבן אַ וועלקאָם . . . (אַפּלאָוז). הירשביין איז נאָך אַ גאַנץ יונגער . . . יונגערמאַן. לויט זייַן אויסזען און זייַן גרויסן קאָפּ האָר זעט ער אויס ווי שעקספּיר. נאָר צו ער קען אַזוי גוט שרייַבן ווי שעקספּיר, קען איך אייַך נישט זאָגן ביקאָז . . . (ווייַל) איך האָב אים נישט געלייענט. איך וועל זיך ערשט איצט באַקענען מיט זייַנע פּיעסן, וועלכע ער וועט אונדז אָנטאָן דעם פּלעזשור (דעם פֿאַרגעניגן) צו לייענען אַזוי גיך ווי ס׳וועט נאָר זייַן פּאָסעבל (מיגלעך)״.

דער בענעפֿיט־עולם, וואָס איז דאָן באַשטאַנען פֿון געמישטער סחורה — שוחטים, גראָסערילייַט, קענדי סטאָרקיפּערס, און גלאַט ייִדן, וועלכע גייען אין טעאַטער, ווייַל ס׳איז פּרייַטיק, האָבן זיך ווייניק וואָס צוגעהערט צו קעסלערס ספּיטש! . . . זיי זייַנען געווען מער פֿאַרנומען מיט דעם כאַרטשע, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט אין טעאַטער, אָדער מיט די פֿלעשלעך סאָדע, וועלכע זיי האָבן געגאָסן אין זיך צוליב דער שטיקעדיקער היץ אין טעאַטער. נאָר ווען הירשביין האָט זיך גענויגט פֿון דער לאָזשע, האָבן זיי גענומען אַפּלאָדירן, ווייַל אַ סך ייִדן האָבן די טבע צו אַפּלאָדירן יעדער איינעם, וואָס שטעלט זיך אויף, איבערהויפּט אין אַ לאָזשע...

פּרץ הירשביין איז אַרויפֿגעקומען אויף דער בינע אין דער באַגלייטונג פֿון צוויי פֿרויען. געוואָרט האָבן אויף אים בלויז אַ פּאָר אַקטיאָרן, סעמועל שניאור (ע״ה), מאַדאַם נאַדאַלסקי און איך. קעסלער איז געווען צו שטאָלץ צו וואַרטן אויף אַ דראַמאַטורג. ער האָט געוואַרט אויפֿן גאַסט אין זייַן רחבותדיקן גאַרדעראָב צימער.

— האָו דו יו דו, מ״ר הירשביין, האָט אים קעסלער אויסגע־שטרעקט זײַן ברייטע אײַזערנע לאַפּע — וועלקאָם טו אַמעריקאַ... האו דו יו פיל? — בײַם לעצטן וואָרט האָט אים הירשביין פאַר־שטאַנען און געענטפערט: „דערווײַל פיל איך נאָך גאַנץ נשקשה!

לאַנג האָט דער שמועס נישט געקענט אָנהאַלטן, ווײַלביידע האָבן נישט געהאַט וואָס צו זאָגן איינער דעם אַנדערן — קעסלער האָט געבעבעט אַ שלעכטן ענגליש, און הירשביין האָט, ווײַזט אויס, נישט געקענט וואַרפן קיין אומזיסטע קאָמפּלימענטן דער האַלב־נאַרישער מעלאָדראַמע און דעם צוטומלטן אַנסאַמבל־שפּיל פון דער טרופּע. איך געדענק נאָר, ווי אויפמערקזאַם הירשביין האָט גע־קוקט אויף די ווענט פון גאַרדעראָב צימער — זיי זיינען געווען באַדעקט מיט אַזאַ געדרוקט פּאַפּיר, וואָס איז באמת געווען צו באַ־וווּנדערן, ווײַל ס׳האָט אויסגעקוקט ווי קינסטלערישע האָלץ־שני־צונג. אַ פײַנער גאַרדעראָב צימער . . . דאָס איז געווען דער איינ־ציקער קאָמפּלימענט פון הירשביינען.

נאָך דער פאָרשטעלונג האָב איך געפרעגט קעסלערן, צי האָט ער געלייענט הירשביינס פּיעסן? און צי וואָלט נישט געווען יושרדיק אויפצופירן הירשביינס אַ פּיעסע לכבוד זײַן קומען קיין אַמעריקע.

— איך שפּיל נאָר פּיעסן פון דראַמאַטורגען, נישט פון פּאָעטן, האָט קעסלער געענטפערט, אָפּווישנדיק דעם פאַרב פון זײַן פּנים. הירשביין זעט אויס ווי אַ פּאָעט, און איך גלויב נישט צי מיט אַזאַ אויסזען קען מען אָנשרײַבן אַ גוטע פּיעסע.

— וואָס האָט אויסזען צו טאָן מיט שרײַבן?—האָב איך אים גע־ענטפערט אַ ביסל סאַרקאַסטיש. מוז דען אַ דראַמאַטורג אויסזען ווי אַ איטאַליענער וואָס אַרבעט אין די סאָבווייס?

אַ דראַמאַטורג וואָס האָט אין זינען צו פּוצן זײַנע האָר און טראָגן אַזאַ געשלענגלטן קראַוואַט — מיט אַ געהאַקטן פרינץ אַל־בערט, איז פרעמד פון דעם לעבן פון אײַנפאַכן מענטשן פון דער גאַס אָדער אָרעמער שטוב — אַזאַ דראַמאַטורג איז אַ זינג־פייגעלע, און קען נישט שרײַבן פאַרן טעאַטער. אין טעאַטער מוז זיך גיסן בלוט . . . האָט קעסלער אַ זעץ געטאָן אין טיש פאַר זײַן שפּיגל —

הירשביין איז גוט פֿאַר טאָמאַשעפֿסקין וואָס טראָגט אַ צילינדער אין ראָיאַל קאַפֿע, נישט פֿאַר מיר. אָבער שעקספּיר, געטע בעטהאָווען, רובינשטיין און אַנדערע קינסטלער האָבן אויך נישט אויסגעזען ווי געוויינלעכע פּשוטע מענטשן אין גאַס, מיינט עס, אַז זיי האָבן נישט געקענט באַרײַכערן די וועלט מיט זייערע שאַפֿונגען ?

— יו אַר טאָקינג נאָנסענס, האָט קעסלער אַ לאַך געטאָן פֿאַררויכערנדיק אַ גראָבן ציגאַר, — יענע זײַנען שוין טויט און הירשביין לעבט אין אונדזער צײַט, ווען מען עסט אין רומענישע רעסטאָראַנטס און יידן קנאַקן פּינאַטס אין טעאַטער. — ער האָט פֿאַררוקט זײַן דערבי הוט אין אַ זײַט, געכאַפּט אַ לעצטן קוק אין שפּיגל און מיר דערלאַנגט אַ קלאַפּ אין פּלייצע :

— „שוואַרצי ! . . . אַזוי האָט ער מיך גערופֿן, יו אַר סטיל ע בעגינער” — (ביסט נאָך אַן אָנהויבער) ליוו די דרעמעטיסטס טו מי — גוד נײַט.

ער איז אַרויס פֿון צימער. — איך האָב זיך איבערגעקוקט מיט זײַן מענטשן וואָס טוט אים אָן — בעני שפּידער, — אַ אינטעליגענטער בחור דווקא. ער האָט געשמייכלט ווי איינער זאָגט : — „קענסט נישט קעסלערן ?”

אויף מאָרגן צו דער מאַטינע פֿאָרשטעלונג, האָב איך געבראַכט אַ בוך פֿון דזשיימס האַטשינסאָן — אַן ענגלישער קריטיקער, וועלכער שרײַבט, אַז דער דראַמאַטורג וואָס איז אין זײַן נשמה נישט קיין דיכטער, קען זיך קיין מאָל נישט דערהויבן ביז צו אַ ווערק פֿון קינסטלערישן ווערט. האַטשינסאָן ווײַזט אָן, אַז דער דיכטער אין שעקספּירן איז ווערטפֿולער ווי דער דראַמאַטורג.

איך האָב קעסלערן געזוכט צו באַווײַזן דעם אונטערשיד צווישן טשעכאָוו, דעם דיכטער דראַמאַטורג, און אָסטראָווסקי, דעם הונדערט פּראָצענטיקן בינע־טעכניקער. טשעכאָווס ווערק וועלן לעבן אַפֿילו ווען די טעמעס וועלן שוין זײַן אָפּגעלעבט צוליב צײַט ענדערונג און אָסטראָווסקיס ווערק וועלן נאָר דערמאָנט ווערן אין דער געשיכטע פֿון טעאַטער.

איך האָב אים אויך געבראַכט דעם בײַשפּיל צווישן גאָלד־

פֿאַדן און גאָרדין. — גאָלדפֿאַדן איז מיט טויזנט קעפּ גרעסער און ווערטפֿולער פֿאַרן ייִדישן טעאַטער, ווײַל ער האָט פֿאַרמאָגט אַ פּאָעטישע נשמה, אין דער צײַט, ווען גאָרדין בלײַבט אַלס געניטער פּעיִקער דראַמאַטורג — מיט אַן אייגנאַרטיקער טעכניק, וועלכע ווירקט צײַטווײַליק. לאַנג וועט גאָרדין נישט לעבן אויף דער ייִדישער בינע. דער עולם וועט אים איבערלעבן, ס׳הייסט, איבערוואַקסן, און אַך און ווי איז צו דעם דראַמאַטורג, וואָס צײַט און אַ ביסל מער קענטעניש וואַקסט אים איבער.

איך האָב זיך געבעטן בײַ קעסלערן כאָטש איינצולאַדן הירשביינען לייענען פֿאַר אונדז אַ פּיעסע. — ווי קומט איר אים פֿאַרשעמען? הירשביין איז דאָך אַ גרויסע ייִדישע פּערזענלעכקייט, שוין נישט רעדענדיק פֿון זײַנע טעאַטער־ווערק.

קעסלער איז געבליבן אײַנגעעקשנט און זיך געלאָזט נאָך דער מאַטינע אין אַקטיאָרן קלוב שפּילן אַ פּינאַקל . . .

איך האָב געקוקט אויף דעם גרויסן קעסלער און געטראַכט... נו, וואָס איך האָב דאַן געטראַכט, קען מען זיך לײַכט פֿאָרשטעלן. כ׳האָב געטראַכט, אַז אונדזער ייִדיש טעאַטער האַלט נאָך בײַם סאַמע אָנהייב, אַז מ׳דאַרף עפּעס טאָן. מ׳דאַרף אָרגאַניזירן די יונגנט פֿון טעאַטער, ס׳הייסט די בעסערע יונגע אַקטיאָרן, און זיך אַ נעם טאָן צו די בעסערע פּיעסן. מ׳טאָר נישט איבערלאָזן אויף קעסלערן און אַדלערן, וועלכע מאַכן גליקלעך די וועלט, ווײַל זיי שפּיגלען זיך אין גאָרדינען. דער אמת איז, אַז מיר איז נאָר געפֿעלן געוואָרן גאָרדינס טעכניק. דער דראַמאַטישער אינהאַלט איז כּמעט תּמיד גענומען געוואָרן פֿון פֿרעמדע פּיעסן, — רוסישע דײַטשישע אד״גל, אָבער די פּראָזע זײַנע איז געווען — בליץ־פּראָזע. ער האָט זיך געקליידט אין הויכע ווערטער, געוואָלט אַלע העלדן זײַנע מאַכן פֿאַר פֿילאָזאָפֿן.

איך האָב אָנגעהויבן צו לייענען הירשביינס פּיעסן: „יואל״, „די נבֿלה״, „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל״, „שמידס טעכטער״, „פּוסטע קרעטשמע״, און דערפֿילט די שיינקייט און עכטקייט פֿון דער נאַטור. מײַן גאַנצע יוגנט האָט פֿאַר מיר נײַ אויפֿגעלעבט. מײַן שטעטל אין אוקראַיִנע, מײַן מלמדס פֿאָטער, איז דער זיידע פֿון

„שמידס טעכטער‟. מײַנער אַן אַלטער פֿעטער איז ר׳ טודרוס אין „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל‟. אַלע פֿאַרשווינען האָבן זיך אָנגעקליידט אין בלוט און פֿלייש. איך האָב זיי דערזען לעבעדיקע פֿאַר מײַנע אויגן, ווען איך האָב שפּאַצירט אויף סעקאָנד עוועניו האָב איך געזען די הירשביין העלדן אין אַמעריקאַנער קליידער.

אַ בענקשאַפֿט האָט מיך אַרומגענומען, אַ פֿאַרלאַנג צו שפּילן הירשביינס פּיעסן ,און איך מוז דאָ אונטערשטרײַכן, אַז אַ דאַנק הירשביינס וויזיט צו קעסלערן אין טעאַטער, איז בײַ מיר געבוירן געוואָרן און געשטאַרקט געוואָרן דער געפֿיל, אַז איך מוז אַוועק פֿון דעם שונד־טעאַטער.

יואל ענטין האָט מיט יונגע אַמאַטאָרן אויפֿגעפֿירט הירשביינס פּיעסן אין פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב מיט גרויס דערפֿאָלג. איך האָב, צו מײַן באַדויערן, יענע פֿאָרשטעלונגען נישט געזען, צוליב מײַן זײַן פֿאַרנומען מיט שפּילן יעדער אָוונט. נאָר ווען איך האָב גענומען דעם אוירוווינג פּלייס טעאַטער, האָב איך פֿריער פֿאַר אַלע געלייענט מײַן שותּף מאַקס ווילנער „דעם שמידס טעכטער‟. איך האָב אים געלייענט די פּיעסע אין זײַן „קוני אײַלאַנד‟ היים. ער איז געזעסן אין זײַן באָד־אַנצוג און זיך געקוויקט מיט אַ ביף־סטעיק. נאָכן ערשטן אַקט האָט ער גענומען כראָפּען. אַזוי ווי ער האָט געהאַט די דעה צוליב די ממתּקים, וואָס ער האָט אויס־געלעגט אויף צו דינגען דעם אוירוווינג פּלייס טעאַטער, האָב איך געמוזט מאַכן אַ קאָמפּראָמיס און אָנהייבן מיט ליבינס, „דער מאַן און זײַן שאָטן‟, נישט מיט „דעם שמידס טעכטער‟.

אָבער אין עטלעכע וואָכן אַרום האָב איך אויפֿגעפֿירט הירש־ביינס אַ „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל‟. דער יונגער אַקטיאָר, יחיאל גאָלד־שמיט האָט אין דער פּיעסע שוין געשפּילט אַ מאָל, האָט ער מיך אײַנגערעדט, אַז „אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל‟ איז בעסער פֿאַר אַן ערשטער פּראָבע איידער „שמידס טעכטער‟.

דער דערפֿאָלג פֿון „ אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל‟ איז געוועזן אַזאַ גרויסער, אַז אַלע „שונד־מענעדזשערס‟ האָבן געהייסן זייערע שונד־דראַמאַטורגען שרײַבן ענלעכע פּיעסן. עדעלשטיין, דער מע־נעדזשער פֿון סעקאָנד עוועניו טעאַטער, האָט זיך געקראַצט אין

באַק, ווי זײַן שטייגער, און געטענהט אין ראַיאַל קאַפֿע: — גיי, ווייס, אַז אַזאַ דאַרער יונגערמאַן ווי דער פֿישביין . . . זאָל אָנ־שרײַבן אַזאַ סוקסעס. אפֿשר האָט ער נאָך אַזעלכע פּיעסן, אָבער מיט סאָנגס (לידער), בײַ מיר מוז מען אונטערזינגען״.

נאָך דעם דערפֿאָלג פֿון „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל״ האָב איך גע־שטעלט „דעם שמידס טעכטער״, און אויך די דאָזיקע פּראַכטפֿולע קאָמעדיע האָט געוווּנען די סימפּאַטיע און די אָנערקענונג פֿון עולם און קריטיקער. דער טעאַטער האָט גענומען בליִען, אַ פֿײַנער אַראָמאַט האָט זיך געטראָגן פֿון דער בינע צום עולם, די אַק־טיאָרן האָבן ממש אויפֿגעלעבט.

נאָך הירשביינען בין איך געגאַנגען צו שלום־עליכמען, און אַזוי האָט דער טעאַטער אַרויסגעבראַכט אַלע וויכטיקע שאַפֿונגען פֿון אונדזערע אייגענע און פֿרעמדע דראַמאַטורגן. אָבער הירשביין איז געווען דער, וואָס האָט געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿאַרן קונסט־טעאַטער.

פֿאַר מיר איז הירשביין תּמיד געווען און געבליבן דער דיכ־טער־דראַמאַטורג, און כאָטש זײַן כּוח ליגט אין מאָלן דעם פֿאַרצײַ־טיקן ייִשוב (זײַנע העלדן זײַנען קבצנים, מילנער, מוכר־ספֿרימני־קעס, מאַמעס, וועלכע צינדן אונטער דאָס האָלץ אין אויוון, מיידלעך, וועלכע וואַשן פֿאַדלאָגעס, און בחורים, וואָס גנבֿענען זיך איבער פּלויטן צו כאַפּן אַ קוש אָדער אַ שמועס מיט דער האָרץ־באַגערטער)זײַנען אַלע זײַנע פּערסאָנאַזשן אוניווערסאַלע. הירש־ביינס ווערק זײַנען נישט קיין צײַט־זאַכן: זיי וועלן אפֿשר פֿאַר־טוישט ווערן צײַטוויַליק, אָבער זיי וועלן לעבן און געשפּילט ווערן אין גאָר דער וועלט, וווּ ייִדישע אַקטיאָרן שטרעבן צו דעם גע־לײַטערטן וואָרט און צו נאַטירלעכע מענטשלעכע איבערלעבונגען אויף דער בינע.

דער הירשביין יובילײ יובילײ איז נישט זײַן יובילײ אַליין. עס איז דער יום־טובֿ סײַ פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, סײַ פֿון דעם ייִדישן טעאַטער. ס׳איז אַ בכבֿודיקע שותּפֿות. צו וועמען הירשביין גע־הערט מער—צו דער ליטעראַטור אָדער צו דעם טעאַטער,—וועגן דעם ענין וועט נאָך אַ סך טינט פֿאַרגאָסן ווערן. די טעאַטראַלן מיט די

ליטעראַטן וועלן נאָך האָבן אַ סך צו זאָגן און צו שרײַבן וועגן דעם. אָבער איצט, בײַ דעם גרויסן יום־טובֿ, לאָמיר זײַן אינאיינעם. די ליטעראַטור פֿאַרמאָגט אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין טעאַטער, און טעאַטער אָן ליטעראַרישן ווערט האָט קיין פּנים נישט. איבער ווײַטע ימים שיק איך מײַנע ברכות דעם טײַערן האַרציקן פּרץ הירשביין, דעם דיכטער־דראַמאַטורג. איך האָף, אַז באַגײַסטערט פֿון דעם גרויסן יום־טובֿ, וועט ער ווידער שאַפֿן טעאַטער־ווערק, וועלכע וועלן אונדז און אים ברענגען די טעאַטער־פֿרייד, וואָס מיר האָבן געהאַט אין די ערשטע יאָרן פֿון קונסט־טעאַטער.

בוענאָס אײַרעס, יולי 20, 1941.



## מאַרק שווייד

# דער אינטעליגענט פֿון פּאַרוואָרפֿענעם ווינקל

פּרץ הירשביין איז אַ זוניקער מענטש. דערמאָנט אַ ביסל אָן אַ בוים, וואָס שטייט אָפּגעזונדערט פֿון זײַן אייגענעם וואַלד. זכרונות וואָס פֿרײַנט האָבן וועגן אים זײַנען געוויינלעך פֿאַרבונדן מיט אויפֿגייענדיקע טעג אין אונדזער לעבן און אין אונדזער ליטעראַטור. צוריק קוקנדיק איבער אַ שטרעק מיט יאָרן, ווערט ער נעענטער און ליבער.

אין דעם הויז פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור האָט זיך הירשביין גלײַך באַזעצט אין אַן אויבערשטן שטאָק. ער האָט געמישט רעאַ־ליזם און סימבאָליזם מיט זײַן שפּראַך־פּינזל. ווען ער האָט נאָך געקענט מיט רעכט זאָגן, אַז ער איז דער ערשטער וואָס שרײַבט אַזוי אויף ייִדיש. דערנאָך איז אים באַשערט געווען צו ברענגען דער ליטעראַטור אַ רײַכע און נוצלעכע מתּנה — די פֿאָלקס־

קאָמעדיע. הײַנט האָט ער אַ רײַכע פֿאַרגאַנגנהייט הינטער זיך, און אַלץ וואָס מיר קענען זיך דערמאָנען וועגן אים קען באַרעכטיקן דעם חשובֿן פּלאַץ וואָס ער פֿאַרנעמט און באַלײַכטן זײַן צוקונפֿט.

דערפֿאַר ווײַל איך גלייב, אַז קינסטלער ווערן צײַטיקער מיט די יאָרן, וויל איך מיך דערמאָנען, וואָס עס האָט הירשביינען געמאַכט פֿאַר אַ באַליבטן שריפֿטשטעלער. דאָס וואָס מאַכט אַ שריפֿטשטעלער באַליבט לעגט אויף אים אַרויף פֿליכטן און ברענגט איבּ מעגלעכקייטן. פּרץ הירשביין קען נאָך לאַנגע יאָרן זײַן באַליבט.

עס איז געווען אַ געוויינלעכע זאַך צו רעדן וועגן הירשביינען ווי וועגן דעם ייִדישן מעטערלינק. זײַנע ערשטע אייַנאַקטערס מיט דעם אויבערטאָן פֿון סימבאָליזם האָבן דעם פֿאַרגלײַך באַ־רעכטיקט. די באַצייכנונג האָט געהאַט אין זיך אַזוי פֿיל מיס־טעריע ווי די פֿאָרם. עס איז געווען יעמאָלט פֿאַרנעם און גע־וואָגטקייט אין דעם ווונטש צו זײַן נעפּלדיק, רמזדיק. נישט נאָר נישט גיין אין די שריט פֿון מענדעלען און פֿון שלום־עליכמען, נאָר אַפֿילו פּרוּוון איבערשטײַגן אין נישט דערזאָגטקייט פּרצן.

הירשביין האָט געוואַגט און געזיגט. אָבער בלויז אויף אַ ווײַל. ווי האָט דאָס געקענט אַנדערש זײַן, ווען די גאַנצע שול און סטיל זײַנען געווען פֿאַרגענגלעך. אַנדרעיעוו, מעטערלינק, די סקאַנדינאַװיער — אַן אָנהויב פֿון יענער - וועלטיקייט האָט אויף עטלעכע יאָר אַ בלאָז געטאָן דעם שטויב פֿון מיסטעריע אויף דער וועלט־ליטעראַטור, און דאָס כּישוף־זאַמד האָט אויף אַ ווײַל געבלישטשעט אויך אין דער ייִדישער ליטעראַטור, דורך הירשביינען. אָבער דער שטויב פֿון „פֿינטעלעך" איז געפֿאַלן אויף אַ פֿאָלקס־מענטשן, וועלכער האָט אין גרונט גענומען געזען און ליב געהאַט די פּשוטע מענטשן פֿון זײַן סבֿיבֿה, און זײַן באַציִונג צו זיי איז געווען אַן עמאָציאָנעלע. ער האָט געהאַט צו זיי רחמנות און ליבשאַפֿט. ער האָט געקענט זייער געלעכטער און דרוק פֿון אויבערטענער, האָט ער אָנגעהויבן צו שרײַבן וועגן זיי אין זייער אייגענעם לשון פֿון היימישער ערד.

דער אינטעליגענט האָט אַנטדעקט דאָס פּאַרוואָרפּענע ווינקל.

זײַן רעפּוטאַציע פֿון אַ דראַמאַטורג און אַן אויפֿטוער אין יִדישן טעאַטער איז שוין געווען אויפֿגעגאַנגען, ווען איך האָב הירשביינען צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין וואַרשע בײַ דינעזאָנען אין שטוב.

עס איז געווען אַן עקזעקוטיוו פֿאַרזאַמלונג פֿון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפֿט. פּרץ, דינעזאָן, נאָמבערג, לעשטשינסקי, מייער און ד״ר מוקדוני זײַנען אַלע געזעסן אין דעם שאָטן פֿונעם לאָמפּ מיטן גרינעם אַבאַזשור. הירשביין איז נאָר וואָס געקומען צופֿאָרן. ער איז געקומען זיך באַקלאָגן און מאָנען. הינטער דינעזאָנען, אויף דער וואַנט, איז געהאַנגען הירשביינס אַ גרויסע פֿאָטאָגראַפֿיע, און ער אַליין איז געזעסן אויף דער קאַנאַפּע אַ מידער און געטענהט צו אַלעמען, אַז ער קען מער נישט אָפּגעבן אַזוי פֿיל צײַט און מי דער טרופּע, וועלכע פֿאָרט אַרום איבער רוסלאַנד און פֿאַרשפּרייט דאָס קינסטלערישע וואָרט אויף יִדיש. זאָלן אַנדערע, האָט ער געטענהט, זאָל אַש, איבערנעמען די ווײַטערדיקע אַרבעט. ער אַליין וויל אָפּגעבן מער צײַט אויף זיך, אויף שרײַבן. עס איז אַ פֿליכט אָנצווגיין מיט דער אַרבעט פֿון דעם בעסערן טעאַטער, און זאָל יעדער אָפּגעבן אַ ביסל צײַט צו דעם.

דער סוף איז באַקאַנט. ווען הירשביין איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער הירשביין טרופּע, האָט קיינער מער די אַרבעט נישט איבערגענומען. דער פּיאָנערישער קינסטלערישער טעאַטער איז געוואָרן אַ קאַפּיטל געשיכטע.

זומער 1911 האָב איך באַגעגנט הירשביינען אין ווין. ער איז געווען אויפֿן וועג קיין אַמעריקע, האָפֿערדיק און גלויביק, אַז דאָרט וועט זיך לאָזן עפּעס אויפֿבויען אויפֿן געביט פֿון בעסערן טעאַטער. ווען איך האָב גאַסטראָלירט אין דעם סטעפּאַניע־טעאַטער אין דער „נבֿלה״, איז שוין הירשביין געווען אויף דער שיף. יעקבֿ גאָרדינס טויט איז נאָך געווען פֿריש בײַ אַלעמען אין זכּרון. עס איז געווען קלאָר, אַז דער פּולס פֿון יִדישן טעאַטער אין דער גאָלדענער מדינה האָט נאָך געקלאַפּט נאָרמאַל. גרויסע

טעאַטערס, טאַלאַנטפֿולע אַקטיאָרן, אַ דאַנקבאַרער עולם — דאָס אַלץ האָט געלאָקט און געגעבן האָפֿענונג, אַז אַ דראַמאַטורג וואָס וועט „ברענגען אַ געטרײַע אָפּשפּיגלונג פֿון ייִדישן לעבן אויף דער בינע, האָט גוטע אויסזיכטן צו ווערן דערפֿאָלגרײַך.

אין מיטן ווינטער, ווען איך בין אָנגעקומען אַהער, האָב איך געטראָפֿן הירשביינען אַנטוישט פֿון דער טעאַטער־אַטמאָספֿערע, וואָס ער האָט דאָ באַגעגנט, דאָך גלויבנדיק, אַז דאָס מאַכט בלויז זײַן אַרבעט שווערער, אָבער אַז עס וועט אים דאָך געלינגען דורכצוברעכן אַ וועג צום ייִדישן טעאַטער־גייער. אַ קינסטלער ווי רודאָלף שילדקרויט איז נאָר וואָס אַריבערגעקומען פֿון דער דײַטשער אויף דער ייִדישער בינע. ער וועט מוזן האָבן ספּעציעל ייִדישע פּיעסן און ראָלן. דער דראַמאַטישער קרײַז פֿון „פּראָגרע־סיוו דראַמאַטיק קלוב", אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון יואל ענטין, האַלט הויך די פֿאָן פֿון דעם בעסערן טעאַטער און פֿירט אויף הירשביינס נײַע פּיעסן.

מיט דער אויסזיכט צו שאַפֿן פֿאַר זיך פּראַקטישע פֿאַרבינדונ־גען אין טעאַטער, האָט זיך הירשביין דערווײַל באַקאַנט און דער־נענטערט מיט טאָמאַשעווסקין. דער פּאָפּולערער סטאַר האָט יע־מאָלט קאָנטראָלירט דעם „פּיפּלס טעאַטער", האָט געהאַט אַן ערשט־קלאַסיקע טרופּע אַקטיאָרן, צווישן וועלכע עס זײַנען געווען שילד־קרויט, בלאַנק, סעם שניאור, און ווען נויטיק מאָגולעסקאָ.

הירשביין האָט יעמאָלט באַשלאָסן צו מאַכן די נויטיקע אָנ־שטרענגונג, און ער האָט אָנגעשריבן פֿאַר טאָמאַשעווסקין „די פּוסטע קרעטשמע".

אָבער די דראַמע איז געקומען פֿאַר דער צײַט. אין איר געטרײַען רעאַליזם און פּאָעזיע איז די זאַך געווען צו ווײַט פֿאַרויס פֿון גאָרדינען. דאָס טעאַטער האָט נאָך יעמאָלט געקענט אַ געוויסע צײַט לעבן מיט דעם גאָרדין רעפּערטואַר, אָדער עס איז געווען געניגט צוריקצופֿאַלן צום לאַטיינער און פּראָפֿעסאָר הורוויץ שונד, וואָס האָט אַלע מאָל געהאַט די מעלה פֿון שפּײַזן די אַקטיאָרן מיט „פֿעטע" ראָלן.

די אָנשטרענגונג האָט הירשביינען געבראַכט בלויז אַנטוישונג.

„די פוסטע קרעטשמע״, אַזוי גוט ווי די פֿריערדיקע פּיעסן הירש־ביינס איז געוואָרן אַ „ליטעראַרישע״ דראַמע פּאַסיק געדרוקט צו ווערן אין אַ בוך אָבער פֿאַר אַן אויפֿפֿירונג האָט מען געצויגן די אַקסלען. דער שפּעטערדיקער דערפֿאָלג פֿון דער „פּוסטער קרעטשמע״ אויף די מערסטע ייִדישע בינעס פֿון דער וועלט איז אונדז באַקאַנט.

דער „פּראָגרעסיוו דראַמאַטיק קלאָב״ אויף אָרטשאַרד סטריט האָט יעמאָלט אין דעם פּראָפֿעסיאָנעלן טעאַטער נישט געהאַט קיין שום קאָנקורענץ. און דער קליינער טעאַטער־זאַל אויף די סקריפּענדיקע טרעפּ איז געווען דער מקום מקלט פֿאַר דעם מאָדערנעם ייִדישן וואָרט אין טעאַטער. דאָרט איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן כּמעט אַלץ וואָס הירשביין האָט אָנגעשריבן אין דראַמאַטישער פֿאָרם ביז יעמאָלט.

דאָס בעסטע וואָס דאָס ייִדישע טעאַטער האָט יעמאָלט פֿאַרמאָגט איז געווען דער ריזיקער עולם, וואָס האָט ליב געהאַט זײַנע שוישפּילער און האָט אומאויפֿהערלעך געדורשט נאָך נײַע אויפֿפֿירונגען. מיטן אָנקומען פֿון דער מלחמה איז דער געלויף אין טעאַטער געוואָרן נאָך שטאַרקער. געלט איז געווען וואָלוול און מען האָט געזוכט פֿאַרווײַלונג.

די בעסטע אויסזיכטן אויפֿצופֿירן אַ דראַמע זײַנען געווען בײַ דוד קעסלערן. יעקבֿ אַדלער האָט נאָך זעלטן ווען געשפּילט. טאָמאַשעוסקי איז געווען דער געשוווירענער פּריסטער פֿון לאַטיינערישער קונסט, און בלויז פֿון צײַט צו צײַט האָט ער זיך פֿאַרגונען צו געבן אַן איינצעלנע פֿאָרשטעלונג פֿון אַ גאָרדין פּיעסע פֿון זײַן אַלטן רעפּערטואַר.

קעסלער אַלס שוישפּילער איז געווען אַזוי אָנגעסטראָיעט, אַז אין אַ בעסערער פּיעסע, מיט אַ בעסערער ראָלע, האָט ער זיך געגעבן אינגאַנצן, זײַן גאַנצע אינערלעכקייט, אַלץ וואָס האָט געברויזט אין אים און געוואָלט קומען צום אויסדרוק. פֿון אַ שונד־פּיעסע, אַפֿילו ווען ער האָט געשפּילט די עפֿעקטפֿולסטע ראָלע אין איר, האָט ער חוזק געמאַכט.

אין דער באַשיידענער שאַפֿקע מיט צופֿעליקע ביכער, מערסטנס

דײַטשע וואָס איז געשטאַנען אין דעם ייִדישן אַקטיאָרן קלוב, זײַנען פֿון אַ יאָר צוויי געשטאַנען די אָפּגעדרוקטע פּיעסן פֿון פּרץ הירשביין. אין אַ האַרבסטיקן טאָג, ווען קעסלער האָט זיך איין מאָל באַקלאָגט פֿאַר מיר אויף דעם שרעקלעכן מאַנגל אין פּיעסן, אַז ער איז געצוווּנגען צו שפּילן דעם ערגסטן שונד נאָר דערפֿאַר ווײַל ער האָט נישט עפּעס בעסערס, האָב איך אים געבעטן אַרויפֿגיין מיט מיר אין אַקטיאָרן קלוב, ווו איך האָב אַרויסגענומען אַ באַנד הירשביין, האָב זיך פֿאַרמאַכט מיט קעסלערן אין אַ באַזונדער צימער און האָב אים פֿאָרגעלייענט „דעם שמידס טעכטער." די זאַך האָט אויף אים געמאַכט אַן איינדרוק. זי האָט אַפּעלירט צו דעם בעסערן חוש פֿאַר רעאַליטעט, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט. ער איז געווען גרייט די זאַך אויפֿצופֿירן. נאָר צוויי געטרײַע מענטשן, אַקטיאָרן, האָבן אים איבערצײַגט, אַז דאָס איז ליטעראַטור און דערפֿאַר איז עס נאָר פּאַסיק פֿאַר דער ביכער־שאַפֿקע און אפֿשר פֿאַר „עמעטשורס." די פּיעסע וואָס איז גלײַך אויפֿגעפֿירט געוואָרן איז געווען פֿון שיינע רחל סימקאָף.

איך קען מיך נישט באַפֿרײַען פֿון דעם געפֿיל, אַז ווען קעסלער וואָלט דער ערשטער אויפֿגעפֿירט הירשביינס אַ פּיעסע, וואָלט יעמאָלט דאָס גאַנצע ייִדישע טעאַטער אויפֿגעלעבט, און די הירשביין עפּאָכע וואָלט געווען נישט ווייניקער רײַך און פֿרוכטבאַר ווי די גאָרדין עפּאָכע. דער מאַרק אויף פּיעסן איז יעמאָלט געווען אַ גרויסער. מען האָט אומעטום געזוכט וואָס צו שפּילן. עס איז געווען אַן עולם, עס זײַנען געווען טעאַטערס, עס איז נאָר נויטיק געווען, אַז איינער זאָל האָבן דערפֿאָלג מיט אַ נײַעם סאָרט פּיעסע, און אַלע וואָלטן נאָכגעגאַנגען אין יענעמס שריט, ווײַל אין טעאַטער גייט דאָך אַלץ אין כוואַליעס.

דער אויפֿגאַנג פֿון פּרץ הירשביינען אין אַמעריקאַניש ייִדישן טעאַטער איז געקומען ערשט אין „אוירווינג פּלייס טעאַטער", נאָכדעם ווי אַ דערעפֿנונג פֿון דעם נײַ־געגרינדעטן טעאַטער מיט ליבינס „דער מענטש און זײַן שאָטן" האָט באַוויזן אַז דער נײַער עולם וויל נײַע דראַמאַטורגן.

הירשביינס אָרט אין טעאַטער פֿון יעמאָלט אָן איז שוין מער ווי איין מאָל געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן. עס איז קלאָר, אַז פֿון די צוויי סטילן, אין וועלכע הירשביין האָט שטענדיק געשאַפֿן פֿאַרן טעאַטער — אין סטיל פֿון פֿאָלקסטימלעכקייט און אין סטיל פֿון סימבאָל — איז דער ערשטער געווען דער וואָס האָט אים קלאָר אָנגעוויזן זײַן וועג און צוקונפֿט אין טעאַטער.

זײַנע פֿאָלקסטימלעכע פּיעסן האָבן הירשביינען באַליבט געמאַכט בײַם ייִדישן טעאַטער־גייער, און ער וואָלט קיין מאָל נישט מיד געוואָרן צו זען די אידילישע טיפּן פֿון „גרינע פֿעלדער" און „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל". אָבער הירשביין קען זיך קיין מאָל נישט באַפֿרײַען פֿון דער אידעען־וועלט וועלכע ער ברענגט אַרײַן אין זײַנע דראַמאַטישע ווערק, אָבער וועלכע דערגרייכן קיין מאָל נישט די ברעטער פֿון דער בינע.

הירשביין האָט זײַן פּען קיין מאָל נישט איבערגעגעבן אונדזער אַמעריקאַנישן רעאַליזם. דאָס איז געווען זײַן פּריווילעגיע און זײַן טעות. זײַנע פֿאָלקסטימלעכע פּיעסן האָבן אַלע דיסטאַנץ פֿון אָרט און צײַט. רעאַליזם פֿון הײַנט און דאָ איז צו רוי פֿאַר זײַן געמיט. אַלס דיכטער ציט ער פֿאַר דאָס בוך צו דער בינע. אָבער עס איז נאָך איצט נישט צו שפּעט אַרויסצונעמען די אַלטע אינ־סטרומענטן פֿון דיאַלאָג און שרײַבן די ייִדישע דראַמע פֿון הײַנט.

## לודוויג זאַץ

# דער זיידע פון יידישן קונסט־טעאַטער



דער זיידע פון „פאַרוואָרפן ווינקל“ געצייכנט און געשפילט פון לודוויג זאַץ

פרץ הירשביין 60 יאָר יונג . . . אַיי, אַיי, אַיי, אַיי . . . ווען איך זאָל האָבן כוח וואָלט איך אַ געשריי געטאָן צו דער צײַט:

— וואַרט! וואַרט, פֿאָטער־צײַט, לויף ניט, שטעל זיך אָפּ, נעם אונדז צוריק כאָטש 25 יאָר, — מיר דאַרפֿן נאָך בויען! . . .

ניין . . . מען קען פרץ הירשביינען ניט מאַכן אַזוי גיך אַלט. פרץ הירשביין טאָר נאָך ניט זײַן קיין זיידע!

ער האָט געשאַפֿן זיידעס . . . גראָבע זיידעס, זײַדענע זיידעס, בייזע און גוטינקע זיידעס . . . און אויף מיר איז אויסגעפֿאַלן דער גורל, אַז איך זאָל שפּילן זײַנע זיידעס. וואָס, זאָג איך, שפּילן? — איך האָב דײַנע זיידעס, פרץ הירשביין, קיין מאָל ניט געשפּילט . . . איך האָב זיי געלעבט.

כ׳האָב ביז יעמאָלט שוין געהאַט געשפּילט אַ סך זיידעס, אָבער קיין זיידע איז מיר ניט געווען אַזוי נאָענט און ליב ווי

דײַן זיידע פֿון „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל״, ווײַל דאָס איז ניט געווען בלויז מײַן זיידע, דאָס איז אויך געווען זײַן זיידע, איר זיידע דײַן זיידע און זייער זיידע . . . דעריבער האָב איך דורך דיר, פּרץ הירשביין, אויסגעלעבט אַלע זיידעס פֿון דער גאַנצער וועלט...
און דײַן זיידע וועט דעריבער קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן ווערן.

אין אַלע אַנדערע זיידעס האָב איך געפֿונען בלויז ביינער, אַפּט פֿאַרפֿוילטע ביינער, און איך האָב פֿון זיי ערשט באַדאַרפֿט מאַכן אַ לעבעדיקן „זיידן״ . . .

דײַן זיידע אָבער איז געווען אַ פֿולבלוטיקער, אַ געזונטער, מיט פֿלייש און בלוט . . . מיט כּעס און ווייטיק, מיט מוט צו בויען ווײַטער און מיט רעזיגנאַציע צו גיין צוריק אויפֿן בית־עולם . . .

דײַן זיידן האָב איך ניט באַדאַרפֿט שפּילן, ס׳האָט זיך אַליין אַרויסגעשפּילט . . . אין דײַן זיידן האָב איך בלויז געדאַרפֿט אַרײַנ„זאָגן״ אַ שטיקל נשמה און ער האָט געלעבט . . .

אַיי, אַיי, אַיי . . . ווי שנעל עס איז פֿאַרפֿלויגן.

פּרץ הירשביין אַ זיידע . . . דײַנע פּיעסן זײַנען דײַנע קינדער און קינדס־קינדער און קינדס־קינדס־קינדער, וואָס וועלן לעבן אייביק, אַזוי לאַנג ווי דאָס יידישע וואָרט וועט לעבן.

מילא, שפּילן קען איך ניט, אָבער פֿאַרשטיין — פֿאַרשטיי איך דאָך . . . ווייסן — ווייס איך דאָך יאָ, אַז דו האָסט דעם יידישן טעאַטער אין אונדזער עפּאָכע געגעבן דעם שטויס פֿאָרויס . . . הם ? . . .

טאָ זײַ געזונט, דו אַלטער, יונגער זיידע, און רעזיגניר ניט ווי איך, דײַן זיידע, בײַם „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל״ אין לעצטן אַקט, וואָס זאָגט : „זאָל מען די קינדער אַרײַנזעצן אין דער מיל און מיר וועלן צוריק גיין אויף דעם בית־עולם״, נאָר שרײַ ווי דו האָסט געשריען אין די ערשטע אַקטן : „מיר וועלן בויען . . . מיר וועלן בויען . . . מיר וועלן נאָך בויען״ . . .

דער זיידע טודרוס פֿון „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל״ אין וועמענס נשמה עס ליגט

לודוויג זאַץ.

מישאַ פישזאָן

# אַ דאַנק איַיך, פּרץ הירשביין!

ניט אָפט קומט אויס אַ ייִדישן שוישפּילער צו קומען אין נאָענטער באַרירונג מיט די דראַמאַטורגן, וועמעס ווערק זיי שפּילן; דער ייִדישער שוישפּילער האָט כמעט קיינמאָל נישט די מעגלעכקייט צו זאָגן דעם ייִדישן דראַמאַטורג, וואָסער שייכות זיי האָבן איינער צום צווייטן און ווי אַזוי דער דראַמע־שרײַבער האָט אים, דעם שוישפּילער, באַאיינפלוסט און באַווירקט.

אָט פאַרוואָס איך בין אַזוי דאַנקבאַר דעם צופאַל, וואָס גיט מיר אַ מעגלעכקייט צו דאַנקען און צו זאָגן פּרץ הירשביינען, איינעם פון מײַנע באַליבטסטע דראַמאַטורגן, ווי הויך איך שאַץ אָפּ די גרויסע און טיפע טעאַטראַלע ווירקונג, וואָס ער האָט אויף מיר געהאַט מיט זײַנע פּיעסן און ווי פּרוכטבאַר ער האָט באַאײַנפלוסט מײַן שוישפּילעריש לעבן.

און איך שאַץ אים הויך ניט נאָר דערפאַר, וואָס די פּערזאָנען אין די פּיעסן, וואָס ער האָט געשריבן און מיר האָבן געשפּילט זײַנען לעבעדיקע און טעמפּעראַמענטפולע, נאָר אויך דערפאַר, וואָס פּרץ הירשביין איז געווען דער ערשטער שריפטשטעלער, וואָס איז אַרײַן אין אונדזער אַרטיסטן־משפּחה. ער איז געווען דער ערשטער דראַמאַטורג, וואָס האָט אַליין געבויט דעם בעסערן, דעם מאָדערנעם ייִדישן טעאַטער.

אָט זע איך פאַר מײַנע אויגן דעם טעאַטער „האַרמאָניאַ" אין אָדעס, ווו מע שפּילט „די נבֿלה" אונטער דער אָנפירערשאַפט פון פּרץ הירשביין, דעם מחבר פון דער פּיעסע און דירעקטאָר פון דער טרופּע. דאָס איז געווען, אויב איך מאַך קיין טעות ניט,

אין יאָר 1909, אין אַלטן צאַרישן רוסלאַנד. איך בין אַרויס פֿון טעאַטער נאָך דער פֿאָרשטעלונג מיט דאַנקבאַרקייט און דרך־ארץ צו הירשביין דעם שרײַבער און הירשביין דעם טעאַטער דירעקטאָר.

און אַט איז 1919. ווידער אין אָדעס, אין באַפֿרייטן רוסלאַנד. אין דעם ערשטן ייִדישן מלוכה־טעאַטער.

די ערשטע פֿאָרשטעלונג פֿון דעם ערשטן ייִדישן מלוכה־טעאַטער איז — פּרץ הירשביינס „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל".

דעם אָוונט וועל איך קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן. נאַכט נאָך נאַכט האָט געהילכט דאָס האַרציקע געלעכטער פֿון דעם באַגײַסטערטן עולם, וואָס האָט אָנגעפֿילט דאָס טעאַטער. אַ געלעכטער, וואָס איז געקומען ספּאָנטאַן, אַ דאַנק די לעבעדיקע דיאַלאָגן פֿון דער פּיעסע און די נאַטירלעכע סיטואַציעס.

פּרץ הירשביין איז תּמיד געווען ניט נאָר דער מחבר פֿון דער דראַמע, נאָר אויך דער שאַפֿער פֿון דער פֿאָרשטעלונג. ער האָט אין אַ פֿאָרשטעלונג אַרײַנגעלייגט אַ גרויסן טייל פֿון זײַן צאַרטער, אַרטיסטישער נשמה.

איצט, צו דער געלעגנהייט פֿון זײַן זעכציקסטן געבוירנטאָג, בין איך גליקלעך, וואָס איך קען זאָגן:

— פּרץ הירשביין, ס'איז ניט 60 יאָר, ס'איז נעכטן, ס'איז הײַנט און דער אייביקער מאָרגן; יאָרן שפּילן דאָ קײַן שום ראָלע ניט; אײַערע פֿאַרשוינען און טיפּן וועלן לעבן אַזוי לאַנג ווי דאָס ייִדישע פֿאָלק וועט לעבן. דער אמת לעבט אייביק.

איך געדענק ניט ווער עס האָט זיך באַטייליקט אין דער הירשביין פֿאָרשטעלונג, וואָס איך האָב געזען אין יאָר 1909, איך געדענק אָבער זייער גענוי ווער עס האָט געשפּילט אין „פֿאַרוואָרפֿן ווינקל" אין יאָר 1919, אין דער ערשטער פֿאָרשטעלונג פֿון ייִדישן מלוכה־טעאַטער, — אַ פֿאָרשטעלונג, וואָס איז געווען אַ כּבֿוד פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק, פֿאַרן מחבר, פֿאַרן ייִדישן אַרטיסט און פֿאַר מיר בתוכם.

אָט איז דער פּראָגראַם:

## פ אַ ר וו אַ ר פֿ ן וו י נ ק ל

### פֿון פּרץ הירשביין

| | |
|---|---|
| נאָטע קברן | א. סיגאַלעסקאַ |
| קריינע, זיַין וויַיב | ר. איריס |
| טאָדרעס, זיַין פֿאָטער | ש. איריס |
| צירעלע, זיַין טאָכטער | מ. קאַרק |
| חיים הערש, אַ מילנער | מישא פֿישזאָן |
| קריַיסל, זיַין וויַיב | נאָוואָגרעבעלסקאַיאַ |
| נח | א. פֿעניגשטיין |
| חיה | ס. בערטאָנאָוו |
| דאָבע | ווערא זאַסלאַווסקאַיאַ |
| חצקל (זייערע קינדער) | ה. פֿעניגשטיין |

פֿאַרוואַלטער פֿון יעווסעקציע — שכנא עפּשטיין

רעזשיסאָרן: בערטאָנאָוו און מישא פֿישזאָן

ווינטש איך איַיך, טיַיערער הירשביין, אַריכות ימים ושנים און וויַיטערדיקע שעפֿערישע טעטיקייט עד מאה ועשרים שנה. אָמן.

י. ברעסלער

# פּרץ הירשביין און זײַן פילם „גרינע פעלדער"

נישט מער ווי מיט איין סעט דעקאָראַציעס און איין פערד, איז געשאַפן געוואָרן דער גרויסאַרטיקער יידישער פילם פון פּרץ הירשביינס „גרינע פעלדער".

„מילא דעם סעט וועט איר פאָטאָגראַפירן פון פאַרשידענע זײַטן און ווינקלען, אָבער וואָס וועט איר טאָן מיט איין פערד? פון וואָס פאַר אַ זײַט איר וועט דעם פערד נישט פאָטאָגראַפירן, וועט איר דעם פערד דערקענען", — האָט הירשביין געטענהט און געבעטן, אַז פערד כאָטש זאָל מען אים געבן צוויי.

הירשביינס טענות האָבן נישט געהאָלפן. מער ווי איין פערד האָט מען נישט געקראָגן. די באַלעבאַטים האָבן געדונגען גאַנצע דרײַ ציגן, צוויי קאַטשקעס, פיר הינער און אַ קאַץ, — איז שוין נישט געבליבן מער קיין געלט אויף צו דינגען נאָך אַ פערד.

מיט אַזעלכע אָרימע פינאַנציעלע מיטלען איז געשאַפן געוואָרן דער פײַנער יידישער פילם, וועלכער האָט געמאַכט אַזאַ גרויסן רושם אויף דער יידישער גאַס און די פילם-קריטיקער פון דער נישט-יידישער וועלט האָבן זיך פון דעם פילם גאַרנישט געקענט גענוג אָנלויבן. פון דעם גרויסן יידישן עולם איז דאָך שוין אָפּ־גערעדט.

איבער אַכט וואָכן איז דער פילם „גרינע פעלדער" געוויזן געוואָרן אויף בראָדוויי, און ווען ער איז נאָכהער געוויזן געוואָרן אין די גרויסע לאָוס טעאַטערס אין ברוקלין און אין די בראָנקס, האָט מען געמוזט רופן פּאָליציי אָרדענונג צו האַלטן, — אַזוי פיל מענטשן זײַנען אים געקומען זען.

יידן, וואָס האָבן ביז די „גרינע פעלדער" געפונען פאַר אויסער

זייער ווירדע צו גיין זען אַ יידיש פילם, זײַנען דעם פילם יאָ געקומען זען. יידן זײַנען געקומען זען דעם פילם עטלעכע מאָל. אַמעריקאַניזירטע יידן, וואָס באַנוצן גאָר נישט קיין יידיש, זײַנען דעם פילם „גרינע פעלדער" געקומען זען; און אין קרײַזן ווו די באַציִונג צו יידיש אַלס אַ שפּראַך איז אַ גאַנץ קאַלטע, איז דער יידישער פילם „גרינע פעלדער" בפירוש געוויזן געוואָרן. אויך זײַנען דעם פילם געקומען זען אַ גרויסע צאָל פון דער אַמעריקאַנער יידישער יוגנט.

ווער און וואָס האָבן באמת געמאַכט דעם פילם „גרינע פעל־דער" אַזוי גוט און גרויס, אַז דער גרויסער עולם זאָל פון אים אַזוי הנאָה האָבן?

נאַטירלעך מוז קרעדיט געגעבן ווערן די דירעקטאָרן און אַקטיאָרן, וואָס האָבן דעם פילם געשאַפן, אָבער דער וויכטיקסטער כוח פון אַלע איז פרץ הירשביין אַליין.

הירשביין האָט דעם פילם זײַנעם געגעבן נישט נאָר דעם אינהאַלט און שיינעם דיאַלאָג, נאָר עפּעס מער.

רעדט זיך דורך מיט דעם יונגן דירעקטאָר פון דעם פילם — עדגאַר אולמער, וועט איר הערן מיט וואָס פאַר אַ באַגײַסטערונג ער רעדט נאָך אַפילו הײַנט צו טאָג פון די צײַטן פון די „גרינע פעלדער". מ"ר אולמער איז שוין איצט אַ פילם־דירעקטאָר בײַ דער פאַראַמאַונט אין האָליווּד, דאָך איז ער גרייט צו יעדער צײַט צו מאַכן נאָך אַ מאָל אַ פילם ווי „גרינע פעלדער".

אַזאַ באַגײַסטערונג פאַר די „גרינע פעלדער" און זײַן מחבר פרץ הירשביין, האָט מען געטראָפן נישט נאָר בײַ די דירעקטאָרן, נאָר אויך בײַ אַלע אַקטיאָרן און אַלע אַרבעטער, וואָס זײַנען געווען פאַרבונדן מיטן שאַפן פון דעם הירשביין פילם. די באַגײַסטערונג האָט אינספּירירט פרץ הירשביין אַליין.

די גאַנצע צײַט וואָס דער פילם איז פאָטאָגראַפירט געוואָרן, איז הירשביין אַליין אויפן פעלד געווען. דעם האָט ער אַ מוטיק וואָרט געזאָגט, דאָ האָט ער אַ וויכטיקן סכסוך געשליכטעט. אויף זײַן קלוגן, שטילן וועג האָט ער פּאַקטיש באַוויזן אויף אַלץ אַכטונג צו געבן און קיינער האָט וועגן דעם נישט געוווּסט.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז פֿון גרויס ביז קליין, יעדער איינער האָט זײַן אַרבעט געטאָן מיט האַרץ און נשמה. מענטשן האָבן געטאָן אַרבעט פֿאַר וועלכער זיי האָבן נישט דערוואַרט קיין געצאָלט. אַפֿילו שטרענגע יוניאָן־לײַט, האָבן אַ סך זאַכן פֿאַרקוקט. דורך אַזאַ מין אַרבעט איז נאַטירלעך אַרויסגעקומען, אַז מיט זייער ווייניק געלט, האָט מען געשאַפֿן זייער אַ טײַערן פֿילם.

דער פֿילם האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ פֿינאַנציעלן דערפֿאָלג. עס איז כמעט נישטאָ קיין שטאָט און שטעטעלע אין אַמעריקע און קאַנאַדע, ווו עס געפֿינען זיך נאָר ייִדן, ווו דער פֿילם „גרינע פֿעלדער" איז נישט געוויזן געוואָרן. אויך איז דער פֿילם פֿאַרקויפֿט געוואָרן קיין פֿראַנקרײַך, פּוילן, סאַוט אַמעריקע, אַפֿריקע און אַפֿילו די קליינע ליטע און לאַטוויע, האָבן געצאָלט מיט אַמעריקאַנער דאָלאַרן און דעם פֿילם געקויפֿט.

האָט מען טאַקע גערעדט אין יענע צײַטן, אַז פּרץ הירשביין ווערט פֿון דעם פֿילם נתעשר: 25 טויזנט דאָלאַר האָט הירשביין געקראָגן נאָר פֿאַר די רעכט פֿון מאַכן אַ פֿילם פֿון זײַנע „גרינע פֿעלדער", אַחוץ, נאַטירלעך, פּראָצענטן; דאָס זײַנען געווען קלאַנגען, וואָס די באַלעבאַטים פֿון פֿילם האָבן אַליין פֿאַרשפּרייט.

דאָס דערמאָנט מיך טאַקע אָן די בריוו, וואָס די הירשביינס האָבן יעמאָלט אָנגעהייבן צו קריגן: — „אַז דער רבונו של עולם האָט אײַך יאָ באַגליקט, טאָ וואָס שווײַגט איר? שיקט צו פֿאַר אונזער בית יתומים אין ארץ־ישׂראל אַ טויזנטער אָדער צוויי".
האָט עפּעס איינער אַ ייִד געשריבן.

אויף די הירשביינס איז דאָן באמת געווען אַ רחמנות. וועגן די ערשטע 25 אלפֿים ווייסן זיי אין גאַנצן נישט, און וואָס איז שײַך די פּראָצענטן, וואָלטן זיי אַ בעלן געווען צו געפֿינען דעם ריכטיקן קאָלעקטאָר, וואָס זאָל דאָס פֿאַר זיי קאָלעקטן. זיי זײַנען אין אַזעלכע זאַכן נישט געווען געניט . . .

די פֿינאַנציעלע זײַט פֿון די „גרינע פֿעלדער" איז געווען די איינציקע אָפּטיילונג, וועלכע פּרץ הירשביין האָט נישט געוווסט ווי אַזוי צו קאָנטראָלירן, און דערפֿאַר האָט עס טאַקע שלעכט געאַרבעט.

## לאַזאַר ווײַנער

# אַנעקדאָטן

I

נאָך איידער איך בין געקומען קיין אַמעריקע (1914), האָב איך שטענדיק געחלומט צו זוכה זײַן זיך צו טרעפֿן מיט די דרײַ יידישע שרײַבער: י. ל. פּרץ, שלום־עליכם און — אים צו לענגערע יאָר — מיט פּרץ הירשביין.

און געטראָפֿן הירשביינען האָב איך דאָ אין אַמעריקע, בײַ ד״ר קלינג אין הויז.

זײַן אײַנלאַדונג צו קומען צו זיי יעדער פֿרײַטיק אויף װעטשערע האָב איך מיט פֿרייד אָנגענומען. אין איינעם אַזאַ פֿרײַטיק האָט פּאַסירט דער אינצידענט. הירשביין האָט זיך ספּעציאַליזירט אין קאָכן זופּ. די פֿרויען, אסתּר סומיאַטשער און איר שוועסטער שרה, וועלכע איז געקומען צו זיי צוגאַסט פֿון קאַנאַדע, האָבן, ווײַזט אויס געהאַלטן, אַז הירשביין שיט ניט גענוג זאַלץ אין זופּ. האָט אָבער געטראָפֿן, אַז דאָס מאָל האָט הירשביין גראָד אַריינגעשאָטן זאַלץ מער ווי אַלע מאָל, און האָט וועגן דעם קיינעם ניט געזאָגט. אסתּר, די פּלוניתטע זײַנע, האָט אַרײַנגעכאַפּט און האָט אַרײַנגעשאָטן זאַלץ, אַז קיינער זאָל ניט זען. און איר שוועסטער שרה האָט אויך געטאָן דאָס זעלביקע. בײַנאַכט צו וועטשערע, איז חוץ אונדז אויך געווען דער פּאָעט נ. ב. מינקאָוו. די שטימונג איז געווען אַ געהייבענע. מע דערלאַנגט דעם באַרימטן זופּ.

נאָכן ערשטן זופּ, לייגט הירשביין אַוועק די לעפֿל. מינקאָוו האָט זיך פֿאַרהוסט . . . די פֿרויען האָבן עפּעס אַראָפּגעלאָזט די אויגן פֿאַרשעמט . . . ווען איך האָב געענדיקט עסן מײַן טעלער זופּ, זאָגט הירשביין:

— לאַזאַר ווײַנער, אויב איר האָט געקאָנט עסן אַזאַ זופּ, זײַט

